עריך מאַריאַ רעמאַרק

# אַפֿן מערבֿ־פֿראָנט איז רויִק

ייִדיש: מאַרק ראַזומני
"ביכער פֿאַר אַלעמען" ריגע 1929

דאָס בוך דאַרף ניט זײַן קיין אָנקלאָג און ניט קיין ווידוי,
עס וויל נאָר מאַכן דעם פּרוּוו צו דערציילן וועגן אַ דור,
וואָס איז חרובֿ געוואָרן דורכן קריג — אויב אַפֿילו ער
האָט זיך פֿון זײַנע קוילן געראַטעוועט.

1

מיר שטייען נײַן קילאָמעטער הינטערן פֿראָנט. נעכטן האָט מען אונז אָפּגעביטן; איצט האָבן מיר שוין אָנגעשטאָפּט אונזערע בייכער מיט ווײַסע בעבלעך און מיט רינדפֿלייש, און מיר זײַנען זאַט און אופֿגעלייגט. אַפֿילו אַף באַנאַכט האָט שוין אויך יעדער זיך צו געגרייט אַ פֿולע שיסל; אַחוץ דעם גיט מען נ אָך אַרויס טאָפּעלע פּאָרציעס ברויט און וווּרשט — אַ מחיה. אַזאַ מין פֿאַל איז שוין אַ לאַנגע צײַט ניט נע ווען: דער גראָבער קו כער מיט זײַן רויטן בוריקעס־פּנים וואַרפֿט ממש אָן דאָס עסן; ער פֿאָכעט מיט זײַן לעפֿל צו יעדערן, ווער עס גייט נאָר פֿאַרבײַ, און גיסט אים אָן אַ קעסל פֿול ווי אַן אויג. ער קאָן זיך פּשוט קיין עצה ניט געבן, ווי שוין גיכער אויסצוליידיקן די סאָלדאַטן־קיך. טיאַדען און מילער האָבן ערגעץ אויסגעגראָבן אַ פּאָר וואַש־שיסלעך און זיך געלאָזט אין זיי פֿול אײַנגיסן, כּדי זיך צוצוגרייטן אַף שפּעטער. טיאַדען טוט דאָס צוליב זײַן זולל־וסובֿאדיקייט, מילער צוליב אײַ נזעעניש. אָבער ס'איז אַ רעטעניש, ווו דאָס אַלץ טוט זיך אַהין בײַ טיאַדען. ער איז געווען און איז געבליבן אַן אויסגעדאַרטער הערינג.

דער עיקר איז אָבער , וואָס מיר האָבן אויך באַקומען טאָפּעלע רויכער־פּאָרציעס . פֿאַר יעדן צו צען ציגאַרן, צוואַנציק סיגאַרעטלעך און צוויי שטיקלעך ק ײַ־טאַבאַק; דאָס איז זייער לײַטיש . איך האָב קאַטשינסקי אויסגעביטן מײַן קײַ־טאַבאַק אַף סיגאַרעטן, אונ איצט האָב איך גאַנצע פֿערציק שטיק. דערמיט קאָן מען שוין אויסקומען אַ גאַנצן טאָג.

5

און על־פּי־דין קומט אונז גאָר אייגנטלעך ניט אָט דער גאַנצער יום־טובֿ. די פּרײַסן זײַנען גאָרניט אַזעלכע זײַדענע יונגע־לײַטלעך. מיר האָבן אַל צו פֿאַרדאַנקען נאָר אַ פּשוטן טעות.

פֿאַר צוויי וואָכן האָבן מיר געמוזט אַרויסגיין , כּדי אַנדערע אָפּצובײַטן . אין אונזער ראַיאָן איז געווען שטיל, און דעריבער האָט דער קאַפּטענאַרמוס צוגעגרייט פֿאַר אונזער צוריקקומען די געוויינלעכע פּאָרציע שפּײַז. אונזער ראָטע האָ ט געהאַט הונדערט־פֿופֿציק מאַן, אָבער די לעצטע טעג זײַנען אונז די ענגלענדער אַזוי דערגאַנגען ביזן לעבער מיטן זייערע האַרמאַטן, אַז מיר האָבן געהאַט גרויסע אַבֿידות [avéydes] און זײַנען געקומען צוריק נאָר מיט אַכציק מאַן.

אָנגעקומען זײַנען מיר באַנאַכט און מיר האָבן זיך תּיכּף אַהינגעוואַליעט, כּדי זיך אויסצושלאָפֿן ווי געהעריק; ווײַל קאַטשינסקי איז גערעכט: ס'וואָלט גאָרניט אַזוי שלעכט געווען אַף מלחמה, ווען מען וואָלט

נאָר קאָנען כאַפּן דעם אמתן דרעמל. דאָרטן, אַפּן פֿראָנט, קאָן מען דאָך אַפֿילו ניט טראַכטן וועגן דעם, און צוויי וואָכן צײַט ניט צוצומאַכן קיין אויג איז גאָרניט פֿון די גרינגע זאַכן.

מיטיק־צײַט ערשט זײַנען עטלעכע אונזעריקע אַרויסגעקראָכן פֿון די באַראַקעס. אין אַ ווײַלע אַרום האָט שוין יעדער געכאַפּט זײַן קעסעלע , און מיר זײַנען אַוועקן נאָך דער גולאַש־זופּ , וואָס האָט געריסן די נאָזלעכער מיט איר פֿעטן און געשמאַקן ריח. פֿאָרויס גייען , פֿאַרשטייט זיך , די הונגעריקסטע: דער קליינינקער אַלבערט קראָפּ , וועלכער האָט דעם קלאָרסטן מח צווישן אונז און דעריבער איז ער ערשט יעפֿרייטער; מילער דער 5-טער, וועלכער שלעפּט מיט זיך מיט זײַנע שול־ ספֿרים און חלומט נאָך וועגן אָפּגעבן עקזאַמען; אין רעכטן מיטן פֿײַער חזרט ער כּסדר פֿיזיק; – לעער, מיטן בכּבֿודיקן באָרד, וועלכער האָט באַזונדערש ליב מיידלעך פֿון אָפֿיצערישע בתּי־זונות [botej-zojnes]; ער פֿאַרזיכערט , אַז ס'איז פֿאַראַן אַ באַפֿעל פֿאַר יענע מיידלעך , זיי זאָלן טראָגן זײַדענע העמדער און זיך אָפּבאָדן פֿאַר יעדן גאַסט נידעריקער פֿון אַ הויפּטמאַן: – דער פֿערטער גיי איך, פּויל באָימער. אַלע פֿיר זײַנען מיר צו נײַנצן יאָר אַלט, אַלע פֿיר קומען מיר אין דער מלחמה פֿון דעם זעלביקן קלאַס.

האַרט הינטער אונז גייען אונזערע פֿרײַנט. דער דאַרער שלאָסער טיאַדען, אויך אַזוי אַלט, ווי מיר, דער גרעסטער פֿרעסער אין דער ראָטע . בעת ער זעצט זיך עסן , איז ער שלאַנק, און הייבן הייבט ער זיך אויף , גראָב ווי אַ מעוברתע לויז; – האַיע וועסטוס, אין דעם גלײַכן עלטער, אַ טאָרף־גרעבער, אַ חבֿרה־מאַן, וואָס קאָן ווי אַ גאָרנישט אַרײַננעמען אַ קאָמיסברויטל אין האַנט און פֿרעגן: אַנו , טרעפֿט, וואָס האַלט איך אין קולאַק? – דעטערינג, אַ פּויער, וואָס טראַכט נאָר וועגן זײַן הויפֿל און וועגן זײַן ווײַב: – און צום סוף סטאַניסלאַוו קאַטשינסקי, דער פֿירער פֿון אונזער גרופּע, אײַנגעשפּאַרט, כיטרע, דורכגעטריבן, פֿערציק יאָר אַלט, מיט אַ פּנים פֿון ערד־קאָליר, מיט בלאָע אויגן, אַראָפּהיינגעדיקע פּלייצעס און מיט אַ משונהדיק־פֿײַנעם שמעקער פֿאַר סכּנות, פֿאַר גוטע שפּײַז און פֿאַר שיינע נקבֿות.

אונזער גרופּע איז געשטאַנען בראש אין אָטשערעד צו דער פֿעלדקיך . מיר זײַנען שוין געוואָרן אומגעדולדיק, ווײַל דער נאַרישער קוכער האָט נאָך אַלץ אַף עפּעס געוואַרט. ביז קאַטשינסקי האָט אים געזאָגט: "נו, הײַנריך, עפֿן שוין דײַן זופּן-קרעמל! מ'זעט דאָך, אַז די בעבלעך זײַנען פֿאַרטיק."

דער קוכער האָט אַן אָפּגעלאָזענעם שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ: "קודם מוזט איר זיך אַלע צונויפֿקלײַבן".

טיאַדען האָט זיך קרום צעשמייכלט: "מיר זײַנען אַלע דאָ".

דער אונטער אָפֿיציר האָט נאָך נישט געמערקט . "געוויס, אַ שיינעם פּנים האָט איר ! ווו זײַנען דען די אַנדערע?"

"הײַנט וועסטו זיי שוין ניט קאָרמעווען! דער לאַזאַרעט און דער קבֿר "טוען דאָס".

דער קוכער איז ממש דערשלאָגן געוואָרן, ווען ער האָט אויסגעפֿרעגט אַלץ, וואָס ס'האָט פּאַסירט. ער האָט זיך געקווײַנקלט: "און איך האָב צוגעגרייט פֿאַר הונדערט־פֿופֿציק מאַן".

קראָפּ האָט אים אַ שטופּ געטאָן אין זײַט. "ווערן מיר סוף־כּל־סוף איינמאָל זיך זאַט אָנעסן. נו, הויב אָן!"

מיטאַמאָל האָט באַ טיאַדען אין קאָפּ עפּעס אױפֿגעבליצט . זײַן שפּיציקער מײַזישער פּנים האָט גענומען לויכטן, די אויגן זײַנען צוזאַמענגעצויגן געוואָרן פֿון כיטרעקײַט, אין די באַקן האָט אים עפּעס געצופּט , און ער איז צו נעענטער: "מענטש איינער, אויב אַזוי, האָסטו דאָך ברויט אויך באַקומען פֿאַר הונדערט־ פֿופֿציק מאַן, האַ?"

דער אונטער־אָפֿיציר האָט צעטומלט אַ שאָקל געטאָן אַף יאָ.

טיאַדען האָט אים אָנגעהאַפּט פֿאַרן רעקל. "און וווּרשט אויך?"

דאָס רויטע פּנים האָט ווײַטער צוגעשאָקלט.

באַ טיאַדען האָבן גענומען ציטערן די ציין אין מויל. "טאַבאַק אויך?"

"יאָ, אַלץ".

טיאַדען האָט זיך אומגעקוקט מיט אַ צעשטראַלט פּנים. "אָט דאָס הייסט האָבן מזל, צו אַל די רוחות! אויב אַזוי, איז דאָך דאָס אַלץ פֿאַר אונז! איטצט וועט דאָך יעדער באַקומען – וואַרט אַ ביסל – יאָ, פּונקט אַ טאָפּעלע פּאָרציע!"

איצט איז די בוריקע סוף־כּל־סוף געקומען צו זיך און געזאָגט: "ניין, דאָס וועט ניט גיין".

אָבער מיר זײַנען אויך געוואָרן לעבעדיקער און האָבן זיך נעענטער צוגערוקט.

"פֿאַרוואָס וועט דאָס ניט גיין, דו בוריקע איינע!" האָט קאַטשינסקי געפֿרעגט.

"וואָס ס'איז צוגערייט פֿאַר הונדערט־פֿופֿציק מאַן, קאָן מען דאָך ניט אַרויסגעבן פֿאַר אַכציק".

8

"דאָס וועלן מיר דיר שוין ווײַזן", האָט מילער געבורטשעט.

"דאָס עסן קאָנט איר פֿונמײַנטוועגן צונעמען , אָבער פּאָרציעס קאָן איך אַרויסגעבן ניט מער , ווי פֿאַר אַכציק מאַן", האָט זיך די בוריקע פֿאַרעקשנט.

קאַטשינסקי איז אין כּעס געוואָרן. "דו האָסט דאָך באַקומען פּראָוויאַנט ניט פֿאַר אַכציק מאַן , נאָר פֿאַר דער 2-טער ראָטע. און דאָס וועסטו אַרויסגעבן! די 2-טע ראָטע – דאָס זײַנען מיר".

מיר האָבן גענומען שטאַרק צושטיין. קיינער האָט אים ניט געקאָנט לײַדן , דעם חבֿרה־מאַן. עטלעכע מאָל האָבן מיר שוין צוליב אים באַקומען דאָס עסן אין די שוצגראָבנס צו שפּעט און קאַלט , דערפֿאַר, ווײַל ער האָט פּחד געהאַט צוליב די שראַפּנעלן , זיך צוצורוקן נעענטער מיט זײַן קעסל , און אונזערע עסנברענגער האָבן געמוזט גיין א פּיל ווײַטערן וועג , ווי די עסנברענגערס פֿון די אַנדערע ראָטעס . בולקע פֿון דער ערשטער ראָטע איז שוין געווען א בעסערער יאַט. ער איז אַפֿילו געווען פֿעט, ווי א מאַרדער אין ווינטער , אָבער בעת ס'איז נויטיק געווען, האָט ער אַליין געשלעפּט די טעפּ צו דער פֿאָדערשטער ליניע.

מיר זײַנען גראָד געווען אין דער ריכטיקער שטימונג , און ווען אונזער לייטענאַנט וואָלט זיך ניט באַוויזן צו דער געהעריקער צײַט, וואָלט געוויס דערגאַנגען ביז פּעטש. ער האָט זיך נאָכגעפֿרעגט, וואָס דאָ איז פֿאַר א האַמפּעריי, און לעת־עתּה האָט ער געזאָגט נישט מער, ווי: "יאָ, נעכטן האָבן מיר געהאַט גרויסע פֿאַרלוסטן –"

נאָכדעם האָט ער אַרײַנגעקוקט אין קעסל. "עס שײַנט, אַז די בעבלעך זײַנען גוט פֿאַרקאָכט."

די בוריקע האָט צוגעשאָקלט. "ס'איז פֿאַרקאָכט מיט שפּעק און פֿלייש."

דער לייטענאַנט האָט אונז אָנגעקוקט. ער האָט געוווּסט , וואָס מיר טראַכטן. ער האָט בכלל געוווּסט פֿאַרשיידענע זאַכן, און געקומען צו אונז איז ער אַן אונטער־ אָפֿיציר. ער האָט נאָכאַמאָל אופֿגעהויבן דעם דעקל פֿון קעסל און האָט אַרײַנגעזופּט דעם ריח. אַוועקגייענדיק האָט ער געזאָגט: "ברענגט מיר אויך א פֿולן טעלער. און די פּאָרציעס וועלן אַלע פֿאַרטיילט ווערן. פֿאַר אונז איז דאָס ניט איבעריק."

די בוריקע האָט געמאַכט א לעקישעוואַטן פּנים. טיאַדען האָט גענומען טאַנצן אַרום אים.

"דו וועסט דאָך דערבײַ ניט צוליגן ! עפּעס מאַכט ער א פּנים, ווי דער גאַנצער פּראָוויאַנט־אַמט וואָלט באַלאַנגט צו אים. נו, הויב שוין אָן, דו אַלטער חלבֿ־יעגער, און פֿאַרצייל זיך נאָר ניט –"

"הייגנ זיך אוף!" האָט די בוריקע זיך געבלאָזן. ער האָט שיעור ניט געפּלאַצט, אָט דער קוכער, ס'האָט זיך אים פּשוט ניט געלייגט אַפֿן שׂכל, און די גאַנצע וועלט איז אים מער ניט ניהא געווען. און ווי ווערלנדיק ווײַזן, אַז איצט איז שוין סײַווי אַלץ פֿאַרשפּילט , האָט ער נאָך פֿרײַוויליק צוגעלייגט יעדן א האַלב פֿונט קונסט־האָניק.

***

הײַנט איז באמת א גוטער טאָג. אַפֿילו די פּאָסט איז אויך דאָ , און יעדער האָט באַקומען א פּאָר בריוו און צײַטונגען. איצט שלעפּן מיר זיך צו דער לאָנקע הינטער די באַראַקעס. קראָפּ האַלט אונטערן אָרעם א רונדן דעקל פֿון א מאַרגאַרין־פֿעסל.

אַפֿן רעכטן ראַנד פֿון דער לאָנקע איז פֿאַראַן א גרויסער אָפּטריט־אָרט, א הײַזעלע מיט א דאַך. אָבער דאָס איז אַן ענין פֿאַר יונגע רעקרוטלעך , וועלכע האָבן זיך נאָך ניט אויסגעלערנט יעדער זאַך ווי געהעריק אויסצונוצן. מיר זוכן עפּעס בעסערס . איבער דער גאַנצער לאָנקע שטייען צושאָטן נאָך א סך איינצלנע קאַסטנס פֿאַר דעם זעלביקן צוועק . זיי זײַנען אַלע פֿירקאַנטיק , זויבער, פֿאַרמאַכט אַרום און אַרום , און מיט א באַקוועמען זיצברעטל.

10

מיר רוקן צונויף דרײַ אַזעלכע קעסטלעך און זעצן זיך בהרחבה [**beharxove**] אויס. פֿריער, ווי אין צוויי שעה אַרום, וועלן מיר זיך שוין ניט אופֿהייבן פֿון דאַנען.

איך געדיינק נאָך אונזער בושה, ווען זײַענדיק רעקרוטן אין קאַזאַרמע, האָבן מיר זיך געמוזט באַנוצן מיטן בשותּפֿותדיקן אָפּטריט. קיין טירן זײַנען דאָרטן ניט פֿאַראַן, צוואַנציק מאַן זיצן אויסגעזעצט איינער לעבן

אַנדערן, פּונקט ווי אין אַ וואַגאָן. מיט איין וואָרף מיט די אויגן קאָן מען אַלעמען דערזען; – דער זעלבער מוז שטענדיק זײַן אונטער אַ השגחה.

מיט דער צײַט האָבן מיר זיך אויסגעלערנט אַ סך זאַכן – נאָך אַ פֿולע מער, ווי נאָר אַראָפּצודריקן דאָס שטיקל בושה.

אָבער דאָ, אַפֿן שלאַכטפֿעלד, איז אָט דער ענין אײַגנטלעך אַ נחת־רוח. איך ווייס טאַקע ניט, פֿאַרוואָס מיר האָבן פֿריער געמוזט שעמעוודיק פֿאַרבאַהאַלטן די זאַכן, זיי זײַנען דאָך אַזוי נאַטירלעך, ווי עסן און טרינקען. און מע וואָלט אַף דעם אפֿשר גאָר באַזונדערש ניט נויטיק געהאַט זיך אָפּצושטעלן, ווען זיי וואָלטן ניט געשפּילט פֿאַר אונדז אַזאַ חשובֿע ראָל און זײַנען גראָד פֿאַר אונדז געווען נײַ – פֿאַר די איבעריקע זײַנען זיי שוין פֿון לאַנג זעלבסטפֿאַרשטענדלעך געווען.

פֿאַר דעם זעלנער זײַנען די פֿראַגן פֿון מאָגן און פֿאַרדײַונג פֿיל נעענטער, ווי פֿאַר יעדן אַנדערן. דרײַ פֿערטל ווערטער פֿון דעם זעלנערישן שפּראַך־אוצר שטאַמען אָפּ פֿון דאָרטן, און פֿון יענעם קערנדיקן געביט קומען די אויסדרוקן פֿון העכסטער פֿרייד און פֿון גרעסטן צאָרן. עס איז פּשוט אוממעגלעך אַף אַן אַנדער אופֿן זיך אַזוי שאַרף און אַזוי קלאָר אויסצודריקן, אונזערע אָנגעהעריקע און אונזערע לערערס וועלן זיך ניט וווּנדערן אַ חידושן, ווען מיר וועלן צוריק אַראָפּקומען אַהיים, אָבער דערבײַ איז נישט צו מאַכן, דאָ איז דאָס דער איינציקער לשון.

דאָ פֿילן מיר זיך בלי־ספֿק [**belí-sófek**] בעסער, ווי אין אַ ווײַס־געקאַפֿליעטן עלעגאַנטן קלאָזעט. דאָרטן איז אפֿשר היגיעניש; דאָ אָבער איז באמת גוט.

11

דאָס זײַנען וווּנדערלעכע פֿוילע און שטילע שעהן. איבער אונדז הייגגט אַראָפּ דער בלאָער הימל. אַפֿן האָריזאָנט זעען זיך ליכטיק־באַשטראַלטע, געלע אויסקוק־באַלאָנען און ווײַסע רויכלעך פֿון די שראַפּנעלן. פֿון צײַט צו צײַט, ווען מע פֿאַרפֿאָלגט אַן אַעראָפּלאַן, טוען די שראַפּנעלן־רויכלעך אַ שפּריץ אין אַלע זײַטן, און דעמאָלט זעען זיי אויס, ווי סטויגן.

דאָס טעמפּע ברומען פֿון פֿראָנט דערגייט צו אונדז, ווי אַ ווײַטער געוויטער, און ווערט פֿאַרהילכט דורכן זשומען פֿון פֿאַרבײַפֿליענדיקע בינען.

און אַרום אונדז ליגט אויסגעשפּרייט די בליענדיקע לאָנקע. צאַרטע גרעזעלעך שאָקלען זיך, לופֿט־בלימעלעך שיטן זיך און שוועבן אין דער ווייכן, וואַרימען ווינטל פֿונם שפּעטזומער, מיר לייענען בריוו און צײַטונגען און רויכערן, מיר נעמען אַראָפּ אונזערע היטלען און לייגן זיי אַוועק דערבײַ, דער ווינטל שפּילט זיך מיט אונזערע האָר, ער שפּילט זיך מיט אונזערע ווערטער און געדאַנקען.

די דרײַ קעסטלעך שטייען אין רעכטן מיטן פֿון לײַכטנדיקע, רויטע מאָן־בלומען. –

מיר לייגן אַף אונזערע קניען אַוועק דעם דעקל פֿונם מאַרגאַרין־פֿעסל. איצט האָבן מיר אַ גוטן אונטערלייג אַף צו שפּילן סקאַט. קראָפּ האָט די קאָרטן באַ זיך. מען וואָלט דאָ אַזוי קאָנען זיצן אָן אַ סוף.

פֿון די באַראַקעס דערגייען אַהער קלאַנגען פֿון אַ האַרמאָניק. אַנדערשמאָל לייגן מיר אָפּ די קאָרטן און קוקן זיך אָן. דעמאָלט זאָגט איינער: "חבֿרה, חבֿרה – –," אָדער: "עס וואָלט זיך דאָך געקאָנט אויסלאָזן פֿאַסקודנע –," און מיר פֿאַרטיפֿן זיך אַף אַ רגע אין שווײַגן. אין אונדז ליגט אַ שטאַרקער, פֿאַרהאַלטענער געפֿיל, יעדער שפּירט עס, און ס'איז גאָרניט נויטיק דאָס אַרויסצוריידן מיט ווערטער. ס'וואָלט זייער לײַכט געקאָנט געשען, אַז מיר זאָלן שוין הײַנט ניט זיצן אַף אונזערע קעסטלעך, ס'איז שוין זייער נאָענט געווען דערצו. און דעריבער איז פֿאַר אונדז איצט אַלץ נײַ און שאַרף – דער רויטער מ אָן און דאָס גוטע עסן, די סיגאַרעטקעס און דער זומערדיקער ווינט.

קראָפּ פֿרעגט: "האָט עמיץ פֿון אײַך נאָך געזען קעמעריכן?"

"ער ליגט אין "סאַנקט־יאָזעף־שפּיטאָל", האָב איך געזאָגט.

מילער מיינט, אַז זײַן אויבערקני־שאָס איז אַ גוטער שאַנס אַף אָפּגעלאָזט צו ווערן אַהיים.

מיר באַשלאָסן אים נאָכמיטיק צו באַזוכן.

קראָפּ ווײַזט אונדז אַ בריוו. "אַ גערוס אײַך פֿון קאַנטאָרעקן."

מיר לאַכן. מילער וואַרפֿט אַוועק זײַן סיגאַרעטל און זאָגט:

"איך וואָלט נאָר וועלן, ער זאָל דאָ זײַן."

***

קאַנטאָרעק איז געווען אונזער קלאַסן־דערציִער, אַ שטריינג, נידעריק מענטשל אין אַ גראָען שוואַלבן־ראָק און מיט אַ שפּיציק מײַזיש פּנימל. ער האָט געהאַט בערך די זעלביקע פֿיגור, ווי דער אונטער־אָפֿיציר הימעלשטאָס, דער "שרעק פֿון קלויסטער-באַרג." ס'איז אינטערעסאַנט, וואָס אַלע אומגליקן קומען אַף דער וועלט דווקאַ דורך קליינוווּקסיקע מענטשעלעך, זיי זײַנען אַ סך ענערגישער און פֿאַרעקשנטער, ווי די הויכגעוואַקסענע. איך האָב שטענדיק מוראַ געהאַט אַרײַנצופֿאַלן אין אַן אָפּטיילונג, ווו דער לייטענאַנט איז אַ קליינינקער; זיי זײַנען געוויינלעך גרויסע גזלנים.

אין די גימנאַסטיק־שעהן האָט אונז קאַנטאָרעק אַזוי לאַנג געלייענט לעקציעס, ביז אונזער גאַנצער קלאַס איז אונטער זײַן פֿירונג אַוועק און זיך געמאָלדן צום מיליטער־שעף. איך זע אים נאָך איצט פֿאַר מיר, ווי ער האָט אַף אונז אַרופֿגעקוקט דורך זײַנע שפּאַקולן און מיט אַן אופֿגערעקטער שטים געפֿרעגט: "איר גייט דאָך מיט, חבֿרים?"

באַ די דאָזיקע דערציִער ליגן די געפֿילן אַזוי אָפּט גרייט אין זייער וועסטל־קעשענע; זיי טיילן דאָס פֿאַנאַנדער שעהנווײַז. אָבער דעמאָלט האָבן מיר נאָך אַזעלכע געדאַנקען ניט געהאַט.

13

איינער פֿון אונז האָט טאַקע געקווייקלט זיך מיטצוגיין. דאָס איז געווען יאָזעף בעם, אַ דיקער, פֿריילעכער חבֿרה־מאַן. ער האָט זיך אָבער געלאָזט איבעררײדן, אַחוץ דעם וואָלט מען אים אויך פֿאַרביטערט דאָס לעבן, אויב ער וואָלט געבליבן. אַפֿשר האָבן נאָך אַ סך געהאַט אַזעלכע געדאַנקען, ווי ער; אָבער קיינער האָט זיך ניט געקאָנט אויסשליסן פֿון כּלל, ווײַל אין יענער צײַט איז דער נאָמען "פּחדן" געלעגן אויבנאויף, און אַפֿילו עלטערן האָבן מיט אַ לײַכטער האַרץ זיך מיט דעם באַנוצט. מען האָט קיין שום באַגריף ניט געהאַט פֿון דעם, וואָס עס וועט נאָך קומען. קליגער פֿון אַלעמען זײַנען שוין געווען די פּשוטע לײַט און די אָרימקײַט; זיי האָבן באַלד פֿון אָנהייב אײַנגעזען אין דער מלחמה אַן אומגליק, אין דער צײַט וואָס די העכערע קלאַסן האָבן פֿון שׂמחה אינגאַנצן פֿאַרלאָרן זייערע קעפּ.

קאַטשינסקי זאָגט, אַז דאָס קומט פֿון דער בילדונג. זי מאַכט אינגאַנצן לעקישעוואַטע. און אויב קאַט זאָגט עפּעס, האָט ער זיך דאָס שוין גוט באַטראַכט.

מערקווירדיק, אַז בעם איז געווען איינער פֿון די ערשטע געפֿאַלענע. באַ אַן אָנגריף האָט ער באַקומען אַ שאָס אין די אויגן, און מיר האָבן אים איבערגעלאָזט אין פֿעלד, ווי אַ טויטן. אַוועקנעמען אים האָבן מיר ניט געקענט, ווײַל מיר זײַנען באַפֿאַלן געוואָרן און האָבן געמוזט אַוועק. שפּעטער האָבן מיר מיטאַמאָל דערהערט, ווי ער שרײַט, און האָבן אים דערזען אַרומקריכנדיק אין דרויסן. ער האָט נאָר פֿאַרלאָרן דעם באַוווּסטזײַן. אַזוי ווי ער האָט נישט געזען און איז געווען משוגע פֿון ווייטיק, האָט ער קיין שום באַהעלטעניש ניט אויסגענוצט, און דער שׂונא האָט אים אַראָפּגעשאָסן, נאָך איידער עמיץ פֿון אונזערע האָט באַוויזן צוצוקריכן צו אים.

פֿאַרשטייט זיך, אַז צווישן קאַנטאָרעקן און דעם פֿאַל איז קיין צוזאַמענהאַנג ניט געווען; – אויב מען וועט דאָס אָנרופֿן שולד, איז הײַנט ווי זאָל מען שוין אָנרופֿן אַלדאָס איבעריקע שלעכטס פֿון דער וועלט. עס זײַנען דאָך געווען טויזנטער אַזעלכע קאַנטאָרעקס, און אַלע זײַנען זיי איבערצײַגט געווען, אַז זיי טוען גוטס יעדער אַף דעם אופֿן, וועלכער איז פֿאַר אים באַקוועם.

אָבער פֿאַר דער צײַט, וואָס זיי האָבן גערעדט און געשריבן, האָבן מיר געזען לאַזאַרעטן און גוססע; – פֿאַר דער צײַט, וואָס זיי האָבן געוואָלט אײַנריידן, אַז די גרעסטע העלדישקײַט איז דינען דער מלוכה, האָבן מיר שוין געוווּסט, אַז טויט־שרעק איז נאָך שטאַרקער. דעריבער זײַנען מיר ניט געוואָרן קיין בונטאַרעס, קיין דעזערטירן, קיין פּחדנים – זיי האָבן זיך דאָך אַזוי לײַכט אַרומגעוואָרפֿן מיט די צונעמען – מיר האָבן פּונקט אַזוי ווי זיי ליב געהאַט אונזער לאַנד, און אין יעדער אַ טאַקע זײַנען מיר מוטיק געגאַנגען פֿאָרויס, – אָבער איצט האָבן מיר געזען דעם חילוק, מיר האָבן מיט איין מאָל זיך אויסגעלערנט זען. און מיר האָבן געזען, אַז זייער וועלט איז שוין אינגאַנצן חרובֿ. מיר זײַנען פּלוצלינג געבליבן שטיין אַליין: – און מיר האָבן אַליין געמוזט "פֿאַרטיק ווערן" דערמיט.

***

אײדער מיר גײען צו קעמעריך , פּאַקן מיר אײַן זײַנע זאַכן; זײ װעלן אים אונטערװעגס געװיס צוניץ קומען.

דער לאַזאַרעט איז געפּאַקט; װי שטענדיק טראָגן זיך דאָרטן ריחות פֿון קאַרבאָל, אײטער און שװײס. אין די באַראַקעס איז מען שױן צו אַ סך זאַכן צוגעװױנט געװאָרן, אָבער דאָ קאָן גאָר באמת גאָר שלעכט װערן צומוט. מיר פֿרעגן זיך נאָך אַף קעמעריך; ער ליגט אין אַ קאַמער און באַגעגנט אונז מיט אַ שװאַכן אױסדרוק פֿון שׂמחה און הילפֿלאָזער אופֿרעקונג. בעת ער איז געלעגן אָן באַװוסטזײַן , האָט מען אים אָפּגעצױגן זײַן זײגער.

מילער שאָקלט מיטן קאָפּ: "איך האָב דיר דאָך שטענדיק געזאָגט , אַז אַזאַ גוטן זײגער דאַרף מען ניט מיטנעמען.

מילער איז אַ היפּש ביסל אומגעשיקט. אַז ניט װאָלט ער געװיס געהאַלטן די מױל , װײַל יעדער זעט דאָך אײַן, אַז קעמעריך װעט פֿון דעם קאַמער מער ניט אַרױסקומען . דאָס איז שױן גאָר גלײַך צי ער װעט זײַן זײגער צוריקבאַקומען.

"װי גײט עס דיר פֿראַנץ?" פֿרעגט קראָפּ.

קעמעריך לאָזט זײַן קאָפּ טיפֿער פֿאַלן: "נשקשה. – איך האָב גאָר גרױסע יסורים [**yesúrim**] אין פֿוס".

מיר קוקן אַרױף אַף זײַן קאָלדרע. זײַן פֿוס ליגט אין אַ דראָט־געפֿלעכט. דער צודעק הײבט זיך איבער דעם, װי אַ באַרג. איך טרעט אַרוף מילערן אַפֿן פֿוס, װײַל ער װאָלט געפּועלט באַ זיך אַרױסצוזאָגן אין דער הויך דאָס, װאָס די סאַניטאַרן האָבן אונז שױן אין דרױסן דערצײלט: אַז קעמעריך האָט ניט מער קײן פֿוס . זײַן פֿוס איז אים אַראָפּגענומען.

ער זעט אױס שרעקלעך , געל און בלײך . אין זײַן פּנים זײַנען פֿאַראַן יענע פֿרעמדע שטריכן , װאָס מיר קענען שױן זײער גוט, װײַל מיר האָבן זײ שױן הונדערטער מאָל געזען . דאָס זײַנען גאָר אײגנטלעך ניט קײן שטריכן, דאָס זײַנען גיכער סימנים. אונטער דער הױט פּולסירט שױן מער ניט קײן לעבן ; עס איז שױן אַרױסגעשטױסן ביזן ראַנד פֿון לײַב, פֿון אינעװײניק שלאָגט זיך שױן דורך דער טױט , די אױגן באַװעלטיקט ער שױן . דאָרטן ליגט אונזער חבֿר קעמעריך, װעלכער האָט נאָך דאָ ניט לאַנג געבראָטן מיט אונז פֿערדן־פֿלײש און מיר זײַנען צוזאַמען געלעגן אין דעם טרעכטער, – דאַכט זיך, ער איז דאָס, און ער איז דאָס שױן ניט מער, זײַן בילד איז געװאָרן פֿאַרװישט און אומבאַשטימט, װי אַ פֿאָטאָגראַפֿישע פּלאַט, אַף װעלכער מ'האָט אופֿגענומען צװײ בילדער. אַפֿילו זײַן שטים קלינגט שױן װי אַש.

איך דערמאָן זיך, װי מיר זײַנען דעמאָלט אָפּגעפֿאָרן. זײַן מאַמע, אַ גוטמוטיקע, דיקע פֿרױענצימער, האָט אים באַגלײט צום באַן . זי האָט געװײנט אָן אופֿהער , איר פּנים איז פֿון װײנען אַזש געשװאָלן געװען . קעמעריך האָט געהאַט צוליב איר בזיונות, װײַל זי האָט זיך ערגער פֿון אַלעמען געהאַלטן, זי איז ממש צושװומען געװאָרן אין שמאַלץ און אין װאַסער. דערבײַ האָט זי כּסדר געהאַפּט מײַן האַנט און מיך געבעטן, איך זאָל אופּפּאַסן פֿראַנצן אַפֿן שלאַכטפֿעלד. ער האָט געהאַט אַ פּנים פֿון אַ קינד און אַזעלכע װײכע בײנער, אַז באַלד נאָך פֿיר װאָכן טראָגן דאָס רענצל האָט ער באַקומען פּלאַטשיקע פֿיס. אָבער װי קאָן מען דען אין שלאַכטפֿעלד עמיצן אָפּהיטן!

"איצט װעסטו קומען אַהײם", זאָגט קראָפּ, "אַזױ װאָלסטו נאָך געהאַט צו װאַרטן אַף אורלױב לכל־הפּחות דרײַ, פֿיר חדשים".

קעמעריך שאָקלט צו. מיר איז שװער צו קוקן אַף זײַנע הענט, זײ זײַנען װי װאַקס. אונטער די נעגל ליגט דער ברוד פֿון דעם שוץ־גראָבן, ער איז בלאָ־שװאַרץ , אַזױ װי גיפֿט. מיר פֿאַלט אײַן אין קאָפּ , אַז אָט די נעגל װעלן נאָך װײַטער װאַקסן, אַזױ װי געשפּענסטיקע שימל־שװעמלעך, לאַנג נאָכדעם, װי קעמעריך װעט שױן מער ניט אָטעמען . איך זע דאָס בילד: זײ קרימען זיך אױס , װי קאָרקן־ציערס און װאַקסן און װאַקסן , און צוגלײַך מיט זײ אױך די האָר אַפֿן צעפֿױלטן שאַרבן , װי גראָז אַף גוטער ערד, פּונקט װי גראָז, װי איז דען דאָס אָבער מעגלעך – ?

מילער בױגט זיך צו: "מיר האָבן אַהערגעבראַכט דײַנע זאַכן, פֿראַנץ".

קעמעריך װײַזט מיטן האַנט: "לײגט זײ אַװעק אונטערן בעט".

מילער טוט דאָס . קעמעריך נעמט װײַטער רײדן װעגן דעם זײגער . װי באַרויִקט מען אים , ניט אַרױסרופֿנדיק דערבײַ זײַן חשד [**xšad**]!

מילער הייבט זיך אוף פֿון דער פּאָדלאָגע מיט אַ פּאָר אַוויאַטאָר־שטיוול אין די הענט. דאָס זײַנען טײַערע ענגלישע שיך פֿון ווייכן, געלן לעדער, צום שנירן, הויך ביז די קניען, ממש אַ חלום. מילער איז נתפּעל פֿון זייער אויסזען, ער צאַצקעט זיך מיט זיי און פֿאַרגלײַכט זייערע זוילן מיט זײַנע אומגעלומפּערטע שטיוואַלעס און פֿרעגט "ווילסט דען די שטיוול אויך מיטנעמען, פֿראַנץ?"

אַלע דרײַ טראַכטן מיר דאָס זעלביקע: אויב ער וועט אַפֿילו געזונט ווערן, קאָן ער דאָך שוין באַנוצן ניט מער, ווי איינעם, זיי האָבן דאָך שוין פֿאַר אים ניט קיין ווערט . אָבער בײַ דעם איצטיקן מצבֿ איז פּשוט אַ שאָד, זיי זאָלן דאָ בלײַבן; – ווײַל ווי נאָר ער וועט שטאַרבן, וועלן דאָס די סאַניטאַרן, פֿאַרשטייט זיך, תּיכּף צונעמען.

מילער פֿרעגט: "ווילסטו זיי דען דאָ ניט איבערלאָזן?"

קעמעריך וויל ניט. דאָס איז זײַן טײַערסטער חפֿץ.

"מיר קאָנען זיי אויסבײַטן ", לייגט מילער פֿאָר , "דאָ קאָן מען געברויכן אַזעלכע זאַכן". אָבער קעמעריך וויל דערפֿון ניט הערן.

איך טרעט מילערן אַרויף אַפֿן פֿוס. זיך קווײַנקלענדיק לייגט ער די שיינע שטיוול ווײַטער אַוועק אונטערן בעט.

מיר ריידן נאָך אַ ווײַלע, און נאָכדעם געזעגענען מיר זיך.

"זײַ געזונט פֿראַנץ."

איך זאָג אים צו מאָרגן ווײַטער צו קומען . מילער זאָגט אויך צו ; ער האָט אין קאָפּ די שניר־שיך און דעריבער וויל ער זיי אָפּהיטן.

קעמעריך קרעכצעט. ער האָט היץ . דרויסן ריידן מיר צו דעם סאַניטאַר, ער זאָל מאַכן דעם קראַנקן אַן אײַנשפּריצונג.

ער זאָגט זיך אָפּ: "ווען מיר זאָלן געבן יעדן איינעם מאָרפֿיום , וואָלטן מיר געדאַרפֿט האָבן גאַנצע פֿעסער– "

"דו טוסט דאָס נאָר פֿאַר אָפֿיצירן", זאָגט קראָפּ מיט צאָרן.

איך מיש זיך אַרײַן און גיב דעם סאַניטאַר אַ סיגאַרעט. ער נעמט זי אָן . איך פֿרעג: "טאָרסטו דען בכלל מאַכן אַן אײַנשפּריצונג?"

ער איז באַליידיקט. "וויבאַלד איר מיינט, אַז ניט, וואָס פֿרעגט איר מיך? –"

איך רוק אים אַרײַן נאָך אַ פּאָר סיגאַרעטקעס. "טו אונדז די טובֿה –"

"נו, גוט", זאָגט ער. קראָפּ גייט מיט אים מיט. ער טרויט אים ניט אָן און וויל זיך צוקוקן . מיר וואַרטן אָפּ אין דרויסן.

18

מילער נעמט ווײַטער ריידן וועגן די שיך . "זיי וואָלטן מיר געפּאַסט . פּונקט מײַן מאָס. אין אָט די שיך , וואָס איך טראָג, פּטר [ópatern] איך אינגאַנצן אָפּ מײַנע פֿיס. מיינסטו, אַז ער וועט אויסהאַלטן ביז מאָרגן נאָכמיטיק? ווען ער וועט אויסגיין די נאַכט, האָבן מיר ניט די שטיוול –"

אַלבערט קומט צוריק אַרויס. "מיינט איר – –?" פֿרעגט ער.

"ערליידיקט." פֿאַרענדיקט מילער.

מיר גייען צוריק צו אונזערע באַראַקעס. איך טראַכט וועגן דעם בריוו , וואָס איך מוז מאָרגן שרײַבן צו קעמעריכס מאַמען. מיר איז קאַלט , כ'וואָלט געטרונקען אַ גלעזל בראַנפֿן. מילער צופּט אויס גרעזלעך און קײַט זיי. פּלוצלונג דערלאַנגט קראָפּ אַ שלײַדער זײַן סיגאַרעט, הויבט זי אָן און ווילד צו טראַמפּלען , קוקט זיך אום מיט אַ פֿאַרקרימט פּנים און שטאַמלט: "פּאַסקודנער טינוף, פּאַסקודנער טינוף."

אַ צײַט גייען מיר שטיל . קראָפּ האָט זיך באַרויִקט , דאָס איז אונדז שוין באַקאַנט, ס'איז אַן אָנפֿאַל פֿון פֿראָנט־טירוף, יעדער איינער באַקומט עס.

מילער פֿרעגט אים: "וואָס, אייגנטלעך, וואָס האָט קאַנטאָרעק דיר געשריבן?"

ער לאַכט: "אַז מיר זײַנען די אײַזערנע יוגנט."

מיר לאַכן אַלע דרײַ מיט פֿאַרקוועטשטע ציין. קראָפּ זידלט זיך, ער איז צופֿרידן, וואָס ער קאָן ריידן. –

יאָ, אָט אַזוי טראַכטן זיי , די הונדערט־טויזנט קאַנטאָרעקס ! אײַזערנע יוגנט. יוגנט! מיר זײַנען אַלע ניט מער, ווי צוואַנציק יאָר. אָבער יונג? יוגנט? דאָס איז שוין לאַנג אַוועק. מיר זײַנען אַלטע לײַט.

2.

עס איז מיר עפּעס מאָדנע צו טראַכטן וועגן דעם, אַז אינדערהיים, אין אַ קעסטל פֿונם שרײַבטיש, ליגט בײַ מיר אַן אָנגעהויבענע דראַמע „שאָול" און אַ פּעקל שירים. אַ סך אָוונטן האָב איך אַף דעם פֿאַרבראַכט, כּמעט אַלע האָבן מיר אַזוינס דורכגעמאַכט ; אָבער איצט איז מיר דאָס געוואָרן אַזוי ניט־ממשותדיק [**mamóšesdik**] , אַז איך קאָן זיך דאָס שוין מער גאָרניט פֿאָרשטעלן.

זינט מיר געפֿינען זיך דאָ , איז אונזער פֿריערדיק לעבן אינ גאַנצן אָפּגעשניטן געוואָרן. מיר פּרוּוון אַן אַנדערמאָל כאַפּן אַן איבערבליק איבער דעם, געפֿינען אַ דערקלערונג, אָבער עס גיט זיך אונז ניט אײַן. גראָד פֿאַר אונז, צוואַנציק־יאָריקע, איז אַלץ באַזונדערש ניט קלאָר – פֿאַר קראָפּ, פֿאַר מילער, לעער, פֿאַר מיך, פֿאַר אונז, וועמען קאַנטאָרעק רופֿט אָן „אײַזערנע יוגנט." די עלטערע זײַנען אַלע פֿעסט פֿאַרבונדן מיט דאָס פֿריערדיקע, זיי האָבן אַ יסוד, זיי האָבן פֿרויען , קינדער, באַרופֿן און אינטערעסן , וועלכע זײַנען שוין אַזוי שטאַרק, אַז די מלחמה קאָן זיי ניט צערײַסן. מיר, צוואַנציק־יאָריקע, האָבן אָבער נאָר אונזערע עלטערן, און אַנדערע האָבן אַ מיידל. דאָס איז ניט פֿיל – ווײַל אין אונזער עלטער איז דער כּח פֿון די עלטערן זייער שוואַך, און די מיידלעך זײַנען נאָך ניט קיין הערשערינס . אַחוץ דעם, האָבן מיר ווייניק־וואָס פֿאַרמאָגט ; אַ ביסל פֿאַנטאַזיעס, אַ פּאָר ליבעס און די שול; ווײַטער האָט אונזער לעבן נאָך ניט געגרייכט. און פֿון דעם איז נישט געוואָרן.

קאַנטאָרעק וואָלט געזאָגט , אַז מיר זײַנען געשטאַנען אַפֿן שוועל פֿון לעבן . אַזוי, לערך [**leérex**], איז דאָס אויך. מיר זײַנען נאָך ניט אײַנגעוואָרצלט געווען. די מלחמה האָט אונז אַראָפּגעוואַשן. פֿאַר די אַנדערע, די עלטערע , איז זי נאָר אַ הפֿסקה, זיי קאָנען אַריבערטראַכטן איבער דער הפֿסקה. מיר זײַנען אָבער אַרײַנגעכאַפּט געוואָרן אינם אופֿברויז פֿון דעם קריג, און מיר ווייסן ניט , ווי דאָס וועט זיך ענדיקן . דאָס איינציקע, וואָס מיר ווייסן , איז פֿאָרלויפֿיק נאָר , אַז מיר זײַנען פֿאַרגרעבט געוואָרן אַף אַ משונהדיקן און אַ טרויעריקן אופֿן, אויב אַפֿילו מיר האָבן שוין אופֿגעהערט אָפֿט צו זײַן טרויעריק.
20

***

אויב מילער וויל אַפֿילו אָפּירשענען קעמעריכס שטיוול, נעמט ער אָבער דאָך ניט קיין קלענערן אָנטייל אין דער צרה ווי אַן אַנדערער, וועלכער דרייסט זיך ניט צו טראַכטן וועגן דעם צוליב מיטלײַד. ער ווייס נאָר דעם חילוק. ווען די שטיוול וואָלטן נאָך געניצט קעמעריכן, וואָלט מילער בלי־ספֿק בעסער געלאָפֿן באָרוועס איבער שטעך־דראָט , איידער צוצוטראַכטן מיטלען , ווי אַזוי די שיך צו באַקומען. בײַ דעם איצטיקן מצבֿ זײַנען אָבער די שטיוול עפּעס אַזוינס , וואָס האָט גאָרנישט צו טאָן מיט קעמעריכס צושטאַנד , אין דער צײַט, וואָס מילערן קאָנען זיי זייער גוט נוצן . קעמעריך וועט דאָך סײַ ווי שטאַרבן , און ס'איז נאָר גלײַך, ווער עס באַקומט זיי. איז פֿאַרוואָס זאָל דעריבער מילער זיי ניט באַקומען, ער האָט דאָך אַף זיי מער רעכט , ווי אַ סאַניטאַר! נאָך קעמעריכס טויט וועט שוין צו שפּעט זײַן , דעריבער נעמט זיך שוין מילער איצט דאָס אָפּצוהיטן.

מיר האָבן פֿאַרלאָרן דעם חוש פֿאַר אַנדערע צוזאַמענהאַנגען, ווײַל זיי זײַנען מער ניט, ווי געקינצלט. פֿאַר אונז זײַנען ריכטיק און וויכטיק נאָר פֿאַקטן. און גוטע שטיוול קאָן מען אַזוי זעלטן באַקומען.

***

פֿריער איז אויך דערמיט אַנדערש געווען. ווען מיר זײַנען געגאַנגען צום מיליטער־שול, זײַנען מיר געווען אַ קלאַס פֿון צוואַנציק יונגעלײַט, און איידער מיר זײַנען אַרײַן אין קאַזאַרמע־הויף האָבן מיר זיך , מעשׂה־קונדסים, אַלע צוזאַמען געלאָזט אָפּראַזירן, אַנדערע פֿון אונז צום ערשטן מאָל. מיר האָבן ניט געהאַט קיין פֿעסטע פּלענער אַף דער צוקונפֿט , די געדאַנקען וועגן קאַריערע און באַרוף זײַנען כּמעט בײַ קיינעם פּראַקטיש נאָך ניט געווען אַזוי אויסגערײַפֿט, אַז זיי זאָלן קאָנען באַשטימען אַ לעבנס־פֿאָרם; – דערפֿאַר

אָבער זײַנען מיר פֿול געווען מיט אומבאַשטימטע אידייען , װעלכע האָבן אין אונזערע אויגן צוגעגעבן דעם לעבן און אויך דער מלחמה אַן אידעאַליזירטן, כּמעט ראָמאַנטישן כאַראַקטער.

אין משך פֿון צען װאָכן צײַט האָט מען אונז אויסגעמושטירט, און אָט די צען װאָכן האָבן אונז גרינטלעכער איבערגעאַנדערשט װי צען יאָר אין שול . מיר האָבן זיך אויסגעלערנט , אַז אַ בלאַנק־אויסגעפּוצטער קנאָפּ איז װיכטיקער פֿון פֿיר בענדער שאָפּענהויער . אין אָנהויב דערשטוינט , נאָכדעם פֿאַרביטערט און צום סוף גלײַכגילטיק, זײַנען מיר געקומען צו דער דערקענטעניש , אַז ניט דער גײַסט שפּילט די הויפּטראָל , נאָר די שוך־באַרשט , ניט דער געדאַנק, נאָר די סיסטעם , ניט די פֿרײַהייט , נאָר דאָס אײַנדרעלן אין מח. געוואָרן זעלנער זײַנען מיר מיט באַגײַסטערונג און פֿון גוטן װילן; אָבער מען האָט געטאָן אַלץ, כּדי די באַגײַסטערונג אָפּצוטויטן אין אונז. אין דרײַ װאָכן אַרום איז אונז שוין מער ניט געווען אומבאַגרײַפֿלעך דער פֿאַקט , װאָס אַ באַבענדלטער בריװ־טרעגער האָט איבער אונז מער מאַכט , איידער פֿריער אונזערע עלטערן , אונזערע דערציִער און אַלע קולטור־קרײַזן פֿון פּלאַטאָן ביז געטע צוזאַמענגענומען. מיט אונזערע יונגע , אָפֿענע אויגן האָבן מיר געזען , אַז דער קלאַסישער פֿאָטערלאַנד־באַגריף פֿון אונזערע לערערס האָט זיך פֿאַרלויפֿיק דאָ פֿאַרווירקלעכט אין אַן אָפּזאָגן זיך פֿון דעם אייגענעם מהות [**mehús**], מיליטעריש באַגריסן, שטיין שטראַם, פֿאַראַד־מאַרש, רעכטס און לינקס , צוזאַמענקלאַפּן די קנאַפּל, זילזולים און טויזנט שיקאַנעס: מיר האָבן אונזער ציל זיך אַנדערש פֿאָרגעשטעלט, און מיר זײַנען געקומען צום אויספֿיר , אַז פּונקט װי צירק־פֿערד , װערן מיר צוגעגרייט אַף צו זײַן מלחמה־העלדן. אָבער מיר האָבן זיך באַלד צוגעוווינט צו דעם . מיר האָבן אַפֿילו באַגריפֿן, אַז אַ טייל פֿון אָט דעם אַלעמען איז נויטיק געווען, און אַ טייל איז איבעריק. דער סאָלדאַט דערשמעקט דאָס זייער גוט.

***

זאַלבעדריט און זאַלבעפֿירט האָט מען אונזער קלאַס פֿאַרטיילט איבער פֿאַרשיידענע אָפּטיילונגען , צוזאַמען מיט פֿריזישע פֿישערס, פּויערים, אַרבעטער און בעלי־מלאָכות, מיט װעמען מיר האָבן זיך באַלד באַפֿרײַנדעט. קראָפּ, מילער, קעמעריך און איך זײַנען אַרײַנגעפֿאַלן צוזאַמען אין אַן אָפּטיילונג אונטער דער פֿירערשאַפֿט פֿון אונטער־אָפֿיציר הימעלשטאָס.

ער האָט געהאַט אַ שם פֿון דעם גרעסטן רוצח [**recéyex**], און ער האָט זיך דערמיט שטאַרק געגאַוהט [**gegajvet**]. ער איז געווען אַ קליינגעוויקסיקער, ברייטער חבֿרה־מאַן, צוועלף יאָר שוין אין דינסט , מיט סטאַרטשנדיקע װאָנצעס פֿון פֿיקסענער פֿאַרב, לויט זײַן ציוויל־באַשעפֿטיקונג אַ בריװ־טרעגער. באַזונדערש האָט ער זיך אָפּגעלייגט אַף קראָפּ, טיאַדען, װעסטהוס און מיר , װײַל ער האָט געשמעקט אין אונזער שטילע צולהכעיסדיקייט.

איינמאָל האָב איך פֿערצן מאָל איבערגעבעט זײַן בעט . יעדעס מאָל איז אים עפּעס אַנדערש ניט געפֿעלן געוואָרן, און ער האָט דאָס פֿונסנײַ אַראָפּגעריסן. איך האָב צוואַנציק שעה געאַרבעט – מיט הפֿסקות, פֿאַרשטייט זיך – אַף דעם, כּדי װייך צו מאַכן אַ פּאָר אַלטע, פֿאַרהאַרטעוועטע שיך , און כ׳האָב זיי אַזוי געמאַכט, אַז אַפֿילו הימעלשטאָס האָט מער נישט געקאָנט געפֿינען קיין חטא. – איך האָב לויט זײַן באַפֿעל אויסגעשײַערט אַ גאַנצע אָפּטיילונג פֿון דער קאַזאַרמע מיט אַ ציין־בערשטל; – קראָפּ און איך האָבן געמוזט אָפּרייניקן פֿון שניי דעם קאַזאַרמע־הויף מיט אַ האַנט־באַרשט און מיט אַ שאַר־בלעכל אין די הענט, און מיר װאָלטן זיכער געאַרבעט אַזוי לאַנג, ביז מיר װאָלטן אײַנגאַנצן פֿאַרפֿראָרן געוואָרן, װען צופֿעליק װאָלט אונז ניט געזען אַן אַרײַנגעקומענער לייטענאַנט , װעלכער האָט אונז באַפֿרײַט און האָט געגעבן הימעלשטאָסן אַ גאָב. דער פּועל־יוצא פֿון דעם איז געווען, אַז הימעלשטאָס איז געוואָרן אַף אונז נאָך גרימצאָרניקער. פֿיר זונטיקן אײנעם נאָכן אַנדערן בין איך געשטאַנען פֿאַטרול , און האָב פּונקט אַזוי פֿיל זונטיקן געמוזט טאָן אַלע שטוב־אַרבעטן; – פֿול אָנגעלאָדן מיט אַלע מכשירים און מיטן גאַנצן װאָפֿן האָב איך זיך געמוזט לערנען שפּרינגען , פֿאַלן און זיך אופֿהויבן אַף אַ פֿריש־אופֿגעאַקערטן פֿעלד , אַזוי לאַנג , ביז איך בין אינגאַנצן פֿאַרוויקלט געוואָרן אין אַ דיקן שיכט בלאָטע און כ׳בין געפֿאַלן אָן כּחות; – אין פֿיר שעה אַרום האָב איך שוין געוויזן הימעלשטאָסן מײַנע אויסגערייניקטע און בלאַנק־אויסגעפּוצטע קליידער , אָבער באַ דער רייניקונג האָב איך מיר צוריבן די הענט ביז בלוט ; – באַ אַ גרימיקן פֿראָסט האָב איך , צוזאַמען מיט קראָפּ, װעסטוס און טיאַדען, געמוזט שטיין אָן הענטשקעס , באַוועגלאָז, און האַלטן די פֿינגערן אַפֿן אייזיקן ביקס. און דערבײַ איז געשטאַנען הימעלשטאָס און געלאָקערט אַף דער קלענסטער באַוועגונג, כּדי ער זאָל קאָנען װײַטער צו טשעפּענען זיך . צוויי אַזייגער באַנאַכט האָב איך , אין איין העמד , געמוזט אַכט מאָל

אַראָפּלויפֿן פֿון אויבערשטן קאַזאַרמע־שטאָק ביז אין הויף, ווי אַ שטראָף דערפֿאַר, וואָס מײַנע אונטערהויזן האָבן אַף אַ פּאָר סענטימעטער אַראָפּגעהאַנגען איבערן ראַנד פֿון דעם ביינקל , ווו יעדער סאָלדאַט לייגט זײַנע זאַכן איבער נאַכט. זײַט באַ זײַט מיט מיר איז געלאָפֿן הימעלשטאָס און האָט מיר כּסדר געטראָטן אַף די פֿוס־פֿינגערן; באַם פֿעכטן האָב איך שטענדיק געהאַט פּאַר אַ קעגנער הימעלשטאָסן. איך האָב מיט מײַן שווערן אײַזן־געשטעל אים גאָרנישט געקאָנט טאָן, און ער האָט זיך געווערט מיט אַ באַקוועמען האָלץ־וואָפֿן און האָט מיר שטענדיק ברוין און בלאָ געמאַכט ; איינמאָל אָבער בין איך אַרײַן אין אַזאַ כּעס, אַז איך האָב אים אַריבערגעיאָג ט און אַ העפֿטיקן זעץ געטאָן אין בויך . ער איז געפֿאַלן . ווען ער האָט זיך געוואָלט באַקלאָגן, האָט אים דער לייטענאַנט אויסגעלאַכט און געעצהט, ער זאָל אופּפּאַסן, ווען מיט אים אַזוינס ניט טרעפֿן; ער האָט געקענט הימעלשטאָסן און האָט אים פֿאַרגונען די מפּלה. –

בעת קראָפּ און איך האָבן אין איינעם אַ זונטיק געשלעפּט איבערן הויף אַף אַ שטאַנג די עמערס פֿון אָפּטריט, און הימעלשטאָס, אַן אויסגעפּוצטער צום אַוועקגיין, האָט באַם פֿאַרבײַגיין זיך אָפּגעשטעלט און געפֿרעגט, ווי די אַרבעט געפֿעלט אונז, האָבן מיר זיך כּלומרשט געשטרויכלט און האָבן אים אַרופֿגעגאָסן די גאַנצע חתונה אַף זײַן מונדיר. ער האָט געטאַנצט, אָבער די מאָס איז שוין געווען פֿאַרפֿולט.
24

"איר וועט דערפֿאַר באַקומען תּפֿיסה", האָט ער געשריען.

קראָפּ האָט שוין מער ניט געקאָנט . "פֿריער וועט אָבער זײַן אַן אונטערזוכונג , און דאָרטן וועלן מיר אַלץ דערציילן, האָט ער געזאָגט.

"אָט אַזוי רעדט איר דאָס מיט אַן אונטער־ אָפֿיציר!" האָט הימעלשטאָס געוואַלדעוועט, "איר זײַט משוגע געוואָרן? וואַרט, ביז מען וועט אײַך פֿרעגן! וואָס ווילט איר טאָן?"

"דערציילן עפּעס וועגן דעם הער אונטער־ אָפֿיציר!" האָט קראָפּ געזאָגט און זיך אַוועקגעשטעלט גלײַך פֿאַר אים.

הימעלשטאָס האָט געמערקט , מיט וואָס דאָס שמעקט , און ער איז אַוועק, ניט ריידנדיק קיין וואָרט . איידער ער איז פֿאַרשוווּנדן געוואָרן , האָט ער נאָך עפּעס געבורטשעט , אָבער צו זײַן מאַכט האָט שוין גענומען אַ סוף. ער האָט נאָך געפּרוווט מיט אונז פֿאַרשיידענס. מיר האָבן געפֿאָלגט יעדן באַפֿעל, אָבער מיר האָבן דאָס אַלץ אַזוי פּאַמעלעך דורכגעפֿירט, אַז הימעלשטאָס האָט געפּלאַצט.

דעמאָלט האָט ער אונז געלאָזט צורו. ער האָט אונז נאָך גערופֿן "הינט". אָבער ס'איז שוין געלעגן אין דעם אַ געוויסער דרך־אַרץ.

עס זײַנען אויך געווען לײַטישע קאַפּראַלן, וועלכע האָבן קליגער געפֿירט. אָבער אין דער ערשטער שורה האָט יעדער איינער געזוכט צו בלײַבן אַף זײַן פּאָסטן דאָ אין הינטערלאַנד , ניט צו גיין אַפֿן פֿראָנט, און אַף דעם האָט ער געקאָנט האָפֿן נאָר דעמאָלט, ווען ער באַגייט זיך שטרייַנג מיט די רעקרוטן.

דערבײַ זײַנען אַף אונזער חלק אויסגעפֿאַלן כּל־המינים קאַזאַרמע־יסורים, און אָפֿטמאָל האָבן מיר זיך פּשוט געריסן די האָר פֿון קאַפּ. אַנדערע פֿון אונז זײַנען צוליב דעם קראַנק געוואָרן , וואָלף איז אַפֿילו געשטאָרבן פֿון אַ לונגען־שלאַפֿקייט. אָבער מיר וואָלטן זיך אַליין פֿאַרגעקומען לעכערלעך, ווען מיר וואָלטן נאָכגעגעבן. מיר זײַנען געוואָרן האַרט, אומצוטרויליך, גרויזאַם, גראָב, נקמה־דורשטיק – און דאָס איז גוט געווען, ווײַל די שטריכן האָבן אונז גראָד געפֿעלט. ווען מען וואָלט אונז געשיקט אין די גראָבנס אָן אָט דער אויסבילדונג, וואָלט דאָס רובֿ פֿון אונז משוגע געוואָרן. איצט זײַנען מיר אָבער צוגעגרייט געווען צו דעם , וואָס אונז האָט דערוואַרט.

מיר האָבן קיין זאַך ניט צובראָכן , מיר האָבן זיך צוגעפּאַסט ; אונזערע צוואַנציק יאָר, וואָס האָבן פֿאַרשיידענע זאַכן אַזוי פֿאַרשווערט, האָבן אונז דערבײַ דווקא געהאָלפֿן. דער עיקר איז אָבער געווען , וואָס אין אונז האָט אויפֿגעוואַכט אַ פֿעסטער, פּראַקטישער געפֿיל פֿון צוזאַמענגעהעריקייט, פֿון געמיינזאַמקייט, און אַפֿן שלאַכט־פֿעלד איז זיך דאָס געפֿיל נאָך מער פֿאַנאַנדערגעוואַקסן, און ס'איז פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין דאָס בעסטע, וואָס די מלחמה האָט אַרויסגעבראַכט: אין חבֿרשאַפֿט!

***

איך זיץ באַ קעמעריכס בעט. אים ווערט אַלץ ערגער און ערגער . אַרום אונז איז אַ גרויסער געפּילדער. ס'איז אָנגעקומען אַ לאַזאַרעט־צוג, און מען קלייבט אָפּ די פֿאַרוווּנדיקטע, וואָס קאָנען אַריבערגעפֿירט ווערן. דער דאָקטאָר גייט פֿאַרבײַ קעמעריכס בעטל, און ער קוקט אים אַפֿילו ניט אָן.

"דעם קומעדיקן מאָל, פֿראַנץ", זאָג איך.

ער הייבט זיך אויף פֿון דעם קישן און שפּאַרט זיך אָן אַפּן עלנבויגן. "זיי האָבן מיך אַמפּוטירט".

הייסט עס, אַז ער ווייס דאָס שוין . איך שאָקל צו מיטן קאָפּ און ענטפֿער: "מעגסט צופֿרידן זײַן, וואָס דו ביסט אַזוי אָפּגעקומען".

ער שווייגט.

איך רייד ווײַטער: "מ'האָט דאָך ביידע פֿיס אויך געקאָנט אַראָפּנעמען , פֿראַנץ. וועגעלער האָט אָנגעוואָרן זײַן רעכטע האַנט. דאָס איז בלי־ספק ערגער. דו קומסט דאָך צוליב דעם צוריק אַהיים."

ער קוקט מיך אָן: "מיינסט אַזוי?"

"געוויס."

26

ער פֿרעגט נאָכאַמאָל איבער: "מיינסטו דאָס טאַקע?"

"געוויס, פֿראַנץ, דו דאַרפֿסט נאָר קומען צו זיך נאָך דער אָפּעראַציע."

ער ווינקט מיר , איך זאָל זיך צורוקן . איך בויג זיך איבער אים אַריבער , און ער שעפּטשעט: "איך גלויב ניט אין דעם".

"רייד ניט קיין נאַרישקייט , פֿראַנץ, אין עטלעכע טעג אַרום וועסטו דאָס אַליין אײַנזען. אַ גרויסע זאַך: אָפּגעשניטן אַ פֿוס; דאָ ווערן וויכטיקערע זאַכן אויך צוריק צוזאַמענגעלאַטעט."

ער הייבט אויף אַ האַנט. "גיב נאָר אַ קוק אַף די פֿינגער."

"דאָס קומט אַלץ פֿון דער אָפּעראַציע . עס נאָר, ווי נויטיק איז , וועט שוין אַלץ גוט ווערן . באַקומט איר עפּעס לײַטיש צו עסן?"

ער ווײַזט מיר אַ שיסל, וואָס איז נאָך פֿול ביזן העלפֿט. איך ווער אופֿגערעקט. "פֿראַנץ, דו מוזט עסן. עסן איז דער עיקר. די קעסט איז דאָך דאָ גוט."

ער לאָזט זיך ניט איבעררייידן . נאָך אַ קורצער הפסקה זאָגט ער פּאַמעלעך: "איך האָב געוואָלט ווערן אַ וואַלד־אופֿזעער."

"דאָס קאָנסטו דאָך שטענדיק ווערן", טרייסט איך אים.

"ס'זײַנען איצט פֿאַראַן גרויסאַרטיקע פּראָטעזעס, אין זיי מערקסטו גאָר אַפֿילו ניט, אַז דיר פֿעלט עפּעס. זיי ווערן ווי פֿון איין שטיק מיט די מוסקלען . באַ האַנט־פּראָטעזעס קאָן מען באַוועגן מיט די פֿינגער. און אַרבעטן, שרײַבן אַפֿילו. און אַחוץ דעם ווערן נאָך אַלץ מער און מער נײַסן אויסגעפֿונען".

ער ליגט אַ ווײַלע שטיל. נאָכדעם זאָגט ער: "דו קאָנסט מיטנעמען פֿאַר מילערן מײַנע שניר־שיך".

איך שאָקל צו און טראַכט באַ זיך צו, וואָס איך זאָל אים זאָגן , כדי אים אופֿצומונטערן. זײַנע ליפּן זײַנען פֿאַרווישט, זײַן מויל איז גרעסער געוואָרן , די ציין זײַנען אויסגעשטשירעט , ווי זיי וואָלטן זײַן פֿון קרײַט. דאָס פֿלייש צוגייט, דער שטערן וועלבט זיך בולטער, די סקולעס טרעטן שאַרפֿער אַרויס . דער סקעלעט שטופּט זיך שוין דורך. די אויגן פֿאַלן אַרײַן. אין משך פֿון אַ פּאָר שעה וועט שוין קומען דער סוף.

ער איז ניט דער ערשטער , וועמען כ'זע אַזוי; אָבער מיר זײַנען צוזאַמען אויסגעוואַקסן, און דאָ איז שוין דער ענין אַביסל אַנדערש. איך פֿלעג אָפּשרײַבן פֿון אים די שול־ אַרבעטן. אין שול האָט ער שטענדיק געטראָגן אַ ברוין רעקל מיט אַ גורט, און אין די אַרבל איז דאָס רעקל געווען בלאַנק אויסגעריבן . ער איז געווען דער איינציקער צווישן אונז, וועלכער האָט קונציק דורכגעפֿירט די גרויסע איבונג אַפּן טורן־שטאַנג. און בעת ער האָט זיך געדרייט , זײַנען אים די האָר שטענדיק געפֿאַלן אין פּנים, ווי זײַד. קאַנטאָרעק האָט צוליב דעם מיט אים שטאָלצירט . אָבער קיין פּאַפּיראָסן האָט ער בשום אופֿן ניט געקאָנט פֿאַרטראָגן. זײַן הויט איז געווען צאַרט ווײַס, ער איז בכלל געווען אַ ביסל ווײַבעריש.

איך קוק אַראָפּ אַף מײַנע שטיוול. זיי זײַנען גרויס און אומגעלומפּערט , די הויזן זײַנען אַרײַנגעקאַשערט אין זיי; בעת מען הייבט זיך אויף, זעט מען אויס אין די דאָזיקע קישקעס דיק און קרעפֿטיק . אָבער ווען מיר גייען זיך באָדן און טוען זיך אויס , באַקומען מיר מיטאַמאָל ווײַטער שמאָלע פֿיס און שמאָלע פּלייצעס . דעמאָלט זײַנען מיר מער קיין זעלנער ניט , נאָר כמעט אינגלעך, עס לאָזט זיך גאָרניט גלויבן, אַז מיר האָבן

כּח צו שלעפּן דאָס רענצל . ס'איז אַ מאָדנע רגע, בעת מיר שטייען נאַקעט ; דעמאָלט זײַנען מיר ווײַטער ציוויל־מענטשן, און מיר פֿילן זיך טאַקע כּמעט אַזוי.

פֿראַנץ קעמעריך האָט באַם באָדן זיך אויסגעזען קליין און שמאָל , ווי אַ קינד. אָט ליגט ער דאָ איצט, און פֿאַרוואָס? ס'וואָלט געווען אַ יושר פֿאַרבײַצופֿירן די גאַנצע וועלט פֿאַר דאָס בעטל און זאָגן: דאָס איז פֿראַנץ קעמעריך נײַנצן אַ האַלב יאָר אַלט, ער וויל ניט שטאַרבן. לאָזט אים ניט שטאַרבן!

28

מײַנע געדאַנקען הויבן זיך אָן מישן . די לופֿט פֿון קאַרבאָל און טויט פֿאַרמיסטיקט די לונגען , זי איז אַ קריכעדיקע קאַשע, וואָס ווערגט.

עס ווערט טונקל. קעמעריכס פּנים בלייכט זיך אַרויס פֿון די קישנס און שימערירט מיט זײַן בלאַסקייט. די ליפּן באַוועגן זיך שטיל. איך בויג זיך צו , ער שעפּטשעט: "ווען איר ט'געפֿינען מײַן זייגער , שיקט אים אָפּ אַהיים."

איך רייד נישט אַנטקעגן . ס'האָט מער ניט קיין זין . מען קאָן אים שוין ניט איבערצײַגן . איך מאַטער זיך צוליב מײַן אומבאַהאָלפֿנקייט. אָט דער שטערן מיט די אײַנגעפֿאַלענע שלייפֿן , די מויל, וואָס איז שוין מער ניט ווי אַ געביס, די שפּיציקע נאָז ! און אינדערהיים די דיקע , יאָמערנדיקע מאַמע, צו וועלכער איך מוז שרײַבן. ווען איך וואָלט שוין געהאַט דעם בריוו אָפּגעשיקט.

סאַניטאַרן גייען אַרום מיט פֿלאַשן און עמערס. איינער קומט צו, וואַרפֿט אַף קעמעריך אַ פֿאָרשנדיקן קוק און גייט ווײַטער אַוועק. מען זעט, אַז ער וואַרט, מסתּמא דאַרף ער נויטיק דאָס בעטל.

איך רוק זיך צו נאָענט צו פֿראַנץ און רייד צו אים , פּונקט ווי דאָס וואָלט אים געקאָנט ראַטעווען: "מעגלעך, פֿראַנץ, אַז דו וועסט אַרײַנפֿאַלן אין דעם דערהוילונג־היים אַפֿן קלויסטער־באַרג, צווישן די ווילעס. דאָרטן וועסטו קאָנען פֿון פֿענסטער אַרומכאַפּן מיטן אויג אַלע פֿעלדער, ביז צו דיביידע בוימער אַפֿן האָריזאָנט. איצט איז די שענסטע צײַט ,דער קאָרן ווערט אויסגערײַפֿט ,און אין דער אונטערגייענדיקער זון זעען די פֿעלדער אויס ווי פּערל־מוטער .און די אַלייע אַפֿן ראַנד פֿונם קלויסטער־טײַכל ,ווּ מיר האָבן געכאַפּט פֿישעלעך! דעמאָלט וועסטו דיר ווײַטער קאָנען מאַכן אַן אַקוואַריום און האָדעווען פֿיש ,דו וועסט קאָנען גיין ,ווען דו ווילסט ,און וועסט קיינעם ניט דאַרפֿן פֿרעגן ,און ווען דו וועסט וועלן ,וועסטו אַפֿילו קאָנען שפּילן קלאַוויר."

איך בויג זיך אַריבער איבער זײַן פּנים ,וואָס ליגט אין שאָטן .ער אָטעמט נאָך שטיל ,קוים צו הערן. זײַן פּנים איז נאַס. ער וויינט. יאָ, כ'האָב אָפּגעטאָן אַ שיינע שטיקל אַרבעט מיט מײַן נאַרישער פּלאַפּלערײַ!

"פֿראַנץ" — איך נעם אַרום זײַן אַקסל און לייג צו מײַן פּנים צו זײַנעם. "ווילסט איצט שלאָפֿן?"

ער ענטפֿערט נישט, די טרערן רינען אים אַראָפּ פֿון די באַקן. איך וואָלט זיי אויסגעווישט, אָבער מײַן טאַשן־טיכל איז צו ברודיק.

אַזוי פֿאַרגייט אַ שעה. איך זיץ אָנגעשפּאַנט און היט אָפּ יעדע מינע ז ײַנע, אויב ער וויל נאָך אַמאָל ניט עפּעס זאָגן. ווען ער וואָלט נאָר עפֿענען די מויל און אַ געשריי טאָן! אָבער ער האַלט נאָר דעם קאָפּ אָן אַ זײַט און וויינט. ער רעדט ניט פֿון זײַן מאַמען און פֿון זײַנע ברידער און שוועסטער, ער זאָגט גאָרנישט, דאָס אַלץ האָט ער שוין געלאָזן הינטער זיך ; — ער איז איצט געבליבן אַליין מיט זײַן קליינינקן נײַנצן־יאָריקן לעבן און ער וויינט, ווײַל דאָס לעבן פֿאַרלאָזט אים.

דאָס איז דער שווער סטער אָפּשייד וואָס איך האָב נאָר אַריבערגעלעבט; אַפֿילו באַ דעם גבור טיאַדען, וועלכער האָט געיאָמערט נאָך זײַן מאַמען, און האָט מיט פֿאַרגלאָצטע אויגן און מיט אַן אַנטבלויזטן שפּיז ניט צוגעלאָזן צו זיך דעם דאָקטאָר, איז אויך ניט אַזוי שוידערלעך געווען.

מיטאַמאָל קרעכצט זיך קעמעריך אָפּ און הויבט אָן כאָרכלען.

איך שפּרינג אוף, לויף מיט שטרויכלענדיקע פֿיס אַרויס און פֿרעג: "ווּ איז דער דאָקטאָר? ווּ איז דער דאָקטאָר?"

ווען איך דערזע דעם ווײַסן כאַלאַט, פֿאַרהאַלט איך אים.

"קומט אַף גיך, אַניט וועט פֿראַנץ קעמעריך אָפּשטאַרבן."

ער באַפֿרײַט זיך פֿון מײַנע הענט און פֿרעגט באַ אַ דערבײַשטייענדיקן סאַניטאַר: "וואָס איז דער נומער?"

יענער זאָגט: "בעט 26, אַמפּוטירט דעם אויבערקני."

ער בייזערט זיך: „פֿונוואַנען זאָל איך דאָס וויסן, איך האָב היינט פֿונף פּיס אַמפּוטירט”, שטויסט מיך אָפּ, זאָגט צום סאַניטאַר: „טוט אַ קוק”, און לויפֿט אַוועק צום אָפּעראַציע־זאַל.

13

איך גיי מיטן סאַניטאַר און כ'ציטער אינגאַנצן פֿון איינגעהאַלטענעם כּעס. ער קוקט מיך אָן און זאָגט: „איין אָפּעראַציע נאָך דער אַנדערער, פֿון פֿינף אַזייגער באַגינען — ס'איז משוגע צו ווערן, זאָג איך דיר, פֿאַרן היינטיקן טאָג זיינען זעכצן מאַן אַוועק — דיינער איז דער זיבצעטער. בלי־ספֿק וועט נאָך דערגיין ביז צוואַנציק —”.

איך ווער שוואַך, איך קאָן שוין מער ניט. איך וויל מער ניט שילטן, ס'לוינט זיך ניט, איך וואָלט זיך וועלן אַנידערוואַרפֿן און מער ניט אופֿשטיין.

מיר שטייען בײַ אַ קעמעריכס בעטל. ער איז טויט. דאָס פּנים איז נאָך נאַס פֿון טרערן. די אויגן זיינען האַלב אָפֿן, זיי זיינען געל, ווי אַלטע ביינערנע קנעפּ.

דער סאַניטאַר דערלאַנגט מיר אַ טאָרקע. „וועסט מיטנעמען זיינע זאַכן ?

איך שאָקל צו.

ער זאָגט ווײַטער: „מיר מוזן אים תּיכּף אַרויסטראָגן, מיר דאַרפֿן נויטיק דאָס בעטל. אַף דער פּאָדלאָגע ליגט מען שוין און מען וואַרט.

איך קלײַב צוזאַמען די זאַכן און קנעפּל אָפּ קעמעריכס דערקען־צייכן. דער סאַניטאַר פֿרעגט זיך נאָך אַפֿן זעלנער־ביכל. עס איז ניטאָ. איך זאָג, אַז ס'מוז ליגן אין קאַנצעלייאַריע. הינטער מײַן פּלייצע פּאַקט מען שוין פֿראַנצן אַרײַן אין אַ געצעלט־לײַוונט.

אַז איך גיי אַרויס, קומען מיר דער חושך און דער ווינט אַנטקעגן ווי אַן אויסלייזונג. איך עטעם אָפּ ווי טיף איך קאָן נאָר, און שפּיר, ווי מײַן פּנים ווערט געצערטלט דורך אַ וואַרימער און ווייכער לופֿט. מיטאַמאָל קומען מיר אויף געדאַנקען וועגן מיידלעך, וועגן בליענדע לאָנקעס, וועגן ווײַסע וואָלקנס. מײַנע באַשטיוולטע פֿיס באַוועגן זיך פֿאָרווערטס, איך גיי גיך, איך לויף. זעלנער גייען פֿאַרבײַ מיר, זייערע שמועסן רעקן מיך אויף, אָבער איך פֿאַרשטיי זיי ניט. די ערד איז באַפֿרוכפּערט מיט כּחות, וועלכע דרינגען אין מיר אַרײַן דורך מײַנע פֿוס־טריט און שטראָמען מיך דורך . די נאַכט שפּריצט מיט עלעקטרישע פֿונקן, דער פֿראָנט דונערט טעמפּ, ווי אַ פּײַקל־קאָנצערט. מײַנע איברים באַוועגן זיך עלאַסטיש, איך פֿיל מײַנע געלייִנקען, איך סאָפּע און פּרײַך. די נאַכט לעבט, איך לעב. איך דערפֿיל אַ הונגער, אַ גרעסערן, אַ גרעסערן, ווי נאָר דעם מאָגן־הונגער. —

מילער שטייט פֿאַרן באַראַק און וואַרט מיך אָפּ. איך גיב אים אַוועק די שיך. מיר גייען אַרײַן, און ער פּאַסט זיי אָן, זיי זיינען אים פּונקט אין מאָס.—

ער נישטערט אין זײַן שפּײַז־פּעקל און דערלאַנגט מיר אַ גרויסן שטיק קעלבאַס. דערצו איז נאָך פֿאַראַן הייסער טיי מיט ראָם.

3

מיר האָבן באַקומען דער גאַנצונג. די בלויזן זיינען אויסגעפּילט געוואָרן, און באַלד זיינען שוין אַלע שטרוי־זעק אין באַראַק פֿאַרנומען. טיילוויז זיינען דאָס אַלטע לײַט, אָבער עס זיינען אונדז אויך צוגעשיקט געוואָרן פֿינף־און־צוואַנציק יונגעלײַט פֿון די פֿעלדרעקרוטן־קאַזאַרמעס. זיי זיינען כּמעט אַף אַ יאָר אינגער פֿון אונדז. קראָפּ דורקעט מיך: „האָסט געזען די עופֿהלעך? ”

איך שאָקל צו מיטן קאָפּ. מיר גרויסן זיך, לאָזן זיך אָפּגאָלן, האַלטן די הענט אין די הויזן־קעשענעס, באַטראַכטן די רעקרוטן און פֿילן זיך ווי אַלטע מיליטער־לײַט.

קאַטשינסקי קומט אויך צו צו אונדז. מיר קווערן דורך די פֿערד־שטאַלן און קומען צו די דערגאַנצונג־סאָלדאַטן, צווישן וועלכע מען טיילט גראָד איצט גאַז־מאַסקעס און קאַפּע. קאַט פֿרעגט באַ איינעם פֿון די אינגסטע: „איר האָט שוין אודאי אַ לאַנגע צײַט ניט באַקומען קיין לײַטישע קעסט?”

יענער פֿאַרקרימט זיך : „אינדערפֿרי בוריקעס־ברויט — צו מיטיק בוריקע ס־געקעכץ, אין אָוונט בוריקעס־קאָטלעטן און בוריקעס־סאַלאַט.”

קאַטשינסקי טוט אַ פֿײַף מעשׂה ווווילקענער. „ברויט פֿון בוריקעס? נו, האָט איר נאָך מזל געהאַט, זיי מאַכן שוין ברויט פֿון זעגלשפּענער אויך. אָבער וואָס וועסטו זאָגן וועגן ווײַסע בעבלעך, ווילסט אפֿשר אַ פּאָרציע?”

דער אינגל פֿאַררויטלט זיך. ״צו וואָס זאָלסטו מיך אויסנאַרן?״
32
קאַטשינסקי ענטפֿערט: ״נעם מיט דײַן קעסעלע.״
מיר גייען נײַגעריק נאָך. ער פֿירט אונז צו צו אַ פֿעסל לעבן זײַן שטרויזאַק. דאָס פֿעסל איז אין דער אמתן ביזן העלפֿט פֿול מיט ווײַסע בעבלעך און מיט רינד-פֿלייש.
קאַטשינסקי שטעלט זיך פֿאַר דעם, ווי אַ גענעראַל. און זאָגט: ״די אויגן אַרוף. די פֿינגער אויסציען: דאָס איז דער פּאַראָל פֿון די פּרײַסן.״
מיר זײַנען נשתּומם. איך פֿרעג. ״אַ רוח אין דײַן פּנים, קאַט, ווי קומסטו צו אַזאַ מין אוצר?״
״דער קוכער איז צופֿרידן געווען, וואָס איך האָב דאָס אָפּגענומען באַ אים. איך האָב אים דערפֿאַר געגעבן דרײַ רעשטלעך פּאַראַשוטן־זײַד. קאַלטערהייט זײַנען די ווײַסע בעבלעך גאָר אַ מין מאכל־מלכים.״
ער גיט דעם אינגל אַ פּאָרציע מיט אַ קויפּ און זאָגט:
״ווען דו קומסט אַהער אַ צווייטן מאָל מיט דײַן קעסעלע, זאָלסט אין דײַן לינקער האַנט האָבן אַ ציגאַר, אָדער אַ קײַ־טאַבאַק. פֿאַרשטאַנען?״
נאָכדעם ווענדט ער זיך צי אונז. ״איר, פֿאַרשטייט זיך, באַקומט אומזיסט.״
3
אָן קאַטשינסקי קאָן מען באמת ניט אויסקומען, ווײַל ער פֿאַרמאָגט אַ זעקסטן חוש. אומעטום קאָן מען געפֿינען אַזעלכע פּאַרשוינען, אָבער אין דער ערשטער רגע זעט קיינער ניט, אַז דאָס איז אַזוי. יעדער ראָטע האָט איינעם אָדער צוויי מענטשן פֿון דעם מין. קאַטשינסקי איז דער סאַמע דורכגעטריבענער, וואָס איך האָב נאָר באַגעגנט. לויט זײַן באַרוף איז ער, ווי מיר שײַנט, אַ שוסטער, אָבער דאָס שטערט אים לחלוטין ניט, ער פֿאַרשטייט יעדע מלאכה. עס איז גוט מיט אים צו זײַן חבֿרים. מיר זײַנען זײַנע פֿרײַנט, קראָפּ און איך. אויך האַיע וועסטוס געהערט טייל־ווײַז צו אונזער קאָמפּאַניע. ער איז יעדנ פֿאַלס דער אויספֿירנדיקער כּח, ווײַל בעת עס מאַכט זיך אַ שטיקל אַרבעט, צו וועלכער מען דאַרף האָבן קולאַקעס, אַרבעט ער אונטערן באַפֿעל פֿון קאַט. דערפֿאַר באַקומט ער דעמאָלט אויך אַ טייל.
מיר קומען, למשל, באַנאַכט אָן אין אַ לחלוטין אומבאַקאַנטן אָרט, אַ חושכדיקן נעסט, ווו מען זעט באַלד, אַז אַלע זײַנען דאָרטן קבצנים אין זיבן פּאָלעס. מיר שטייען אײַן אין אַ קליינעם טונקעלן פֿאַבריקל, וועלכער איז ש וין פֿריער צוגעגרייט געוואָרן פֿאַר אונז. עס שטייען ד אָרטן בעטלעך , ריכטיקער גע זאָגט, נאָר בעט־ראַמען, אַ פּאָר הילצערנע געשטעלן, פֿאַרצויגן מיט אַ דראָט־געפֿלעכט.
דראָט־געפֿלעכט איז האַרט. אַ קאָלדרע אַף אונטערצולייגן האָבן מיר ניט, אונזער קאָלדרע דאַרפֿן מיר אַף צוצודעקן זיך. דאָס געצעלט־לײַוונט איז דין.
קאַט קוקט זיך דאָס אָן און זאָגט צו האַיע וועסטוס:
״קום מיט.״ זיי גייען אַוועק אין דעם אומבאַקאַנטן שטעטל. אין אַ האַלב שעה אַרום זײַנען זיי דאָ צוריק, און זיי ברייננגען גר ויסע קוליעס שטרוי. קאַט האָט געפֿונען אַ פֿערדן־שטאַל און שטרוי דערין. מיר וואָלטן שוין איצט געקאָנט כאַפּן אַ פֿײַנעם דרעמל, ווען מיר וואָלטן אָבער ניט געווען אַזוי הונגעריק.
קראָפּ פֿרעגט באַ אַן אַרטילעריסט, וואָס איז שוין פֿון לייגנער אין דעם געגנט: ״איז דען דאָ ערגעץ פֿאַראַן אַ זעלנער־קרעמל?״
יענער לאַכט: נאָך אַ נײַס, דאָ קאָן מען גאָרנישט ניט באַקומען. אַפֿילו קיין ברויט־קאָרקע קאָן מען דאָ ניט באַקומען.״
״זײַנען דאָ גאָר קיין אײַנוווינער ניט פֿאַראַן?״
ער שפּײַט אויס. ״יאָ, אַ פּאָר זײַנען נאָך געבליבן. אָבער זיי דרייען זיך אַליין אַרום יעדן קיך־קעסל און בעטלען אַ שטיקל ברויט.״
דאָס איז אַ פּאַסקודנע זאַך. מיר מוזן, הייסט עס, פֿעסטער אײַנציען דעם רימען אַפֿן לײַב און וואַרטן, ביז אונזער קיך וועט מאָרגן פֿרי קומען.
איך זע אָבער, ווי קאַט טוט אָן זײַן היטל, און כ׳פֿרעג:
״וווּהין גייסטו, קאַט?״
34
״זיך אַביסל צוקוקן, וואָס ס׳טוט זיך.״ ער גייט אַרויס.

דער אַרטילעריסט לאַכט איראָניש. "קוק זיך צו! פֿאַרשאַט זיך נאָר ניט דערבײַ."

מיר לייגן זיך מיט גרויס אַנטוישונג און זײַנען זיך מישב [meyášev], אויב מיר זאָלן עפּעס אָפּגריזשענען פֿון די אײַזערנע פּאָרציעס. אָבער ס'איז אַ גרויסע ריזיקע. און מיר פּרוּוון אײַנדרעמלען.

קראָפּ רײַסט איבער אַ סיגאַרעטל און גיט מיר די העלפֿט.

טיאַדען דערציילט וועגן זײַן נאַציאָנאַלן מאכל, גרויסע בעבלעך מיט שפּעק. אים געפֿעלט ניט, אַז מען גרייט דאָס צו אָן בעבלעך־קרויט. קודם כּל מוז מען אַלץ אינאיינעם אויסקאָכן, בשום אופֿן טאָר מען ניט קאָכן באַזונדער די בולבעס, די בעבלעך און די שפּעק. עמיץ בורטשעט, אַז ווען טיאַדען וועט תּיכּף ניט אופֿהערן צו האַקן אַ טשײַניק, וועט ער פֿון אים גופֿא מאַכן אַ בעבלעך־קאַשע. אין דעם גרויסן רוים ווערט רויִק. נאָר אין די העלזלעך פֿון די פֿלאַשן ברענען אַ פּאָר ליכט, און פֿון צײַט צו צײַט שפּײַט דער אַרטילעריסט אויס.

מיר דרעמלען שוין אַ ביסל, ווען די טיר עפֿנט זיך און קאַט קומט אַרײַן. מיר שײַנט, אַז איך זע אַ חלום: אונטערן אָרעם האַלט ער צוויי ברויטן, און אין האַנט שלעפּט ער אַ פֿאַרבלוטיקטן זאַק מיט פֿערדן־פֿלייש.

באַם אַרטילעריסט פֿאַלט אַרויס די ליולקע פֿון מויל. ער באַטאַפּט דאָס ברויט. "יאָ, ס'איז טאַקע אמתדיק ברויט, און ס'איז נאָך וואַרעם."

קאַט רעדט ניט וועגן דעם. ער האָט ברויט, דאָס איבעריקע איז אים שוין גלײַך. איך בין זיכער, אַז ווען מען וועט אים לאָזן אַליין אַפֿילו אין מדבר, וועט ער אין אַ שעה צײַט זיך צוגרייטן אַ וועטשערע פֿון טייטלען, געבראָטענס און ווײַן. ער זאָגט בקיצור צו האַיע: "האַק אָן האָלץ." נאָכדעם שלעפּט ער אַרויס פֿון אונטער זײַן רעקל אַ בראָט־פֿאַן און נעמט אַרויס פֿון קעשענע אַ הויפֿן זאַלץ און אַפֿילו אַ פּענעץ שפּעק; — ער האָט געטראַכט וועגן אַלץ. האַיע מאַכט פֿײַער אַף דער פּאָדלאָגע. אין דעם ליידיקן פֿאַבריק־רוים נעמט קנאַקן. מיר קריכן אַרויס פֿון די בעטן.

דער אַרטילעריסט ווייס ניט, וואָס צו טאָן. ער איז זיך מישב, צי זאָל ער לויבן, כּדי אים זאָל אויך עפּעס אָפּפֿאַלן. אָבער קאַטשינסקי קוקט אים גאָרניט אָן. ער עקזיסטירט גאָר פֿאַר אים ניט. און ער גייט אַוועק, זיך זידלענדיק.

קאַט ווייס ווי אַזוי צוצוגרייטן אַ ווייך פֿערדיש געבראָטנס. מען דאַרף ניט דאָס פֿלייש תּיכּף לייגן אַפֿן פֿאַן, אַניט ווערט דאָס האַרט. פֿריער מוז מען דאָס אַביסל דורכקאָכן אין וואַסער. מיר זעצן זיך אויס אין אַ רונדעל מיט אונזערע מעסערס אין די הענט און פּאַקן זיך אָן די בייכער.

אָט דאָס איז קאַט. ווען עס זאָל זיך אין ערגעץ אַ געגנט באַווײַזן עפּעס עסנוואַרג נאָר אַף איין שעה אין משך פֿון אַ גאַנצן יאָר, וועט ער פּונקט אין דער שעה, ווי געטריבן פֿון עפּעס אַ רוח־הקודש, אָנטאָן זײַן היטל, גיין גראָד אַהין, און ווי פֿון אַ קאָמפּאַס געפֿירט, געפֿינען וואָס ס'איז נויטיק.

ער געפֿינט אַלץ; — ווען ס'איז קאַלט, געפֿינט ער אויווועלעך און האָלץ, היי און שטרוי, טישן, שטולן, — אָבער אין דער ערשטער שורה אכילה. עס איז פּשוט אַ רעטעניש, עס זעט אויס, ווי ער וואָלט דאָס אַלץ באַקומען מיט כּישוף. זײַן גרעסטער אויפֿטו איז געווען, בעת ער האָט איינמאָל דערקאַזשעט פֿיר שאַכטלעך אָמאַרעס. יעדנפֿאַלס וואָלטן מיר צופֿרידענער געווען מיט שמאַלץ.

***

מיר האָבן זיך אויסגעלייגט אַף דער זוניקער זײַט פֿון די באַראַקעס. עס טראָגט מיטן ריח פֿון פּעך, פֿון זומער, פֿון פֿאַרשוויצטע פֿיס.

קאַט זיצט לעבן מיר, ווײַל ער האָט ליב צו כאַפּן אַ שמועס. הײַנט באַטאָג האָבן מיר זיך אַ גאַנצע שעה געיבט, ווי אָפּצוגעבן מיליטערישן כּבוד, ווײַל טיאַדען האָט ניט באַגריסט אַ מאַיאָר, ווי געהעריק איז. דאָס קאָן קאַט בשום אופֿן ניט פֿאַרגעסן. ער זאָגט: "איר ט'זעט, מיר וועלן פֿאַרשפּילן דעם קריג, ווײַל מיר פֿאַרשטייען זיך צו גוט אַף באַגריסן".

קראָפּ שפּרינגט צו צו אונדז, באָרוועס, די הויזן פֿאַרקאַשערט. ער לייגט אויס זײַנע אויסגעוואַשענע סקאַרפּעטקעס אַפֿן גראָז צום טריקענען. קאַט קוקט אַרויף אַפֿן הימל, לאָזט אַרויס אַ קלאַנג, ווי אַ דונער, און זאָגט נאָכדעם פֿאַרקלערט: "יעדער בעבל לאָזט הערן זײַן קולכל".

זיי הויבן ביידע אָן זיך צו האַמפּערן. זיי גייען אין געוועט אַף אַ פֿלאַש ביר בנוגע [benegéye] דעם אויסגאַנג פֿון אַ לופֿט־געפֿעכט, וואָס שפּילט זיך איבער אונדז אָפּ.

קאַט האַלט זיך באַ דאָס זײַניקע. ער האָט זיך זײַן ווערטל, וואָס ער זאָגט אַרויס אין גראַמען: "וואָלטן אַלע געהאַט גלײַכע שׂכירות און עסן, – וואָלט שוין דער קריג לאַנג געווען פֿאַרגעסן". —

קראָפּ ווידער איז אַ פֿילאָזאָף. ער לייגט פֿאָר, אַז אַ מלחמה־דערקלערונג זאָל זײַן אַ מין פֿאָלקס־חגא אַף בילעטן און מיט מוזיק, אַזוי ווי אַף אָקסן־קאַמפֿן. און די מיניסטערס און גענעראַלן פֿון ביידע מדינות זאָלן אַף דער אַרענע זיך שלאָגן איינע מיט די אַנדערע, אָנגעטאָן אין באָד־הויזלעך און באַוואָפֿנט מיט שטעקנס. ווער עס וועט אַרויס גאַנץ מיט די ביינער, יענעמס מדינה האָט מנצח געווען. דאָס וואָלט געווען פּשוטער און בעסער, ווי דאָ, ווו עס שלאָגן זיך איינער מיטן אַנדערן ניט די אמתע שולדיקע.

דער פֿאָרלייג האָט בײַפֿאַל. נאָכדעם גליטשט זיך דער שמועס אַריבער אַף דער קאַזאַרמע־תּורה.

דערבײַ פֿאַלט מיר אײַן אַ בילד. אַ צעגליטער טאָג אַפֿן קאַזאַרמע־הויף; די היץ ליגט אומבאַוועגלעך איבערן פּלאַץ. די קאַזאַרמעס זעען אויס, ווי אויסגעשטאָרבן. אַלץ שלאָפֿט. מען הערט נאָר, ווי פּײַקלערס חזרן זיך, זיי האָבן זיך ערגעץ צונויפֿגעקליבן און חזרן זיך, אומגעלומפּערט, איינטאָניק, טעמפּ. ווי אָט די אַלע דרײַ זאַכן קלינגען זיך צונויף: מיטיק־היץ, קאַזאַרמע־הויף און פּײַקלערײַ!

37

די פֿענסטערן פֿון דער קאַזאַרמע זײַנען ליידיק און טונקל. פֿון אַנדערע הייגען אַרויס און טריקענען זיך באַוועלנע הויזן. מען קוקט מיט בייגקעניש אַריבער זיי. אין די שטובן איז קיל. —

אָ, איר חושכדיקע, פֿאַרשימלטע קאַזאַרמע־שטובן מיט די אײַזערנע בעט־געשטעלן, די צערײַעטע בעטן, די שריינקלעך און די טאַבורעטקעס פֿאַר דעם! אַפֿילו איר קאָנט אויך ווערן אַן אידעאַל, צו וועלכן מען שטרעבט; דאָ, אַפֿן שלאַכט־פֿעלד, זײַט איר אויך אַ לעגענדאַרישער אָפּגלאַנץ פֿון דער היים מאַט, איר קעמערלעך, פֿול טשאַד פֿון אָפּגעשטאַנענע עסנס, פֿון שלאָף, רויך און פֿון בגדים:

קאַטשינסקי שילדערט זיי טיט פֿאַרבן־פּראַכט און מיט גרויסער גערירטקייט. וואָס וואָלטן מיר ניט אַוועקגעגעבן, אַז מיר זאָלן קאָנען צוריק צו זיי קומען! צו קלערן וועגן עפּעס בעסערס האָבן מיר שוין גאָר קיין העזה [hóze] ניט —

די אינסטרוקציע־שעהן אינדערפֿרי – "אַף וועלכע טיילן צו פֿאַלט דער ביקס 98?" – די טורן־שעהן נאָכמיטיק — "קלאַוויר־שפּילער פֿאָרויס. רעכטס. פֿאַרשרײַבט זיך אין קיך אַף צו שיילן בולבעס".

מיר קווילן פֿון די זכרונות. דערווײַל האָט מען דעם דײַטשן אַעראָפּלאַן אַראָפּגעשאָסן. ער פֿאַלט אַראָפּ אין אַ וואָלקן רויך, ווי אַ קאָמעט. קראָפּ האָט צוליב דעם פֿאַרשפּילט אַ פֿלאַש ביר און ער ציילט או מעטיק זײַן געלט.

"ווי אַ בריוו־טרעגער איז הימעלשטאָס אַ באַשיידענער מענטשל", האָב איך געזאָגט, נאָכדעם ווי אַלבערטס אַנטוישונג האָט זיך אײַנגעלייגט, "אָבער ווי קומט דאָס, אַז ווי אַן אונטער־אָפֿיציר איז ער אַזאַ הורג־נפֿש?"

די פֿראַגע מאַכט ווײַטער קראָפּן באַוועגלעך. "דאָס איז ניט נאָר הימעלשטאָס אַליין, דאָס זײַנען נאָך אַ סך. ווי נאָר זיי באַקומען בענדלעך אָדער אַ שווערד, ווערן זיי גאָר אַנדערע מענטשן, פּונקט ווי זיי וואָלטן זיך אָנגעשלונגען מיט אײַזן."

38

"דאָס מאַכט דער מונדיר", זאָג איך אַרויס אַ מיינונג.

"אומגעפֿער איז דאָס אַזוי", זאָגט קאַט און גרייט זיך צו האַלטן אַ לאַנגע דרשה, "אָבער די סיבה דערפֿון ליגט אין עפּעס אַנדערש. טו נאָר אַ קוק, ווען דו געוווינסט אײַן אַ הונט צו פֿרעסן בולבעס, און דו לייגסט נאָכדעם פֿאַר אים אַוועק אַ שטיקל פֿלייש, וועט ער פֿונדעסטוועגן זיך אַרופֿוואַרפֿן אַף דעם, ווײַל דאָס ליגט שוין אין זײַן נאַטור. און ווען דו גיסט אַ מענטשן אַביסל מאַכט, איז מיט אים אויך אַזוי; ער כאַפּט דאָס, ווי אַ פֿאַרהונגערטער. דאָס קומט שוין פֿון זיך אַליין, ווײַל קודם־כּל איז דער מענטש אַ חיה, און ערשט נאָכדעם אפֿשר איז אַף אים, ווי אַף אַ פּוטער־ברויטל, אַרופֿגעשמירט אַביסל לײַטישקייט. דער גאַנצער ענין זעלנערײַ האַלט זיך נאָר אַף דעם, וואָס איינער האָט שטענדיק מאַכט איבערן אַנדערן. שלעכט איז דערבײַ נאָר דאָס, וואָס יעדער איינער האָט שוין צופֿיל מאַכט; דער אונטער־אָפֿיציר קאָן דעם פּשוטן סאָלדאַט אַזוי פֿאַרמוטשענען, אַז יענער זאָל פֿון זינען אַראָפּ, דער לייטענאַנט קאָן דאָסזעלביקע טאָן מיטן אונטער־אָפֿיציר, און דער הויפּטמאַן — מיטן לייטענאַנט. און ווײַל ער ווייס זײַן אומבאַגרענעצטע מאַכט, זוכט ער איר שוין

אַרויסצוווײַזן. דו נעם נ אָר דעם פּשוטסטן משל: מיר גייען פֿון מושטירן און מיר זײַנען פֿאַרמאַטערט צום טויט. און מיטאַמאָל – אַ באַפֿעל: זינגען. נו, איז אַז אָך און ווי שוין צום געזאַנג, ווײַל יעדער איינער פֿרייט זיך, אַז ער האָט נאָך כּח צו שלעפּן זײַן ביקס. און תּיכּף ווערט די ר אָטע דערפֿאַר באַשטראָפֿט, זי מוז זיך צוריק אומקערן און זיך מושטירן נאָך אַ שעה. אַפֿן צוריקוועג הייסט מען ווײַטער זינגען, און איצט זינגט מען שוין, ווי נויטיק איז. וואָס פֿאַר אַ צוועק האָט דאָס אַלץ? דער לייטענאַנט האָט אויסגעפֿירט זײַנס, ווײַל ער האָט די מאַכט. קיינער וועט אים דאָס ניט אופּוואַרפֿן, פֿאַרקערט, ער באַקומט דורך דעם דעם נ אָמען פֿון אַ שטראַמען אָפֿיציר. און דאָס איז נאָך אַ קלייניקייט, עס זײַנען פֿאַראַן גאָר אַנדערע זאַכן, מיט וועלכע זיי פּײַניקן אונדז. נו, פֿרעג איך אײַך: קאָן אַ ציווילער מענטש, ווער ער זאָל אויך ניט זײַן, זיך דערלויבן אַזוינס און דערבײַ ניט כאַפּן אַ בערן פּיסק? דאָס קאָן מען נאָר אויספֿירן מיט זעלנער, זעט איר, און אַזעלכע מעגלעכקייטן פֿאַרשיכּורן יעדערן. און וואָס קלענער ער איז געווען אין זײַן ציוויל־באַרוף, אַלץ מער פֿאַרשיכּורט אים די מאַכט."

"ס'הייסט: דיסציפּלין מוז זײַן". — מאַכט קראָפּ פֿויל.

"צוצעפּעניַשן", ברומט קאַט, "האָבן ז יי שטענדיק. ס'קאָן זײַן. אָבער עס דאַרף דאָך ניט פֿאַרוואַנדלט ווערן אין אַ שיקאַנע. הײַנט גיי קלער דאָס אויף אַ שלאָסער, אָדער אַ קנעכט, אָדער אַן אַרבעטער ער זעט נאָר איינס: אַז ער ווערט געפּײַניקט און נאָך דעם אָפּגעשיקט אַפֿן שלאַכט־פֿעלד, און ער ווייס אַף אַ האָר, וואָס ס'איז נויטיק און וואָס ניט. איך זאָג אײַך, אַז ס'איז אַ חידוש וואָס דער זעלנער צעבונטעוועט זיך ניט! ס'איז פּשוט אַ חידוש!"

יעדער גיט דאָס צו, ווײַל יעדער ווייס, אַז נאָר דאָ, אין די פּאָזיציעס, הערט אויף דאָס אײַנדרעלן די קאַזאַרמע־תּורה, אָבער עטלעכע קילאָמעטער הינטערן פֿראָנט הויבט זיך דאָס שוין ווײַטער אָן און ס'שפּילט זיך אָפּ מיט דער גרעסטער אומזיניקייט, מיט מיליטערישע באַגריסונגען און פּאַראַד־מאַרשן. ווײַל ס'איז אַן אײַזערנער געזעץ: דער סאָלדאַט מוז בכל אופֿן האָבן אַרבעט.

עס קומט צו לויפֿן טיאַדען, מיט רויטע פֿלאַמעס אין פּנים.

ער איז אַזוי אופֿגערעקט, אַז ער שטאַמלט. שטראַלנדיק זאָגט ער וואָרט בא וואָרט: "הימעלשטאָס איז אונטערוועגס אַהער. ער קומט אַפֿן פֿראָנט".

***

טיאַדען ברענט אַף הימעלשטאָסן ווי אַ פֿײַער, ווײַל יענער האָט אים אין באַראַק געפּײַניקט אַף משונהדיקן אופֿן. טיאַדען מאַכט זיך נאָס באַנאַכט, באַם שלאָפֿן. הימעלשטאָס האָט געטענהט, אַז דאָס איז ניט מער, ווי פֿוילקייט, און ער האָט אויסגעפֿונען אַ באַזונדערן מיטל, כּדי טיאַדען אויסצוהיילן.

40

אין דעם שכנותדיקן באַראַק האָט ער אויסגעגראָבן נאָך אַ סאָלדאַט מיט דעמזעלביקן פֿעלער. יענער האָט געהייסן קינדער־פֿאַטער, און ער האָט אים אײַנקוואַרטירט צוזאַמען מיט טיאַדען. אין די באַראַקעס זײַנען געשטאַנען די טיפּישע בעט־געשטעלן, צוויי בעטן איינ ס איבערס אַנדערע, צווישן די ראַמען אָנגעצויגן דראָט. הימעלשטאָס האָט ביידן אַזוי אײַנפּלאַצירט, אַז איינער האָט באַקומען דאָס אויבערשטע בעטל, דער אַנדערער — דאָס אונטערשטע. דער אונטערשטער איז, פֿאַרשטייט זיך, צוליב דע ם געווען אַף גרויסע צרות. דערפֿאַר איז ער אָבער די צווייטע נאַכט אָפּגעביטן געוואָרן, און ווער ס'איז פֿריער געווען אונטן, דער איז הײַנט געקומען אויבן, כּדי זײַן שאָדן זאָל אים פֿאַרגיטיקט ווערן. אָט דאָס איז געווען די מעט אָדע פֿון הימעלשטאָסן.

די המצאה איז געווען גר אָב, אָבער די אידיי איז ניט קיין שלעכטע געווען. צום באַדויערן, האָט זי קיין נוצן ניט געבראַכט, ווײַל די לכתּחילהדיקע השערה [hašóre] איז געווען אַ פֿאַלשע: עס איז בא ביידן ניט געווען קיין פֿוילקייט. דאָס האָט געקאָנט אַ ײַנזען יעדער, ווער ס'האָט זיך נאָר צוגעקוקט צו זייער אַש־בלייכער הויט. געענדיקט האָט זיך די זאַך דערמיט, וואָס איינער פֿון זיי ביידן האָט שטענדיק געשלאָפֿן אַף דער פּאָדלאָגע. דערבײַ האָט ער זיך גאָר לײַכט געקאָנט פֿאַרקילן.—

דערווײַל האָט זיך האַיע אויך צוגעזעצט צו אונדז. ער פּינטלט מיר צו און ר ײַבט התפּעלותדיק זײַן לאַפּע. מיר האָבן צוזאַמען אַריבערגעלעבט דעם שענסטן טאָג פֿון אונזער זעלנער־לעבן. דאָס איז געווען דער אָוונט, איידער מיר זײַנען אָפּגעשיקט געוואָרן אַפֿן שלאַכט־פֿעלד. מיר האָבן זיך פֿאָרגענומען אָפּצורעכענען זיך מיט

הימעלשטאָסן. דאָס האָבן מיר זיך שוין געשוואָרן מיט אַ צײַט צוריק. קראָפּ איז אַפֿילו אַזוי ווײַט אַוועק, אַז ער האָט באַשלאָסן אין פֿרידנס־צײַט אָנצוהויבן אַרבעטן אַפֿן פּאָסט־געביט, כּדי שפּעטער, ווען הימעלשטאָס וועט ווײַטער ווערן אַ בריוו־טרעגער, צו זײַן זײַן שעף. ער האָט זיך געפּרעגלט פֿון הנאה, זיך מאָלנדיק די בילדער, ווי ער וועט אים פּײַניקן. ווײַל טאַקע צוליב דעם איז אים אומעגלעך געווען אונדז צו דערשלאָגן ביזן סוף; מיר האָבן שטענדיק געהאָפֿט, אַז מיר וועלן אים שוין אַמאָל כאַפּן, שפּעטסטנס ווען דער קריג וועט זיך ענדיקן.

ביז וואָס־ווען האָבן מיר אים געוואָלט ווי געהעריק אָנברעכן די ביינער. וואָס האָט דען מיט אונדז געקאָנט טרעפֿן, אַז ער וועט אונדז סײַ ווי ניט דערקענען און מיר וועלן חוץ דעם מאָרגן פֿרי אָפּפֿאָרן?

מיר האָבן געוווּסט, אין וועלכן טראַקטיר ער זיצט יעדן אָוונט. ווען ער איז פֿון דאָרטן געגאַנגען צוריק אין קאַזאַרמע, האָט ער געמוזט דורכגיין אַ טונקעלע, פּוסטע גאַס. דאָרט האָבן מיר אים אָפּגעוואַרט הינטער אַ קופּע שטיינער. איך האָב געהאַט מיט זיך אַ ציכל פֿון אַ פּערינע. מיר האָבן געציטערט פֿון דערוואַרטונג, אויב ער וועט טאַקע אַליין פֿאַרבײַגיין. צום סוף האָבן מיר דערהערט זײַנע טריט, וועלכע מיר האָבן שוין גוט געקענט. מיר האָבן זיי געהערט יעדן פֿרימאָרגן, בעת די טיר איז אויפֿגעפּראַלט געוואָרן און ס'האָט אַ ברום געטאָן: „אויפֿשטיין!“

„אַליין?“ האָט קראָפּ געשעפּטשעט.

„אַליין!“ — איך מיט טיאַדען האָבן זיך געגנבֿעט פֿון יענער זײַט שטיינער־קופּע.

ס'האָט שוין פֿאַרבײַגעבלישטשעט דאָס שלעסל פֿון זײַן זײַטן־שפּיז. ווי עס שײַנט, איז הימעלשטאָס געווען אַביסל בגילופֿין [begilúfn]; ער האָט געזונגען. ער איז פֿאַרבײַגעגאַנגען גאָרנישט ניט מערקנדיק.

מיר האָבן גענומען דאָס ציכל, האָבן אַ לײַכטן שפּרונג געטאָן, האָבן עס אים אַריבערגעוואָרפֿן איבערן קאָפּ, אַ ריס געטאָן נאָך אונטן, אַזוי, אַז ער איז געשטאַנען ווי אין אַ ווײַסן זאַק און האָט ניט געקאָנט רירן די הענט. דאָס זינגען איז אָפּגעשטאָרבן.

אין איין רגע איז שוין דאָ געווען האַיע וועסטוס. מיט אויסגעשפּרייטע אָרעמס האָט ער אונדז אָפּגעשטופּט צוריק, כּדי ער זאָל זײַן דער ערשטער. ער האָט זיך מיט גרויס הנאה געשטעלט אין אַ פּאָזע, האָט אויפֿגעהויבן דעם אָרעם, ווי אַ סיגנאַל־מאַסט, האָט די האַנט אויסגעבויגן, ווי אַ לאָפּעטע, און האָט אַזאַ זעץ געטאָן איבערן ווײַסן זאַק, אַז ער וואָלט דערמיט געקאָנט טויטן אַ בוהײַ.

הימעלשטאָס האָט גענומען לויפֿן, זיך שטרוויכלענדיק, געפֿאַלן פֿינף מעטער ווײַטער פֿון אונדז, און האָט אָנגעהויבן גוואַלדעווען. אָבער אויך פֿאַר דעם פֿאַל זײַנען מיר שוין געווען פֿאַרזאָרגט, ווײַל מיר האָבן געהאַט מיט זיך אַ קישן. האַיע האָט זיך צוגעזעצט מיט אונטערגעבויגענע פֿיס, האָט אַוועקגעלייגט דאָס קישן צו זיך אַף די קניען, האָט אַ כאַפּ געטאָן הימעלשטאָסן דאָרטן, וווּ דער קאָפּ איז געווען, און האָט אים אַרײַנגעדריקט אין קישן. תּיכּף איז דער טאָן געוואָרן טעמפּער. האַיע האָט אים פֿון צײַט צי צײַט אָפּגעלאָזן כאַפּן לופֿט, דעמאָלט האָט דאָס כאָרכלען זיך פֿאַרוואַנדלט אין אַ לויטן געשריי, וועלכער איז באַלד ווידער געוואָרן אײַנגעהאַלטן און צאַרט.

איצט האָט טיאַדען אָפּגעקנעפּלט באַ הימעלשטאָסן די הויזן־טרעגער און האָט אים אָפּגעשפּיליעט די הויזן. דערבײַ האָט ער געהאַלטן דעם קאַנטשיק אײַנגעביסן אין די ציין. נאָכדעם האָט ער זיך אויפֿגעשטעלט און זיך אָנגעהויבן באַוועגן אַהין און צוריק.

ס'איז געווען אַ ווונדערלעך בילד: הימעלשטאָס אַף דער ערד, איבער אים איז געזעסן האַיע מיט אַ טײַוולאָנישן שמייכעלע און מיט אַ ברייט־געעפֿנטן מויל פֿון הנאה, און האָט געהאַלטן באַ זיך אַף די קניען הימעלשטאָסעס קאָפּ, נאָכדעם די אויפֿציטערנדיקע, געשטרײַפֿטע אונטערהויזן מיט די נאָך אויסווייניק אויסגעבויגענע פֿיס, וועלכע האָבן אין די אַראָפּגעלאָזענע הויזן באַ יעדן שמיץ געמאַכט די משוגעהדיקסטע באַוועגונגען, און איבער דעם אַלעמען האָט ווי אַ האָלץ־העקער געאַרבעט טיאַדען און ער איז גאָרניט אײַנגעמאַטערט געוואָרן שמײַסנדיק. מיר האָבן אים פּשוט מיט געוואַלד געמוזט אָפּרײַסן, כּדי אויך צו כאַפּן אַ שטיקל מצווה.

צום סוף האָט האַיע ווײַטער אַוועקגעשטעלט הימעלשטאָסן אַף די פֿיס און האָט נאָך געגעבן אַ ספּעציעלע פֿאָרשטעלונג. מיט זײַן רעכטער האָט ער זיך אַזוי פֿאַרמאָסטן, אַז ס'האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט זיך גרייטן אַראָפּרײַסן די שטערנס פֿון הימל. הימעלשטאָס האָט זיך איבערגעקערט. האַיע האָט אים אויפֿגעהויבן, האָט אים אַוועקגעשטעלט קעגן זיך און האָט אים דערלאַנגט אַ צווייטן קנאַק מיט דער לינקער האַנט,

הימעלשטאָס האָט גענומען סקאַוווטשען און ער איז אַנטלאָפֿן אַף אַלע פֿיר. זײַן געפּאַסקעוועטער בריוו־טרעגער־הינטן האָט שימערירט אונטער דער לבנה.

מיר זײַנען זיך אַף גיך פֿאַנאַנדערגעלאָפֿן.

האַיע האָט זיך נ אָכאַמאָל אויסגעדרייט און האָט געזאָגט מיט העפֿטיקן צ אָרן, געזעטיקט און אַביסל אומפֿאַרשטענדלעך: ״נקמה איז בלוטוווּרשט.״—

אייגנטלעך האָט הימעלשטאָס געמעגט צופֿרידן ז ײַן וו ײַל זײַן ווערטל, אַז שטענדיק מוז איינער דעם אַנדערן דערציען, האָט זיך אַף אים אַליין אַרויסגעוויזן. מיר זײַנען געוואָרן גוטע תּלמידים פֿון זײַן תּורה.

ער האָט זיך ניט דערוווּסט, וועמען ער האָט צו פֿאַרדאַנקען די שטיקל אַרבעט. יעדנפֿאַלס האָט ער דערבײַ פֿאַרדינט אַ פּערינע־ציכל; ווײַל ווען מיר האָבן אין אַ ווײַלע אַרום זיך אַרומגעקוקט, איז שוין דאָס ציכל מער ניט געווען צו געפֿינען.

אָט דער אָוונט איז געווען די סיבה דערפֿון, וואָס מיר ז ײַנען אַף מאָרגן אָפּגעפֿאָרן אַ ביסל מוטיקער. אַ ציגן־בערדל האָט אונז זייער גערירט אָנגערופֿן ״העלדישע יוגנט.״

.4

מיר מוזן גיין פֿאָרויס צו די אָקאָפּעס. די משׂא־אויטאָס פֿאָרן אָפּ, ווען ס׳ווערט טונקל. מיר קריכן אַף זיי אַרוף. ס׳איז אַ וואַרעמער אָוונט, און דער בין־השמשות קומט אונז פֿאָר, ווי אַ דעק־טוך, אונמער וועלכן מיר פֿילן זיך גוט. דער בין־השמשות בינדט אונז צונויף; אַפֿילו דער קאַרגער טיאַדען איז מיר מכבד מיט אַ סיגאַרעטל און גיט מיר פֿײַער.

מיר שטייען איינער לעבן אַנדערן, געדיכט אָנגעשטעלט, זיצן קאָן קיינער ניט. מיר זײַנען אויך ניט געוווינט דערצו. מילער איז גוט געשטימט: ער טראָגט זײַנע נײַע שטיוול.

44

די מאָטאָרן הויבן אָן ברומען, די אויטאָס בראַזגענען און פּילדערן. די שליאַכן זײַנען אָפּגענוצט און פֿול גריבער. קיין פֿײַער טאָר מען ניט אָנצינדן, דעריבער פֿאָרן מיר אין זיי אַרײַן, אַז מיר קונצן שיעור ניט אַרויס פֿון וואָגן. אָבער דאָס באַומרויִקט אונז ניט. וואָס קאָן דען געשען? אַ געבראָכענע האַנט איז דאָך עלץ בעסער ווי אַ לאָך אין בויך, און אַנדערע ווינטשן זיך טאַקע אַזאַ גוטע געלעגנהייט, כּדי צו קומען אַהיים.

לעבן אונז פֿאָרן אין לאַנגע שורות די מוניציע־אָבאָזן. זיי אײַלן זיך, יאָגן אונז כּסדר אײַן. און מיר וויצלען זיך, זיי ענטפֿערן.

מען דערזעט אַ געמויערטע וואַנט פֿון אַ הויז, וואָס ליגט פּאַזשע וועג. איך שטריינג מיט אַמאָל אָן די אויערן. בין איך זיך ניט טועה? און איך הער ווײַטער בולט אַ פּוטפּענען פֿון גענדז. אַ קוק אַף קאַטשינסקי — אַ קוק פֿון אים צוריק; מיר פֿאַרשטייען איינער דעם אַנדערן.

״קאַט, איך הער דאָ די שטים פֿון אַ קאַנדידאַט״ —

ער שאָקלט צו. ״ס׳וועט שוין זײַן, צוריקוועגס. איך קלײַב זיך דאָ גוט פֿאַנאַנדער.״

געוויס קלײַבט זי ך קאַט פֿאַנאַנדער. ער קען זי כער יעדע גענ דזענע פּאָלקע אַף אַ מהלך פֿון 20 קילאָמעטער.

די אויטאָס קומען אָן אין ראַיאָן פֿון דער אַרטילעריע. די האַרמאַטן זײַנען פֿאַרשטעלט מיט בוימלעך קעגן אַן אַעראָפּלאַן, ווי אַף אַ מין מיליטער־מאַסקאַראַד. די ר אָזיקע סוכּהלעך זעען אויס זייער פֿרידלעך און לוסטיק. ווען אונטער זיי וואָלטן זיך נאָר ניט געפֿינען קיין האַרמאַטן.

די לופֿט ווערט מטושטש פֿון האַרמאַטן־רויך און נעפּל. דער ריח פֿון פּולווער לייגט זיך מיט ביטערקייט אַף דער צונג. די שאָסן קנאַקן, אַז אונזער אויטאָ ציטערט, דער אָפּקלאַנג הילכט טומלדיק אָפּ, אַלץ וואַקלט זיך, אונזערע פּנימער ענדערן זיך אומבאַמערקט. מיר פֿאָרן אַפֿילו ניט צו די שוץ־גרי בער, מיר דאַרפֿן נאָר ביזן שאַנץ, אָבער אַף יעדן פּנים שטייט איצט געשריבן: דאָ איז דער פֿראָנט, איצט געפֿינען מיר זיך אין זײַן מלוכה.

45

דאָס איז נאָך ניט קיין פּחד. ווען עמיץ פֿאָרט אַפֿן פֿראָנט אַזוי אָפֿט, ווי מיר, ווערט ער גראָבהויטיק. נאָר די יונגע רעקרוטן ווערן אויסער זיך. קאַט קנעלט מיט זיי א ײַן: ״דאָס איז געווען ש אָס פֿון אַ 30,5. איר הערט דאָס נאָכן קלאַפּ; — באַלד קומט דער זעץ.״

אָבער דער טעמפּער הילך פֿון די זעצן דערגרייכט ניט פֿון יענער זײַט. ער ווערט דערטרונקען אין דעם געפּילדער פֿון פֿראָנט. קאַט האָרכט זיך צו: "די נאַכט וועט דערלאַנגען."

מיר הערן זיך אַלע צו. דער פֿראָנט איז אומרויִק. קראָפּ זאָגט: "דזשאָן בול שיסט שוין."

מען הערט דײַטלעך די שאָסן פֿון די ענגלישע באַטאַרייעס, רעכטס פֿון אונזער סעקטאָר. זיי הויבן אָן מיט אַ שעה פֿריער. בײַ אונז האָבן זיי שטענדיק אָנגעהויבן פּונקט אום צען.

"וואָס טראַכטן זיי זיך", זאָגט מילער "זייערע זייגערס לויפֿן מסתּמא."

"ס'וועט עפּעס דערלאַנגען, זאָג איך אײַך, איך פֿיל דאָס שוין אין די ביינער." קאַט טוט אַ הייב די פּלייצעס.

לעבן אונז ציטערן אָפּ דרײַ שאָסן. אַ פֿײַער־שטראַל שנײַדט דורך באַלכסון דעם נעפּל, די האַרמאַטן ברומען און גוואַלדעווען. מיר כאַפּן אַ דרינזשיק און פֿרייען זיך, וואָס מאָרגן אינדערפֿרי וועלן מיר שוין ווײַטער זײַן אין די באַראַקעס.

אונזערע פּנימער זײַנען ניט בלאַסער און ניט רויטער, ווי שטענדיק; זיי זײַנען אויך ניט אָנגעצויגענער און ניט אָפּגעלאָזענער, אָבער זיי זײַנען דאָך אַנדערש; מיר שפּירן, אַז אין אונזער בלוט איז עפּעס אײַנגעדרייט אַן עלעקטרישער קאָנטאַקט. דאָס איז ניט קיין מליצה, אַזוי איז עס טאַקע. און דער קאָנטאַקט ווערט אויפֿגעשרויפֿט אַפּן פֿראָנט דורכן באַוווסטזײַן פֿון פֿראָנט. אין דער רגע, ווען עס צעפּײַפֿן זיך די ערשטע גראַנאַטן, ווען די לופֿט ווערט צעפּיצלט אונטער די שאָסן, קומט פּלוצלונג אויף אין אונזערע אָדערן, אין אונזערע הענט, אין אונזערע אויגן אַ הכנעהדיק וואַרטן, אַ לאָקערן, אַ שטאַרקערער וואַכזאַמקייט, אַ משונהדיקע באַוועגלעכקייט פֿון אַלע חושים. מיט איין רוק איז דאָס לײַב שוין אין פֿולשטענדיקער גרייטקייט.

אָפֿט שײַנט מיר, אַז דאָס טאַנצט איבער אונז מיט אַ קלאַנגלאָזן פֿאָכענען די צעטרייסלטע, וויברירנדיקע לופֿט; אָדער ווי פֿון דעם פֿראָנט גופֿא וואַלט אויסשטראַלן אַן עלעקטריע, וואָס שפּיצט אָן גאָר אומבאַקאַנטע נערוון.

יעדעס מאָל איז דאָס אייגענע: בעת מיר פֿאָרן אָפּ, זײַנען מיר וואָרטשנדיקע, אָדער גוט־געשטימטע זעלנער; — נאָך דעם הילכן די ערשטע האַרמאַטן־שאָסן, און יעדעס וואָרט אונזערס באַקומט שוין גאָר אַן אַנדער קלאַנג. —

בעת קאַט שטייט בײַ די באַראַקעס און זאָגט: "עס וועט עפּעס דערלאַנגען", — איז דאָס מער ניט ווי זײַן מיינונג; — ווען ער זאָגט אָבער דאָ אָט די פֿראַזע, איז זי שאַרף ווי אַ שפּיז אונטער דער לבנה, זי שנײַדט דורך די געדאַנקען פֿאַרקווער, זי איז נענטער צו דעם אום באַקאַנטן, וואָס האָט אין אונז אויפֿגעוואַכט, און רעדט צו אים מיט אַ טונקעלן באַטײַט, "עס וועט עפּעס דערלאַנגען." — אפֿשר ציטערט דאָס אויף אונזער אינעווייניקסטער און סודותדיקסטער לעבן, און ער הייבט זיך אויף צום אָפּוער.

***

פֿאַר מיך איז דער פֿראָנט אַ מוראדיקע קעסל־גרוב. אַפֿילו ווען מען שווימט נאָך אין רויִקע וואַסערן ווײַט פֿון זײַן צענטער, שפּירט מען שוין דעם זויגנדיקן כּח, וועלכער ציט צו זיך, פּאַמעלעך, אומפֿאַרמײַדלעך, אָן ווידערשטאַנד.

פֿון דער ערד און פֿון דער לופֿט באַקומען מיר אָבער אָפּווער־כּחות, — באַזונדערש פֿון דער ערד. פֿאַר קיינעם איז די ערד ניט אַזוי וויכטיק, ווי פֿאַר דעם זעלנער. בעת ער פּרעסט זיך צו איר צו קרעפֿטיק, בעת ער טוליעט זיך צו איר מיטן פּנים און מיט אַלע איברים אין טויט־שרעק פֿאַרן פֿײַער, דעמאָלט איז זי זײַן איינציקער פֿרײַנט, זײַן ברודער, זײַן מאַמע, אין איר שטיל־שווײַגעניש און אין איר פֿאַרבאָרגנקייט זיפֿצעט ער אַרײַן זײַן מורא און זײַנע ברומען, זי נעמט זיי אָן פֿון אים און לאָזט אים ווײַטער אָפּ אַף צען סעקונדן געלאַף און לעבן, נעמט אים פֿונדאָסנײַ אויף, און אַנדערע מאָל שוין אַף שטענדיק.

ערד — ערד — ערד – !

דו ערד, מיט דײַנע קנייטשן און גריבער און אויסהוילענישן, אין וועלכע מען קאָן זיך אַרײַנוואָרפֿן, אַרײַנטופּענען! ערד, דו האָסט אונז אין קראַמף פֿון גרויל, אין פֿאַנאַנדערשפּריץ פֿון פֿאַרטיליקונג, אין טויט־ברום פֿון די אופֿרײַסן געגעבן די אומגעהײַערע קעגנכוואַליע פֿונם געווווּנענעם לעבן; דער ווילדער שטורם פֿון צעריסענע לעבנס האָט אינם צוריק־שטראָם פֿון דיר געפֿלאָסן דורך אונזערע הענט, אַזוי אַז מיר

האָבן די גע ראַטעוועטע אַ ײַנגעגראָבן אין דיך און אין שטומען צעשר אָקענעם גליק פֿון דער אַריבערגעלעבטער מינוט האָבן מיר זיך אײַנגעביסן אין דיר מיט אונזערע ליפּן! –

באַ דעם ערשטן אָפּדונערן פֿון די גראַנאַטן ווערן מיר אין אַ טייל פֿון אונזער יש מיט איין רוק אַוועקגעשלײַדערט אַף טויזנטער יאָרן צוריק. דאָס וואַכט אין אונז אויף דער חיהשער אינסטינקט, און ער פֿירט מיט אונז אָן און באַשיצט אונז, ער איז אומבאַקאַנט, ער איז אַ סך געשווינדער און זיכערער פֿון דעם באַוווּסטזײַן. עס לאָזט זיך ניט דערקלערן. מען גייט און מען טדאַכט וועגן גאָרנישט — מיטאַמאָל ליגט מען שוין אין אַן ערד־מולטער און פֿון אויבן שיטן זיך פֿון אַלע זײַטן און שפּריצן שפּליטערס: — אָבער מען קאָן זיך לחלוטין ניט דערמאָנען, אויב מען האָט געהערט, ווי דער גראַנאַט קומט אָן, און אויב מען האָט פֿריער אַ טראַכט געטאָן וועגן לייגן זיך. אַז מען וואָלט זיך געווען פֿאַרלאָזן אַף דעם, וואָלט מען שוין פֿון לאַנג געווען אַ הייפֿל צעפּיצלט פֿלייש. אָט יענ ס אַנדערע, דאָס נביאישע דערשמעקן, האָט אונז אַ ריס געטאָן און געראַטעוועט, און מיר ווייסן גאָרניט, ווי אַזוי. ווען ניט דאָס, וואָלטן שוין פֿון פֿלאַנדערן ביז צו די וואָגעזן פֿון לאַנג קיין מענטשן ניט געווען.

48

אַז מיר פֿאָרן אַרויס, זײַנען מיר וו אָרטשנדיקע אָדער גוטגעשטימטע זעלנער, — מיר קומ ען אין דער זאָנע, ווו ס'הויבט זיך אָן דער פֿראָנט, און מיר ווערן מענטשן־חיות.

***

מיר פֿאָרן אַרײַן אין אַ מאָגערן וועלדל. מיר גייען פֿאַרבײַ די סאָלדאַטן־קיכן. הינטערן וואַלד גייען מיר אַראָפּ. די אויטאָס פֿאָרן צוריק. מאָרגן, איידער ס'ווערט ליכטיק, וועלן זיי אונז צוריק אָפּפֿירן.

איבער די ל אָנקעס שפּרייט זיך אַ נעפּל און אַ האַרמאַטן־רויך און גרייכט ביז צום ה אַלדז. די לבנה באַשײַנט אַלץ. איבערן וועג גייען חילות. די שט אָלענע קי ווערס שימערירן מיט מאַטע רע פֿלעקסן אין לבנה־ליכט. פֿון דעם ווײַסן נעפּל שווימען אַרויס קעפּ און ביקסן, און זיי וואַקלען זיך.

ווײַטער, צו פֿאָרנטצו, פֿאַרשווינדט דער נע פּל. די קעפּ פֿאַרוואַנדלען זיך ד אָרטן אין גע שטאַלטן; — רעקלעך, הײזן און שטיוול שווימען אַרויס פֿון דעם נעפּל, ווי פֿון אַ מילך־טײַך. זיי וואַקסן זיך פֿאַנאַנדער אין אַ קאָלאָנע. די קאָלאָנע לאָזט זיך גראָד, די געשטאַלטן בילדן אַן אויסגעצויגענעם דרײַעק, מען זעט שוין מער ניט אַרויס קיין איינצלנע , נאָר אַ טונקעלער לאַנגער דרײַעק רוקט זיך נאָך פֿאָרנט און ווערט אַף אַ משונהדיקן אופֿן אָן אופֿהער דערגאַנצט מיט קעפּ און ביקסן, וואָס שווימען כּסדר אַרויס פֿון דעם נעפּל־טײַך. אַ קאָלאָנע – קיין מענטשן אָבער ניט.

פֿון אַ קווער־וועג פֿאָרן צו ל ײַכטע האַרמאַטן און מוניציע־וועגלעך. די רוקנס פֿון די פֿערד גלאַנצן אין לבנה־שײַן, זייערע באַוועגונגען זײַנען שיין , זיי פֿאַרוואַרפֿן די קע פּ, זייערע אויגן בלישטשענען , די האַרמאַטן און פֿורן גליטשן זיך פֿאַרבײַ דעם פֿאַרשווימענדיקן הינטערגרונט פֿון דער לבנה־לאַנדשאַפֿט, די רײַטער אין זייערע שטאָלענע קיווערס זעען אויס, ווי ריטערס פֿון אַמאָליקע צײַטן, עס איז עפּעס אַזוי שיין און ס'פֿאַרכאַפּט.

49

מיר גייען צום סאַפּיאָרן־פּאַרק. אַ טייל פֿון אונזעריקע פּאַקט זיך אַרוף אַף די פּלייצעס גע בויגענע, שפּיציקע אײַזערנע שטאַנגען, אַנדערע טוען ד ורך גלאַטע אײַזערנע שטעקנס דורך דר אָט־שפּולן און גייען דערמיט אַוועק. די משׂא איז אומבאַקוועם און שווער.

דער גרונט ווערט אַלץ צעביסענער. פֿון פֿאָרנט קו מען אָן התראות: "אופּפּאַסן, לינקס איז אַ טיפֿער גראַנאַט־טרעכטער" — "פֿאָרזיכט, אַ גראָבן" —

אונזערע אויגן זײַנען אָנגעשטריינגט, אונזערע פֿיס און שטעקנס טאַפּן פֿריער די ערד, איידער מיר טרויען איר אָן די משׂא פֿון אונזערע לײַבער. מיטאַמאָל בלײַבט די פֿראָצעסיע שטיין; מען שפּרינגט אַרײַן מימן פּנים אין דער דראָט־שפּולקע פֿון דעם פֿאָרויסגייענדיקן, און מען זידלט זיך אויס.

דעם וועג פֿאַרשטעלן עטלעכע צעשאָסענע אויטאָס. אַ נײַער באַפֿעל. "סיגאַרעטן און ליולקעס פֿאַרלעשן, " — מיר געפֿינען זיך האַרט באַ די גראָבנס.

דערווײַל איז שוין גאָר טונקל געוואָרן. מיר מ ײַדן אויס אַ וועלדל און מיר זעען שוין פֿאַר זיך דעם פֿראָנט־סעקטאָר.

אַן אומבאַשטימטע, רויטלעכע ליכטיקייַט פֿון דעם פּרעזידענט פֿון איין ברעג צום אַנדערן. די ליכטיקייט באַוועגט זיך כּסדר, דאָס פֿײַער פֿון די באַטאַרייעס צופּט איר אָן אויפֿהער דורך. איבער די האַרמאַטן הייבן זיך לײַכט-קוילן, זילבערנע און רויטע פּילקעס, זיי פּלאַצן און גיסן זיך פֿאַנאַנדער אין אַ רעגן פֿון ווײַסע, גרינע און רויטע שטערנס. עס שיסן אויף פֿראַנצויזישע ראַקעטעס, אינדערלופֿטן וויקלען זיי זיך פֿאַנאַנדער, ווי אַ זײַדענער שירעם, און לאָזן זיך פּאַמעלעך אַראָפּ. זיי באַלויכטן אַלץ, ווי באַטאָג, זייער שײַן דערגרייכט צו אונדז, מיר זעען אונזערע אייגענע שאַרפֿע שאָטנס אויף דער ערד. זיי פֿליען עטלעכע מינוטן, ביז זיי ברענען אויס. תּיכּף הייבן זיך אומעטום אויף נײַע, און צווישן זיי ווײַטער די גרינע, רויטע און בלאָע.

"שלימזל", זאָגט קאַט.

50

דאָס געוויטער פֿון די האַרמאַטן שטאַרקט זיך, פֿאַרוואַנדלט זיך אין לויטער טעמפּן דונער און צעפֿאַלט באַלד ווידער אין גרופּן־שאָסן. עס טראָגט זיך דאָס טרוקענע קנאַקן פֿון די קוילן־וואַרפֿערס. די לופֿט איבער אונדז איז פֿול מיט אַן אומגעזעענער יאָגעניש, ברומען, פֿײַפֿן און זשיפּן. דאָס זײַנען אַלץ קלענערע האַרמאַטן — פֿון צײַט צו צײַט דונערן אויך אַרײַן די גרויסע כּלים. זיי וואַרפֿן אין דער נאַכט אַרײַן אומגעהויער־שווערע גראַנאַטן, וועלכע רײַסן אויף ווײַט הינטער אונדז. זייער טומל איז אַ כאָרכלענדיקער, הייזעריקער, אַ ווײַטער, אַזוי ווי פֿון הירשן אין דער צײַט פֿון פּאָרונג, און זיי שנײַדן דורך זייער וועג הויך איבער דעם געפּילדער און דעם פֿײַפֿן פֿון די קלענערע האַרמאַטן.

די פּראָזשעקטאָרס הויבן אָן צו באַטאַפּן דעם שוואַרצן הימל. זיי גנבֿענען זיך איבער אים ווי מוראַדיק־גרויסע לינעאַלן. איין פּראָזשעקטאָר בלײַבט שטיין אַף איין אָרט און ער ציטערט. תּיכּף איז שוין באַ אים פֿאַראַן אַ צווייטער, זיי קווערן זיך דורך, צווישן זיי ביידן קריכט אַ שוואַרצער שרצל און זוכט צו אַנטלויפֿן: דער אַוויאַטאָר. ער ווערט פֿאַרבלענדט און פֿאַרשווינדלט.

* * *

אין רעגלמעסיקע אָפּשטאַנדן שטופּן מיר אַרײַן אין דער ערד די אײַזערנע שטייגלעך. צוויי מאַן האַלטן צו אַ ראָלקע, די אַנדערע וויקלען אָפּ די שטעך־דראָט, דאָס איז אַ פּאַסקודנער דראָט מיט געדיכטע, לאַנגע שטעכלקעס. איך האָב זיך שוין אָפּגעוווינט פֿון דעם דראָט־אָפּוויקלען און כ׳צערייס זיך די האַנט.

נאָך אַ פּאָר שעה זײַנען מיר פֿאַרטיק. אָבער מיר האָבן נאָך צײַט ביז די משׂא־אויטאָס וועלן קומען. מערערע פֿון אונדז לייגן זיך אַוועק שלאָפֿן. איך פּרווו דאָס אויך טאָן. אָבער עס ווערט צו קיל. מען מערקט, אַז מיר זײַנען נאָענט צום ים, מען כאַפּט זיך כּסדר אויף פֿון קעלט.

איינמאָל שלאָף איך פֿעסט אײַן. בעת איך פֿלי מיטאַמאָל אויף אינדערהויך, ווייס איך גאָר ניט, ווו איך בין. איך זע די שטערנס, איך זע די ראַקעטעס און אַף אַ רגע דאַכט זיך מיר, אַז איך בין אײַנגעשלאָפֿן אַף אַ גאָרטן יום־טובֿ. איך ווייס ניט, אויב עס איז פֿרימאָרגן אָדער אָוונט, איך ליג אין דעם בלײַכן וויגעלע פֿון דעם מאָרגן־דעמערן און איך וואַרט אַף מילדע ווערטער, וואָס מוזן קומען, אַף מילדע און טוליענדיקע ווערטער — ווײַן איך דען? איך כאַפּ זיך פֿאַר די אויגן, עס איז אַזוי ווונדערלעך, בין איך דען אַ קינד? אַ צאַרטע הויט; — נאָר איין רגעלע געדויערט דאָס, דעמאָלט דערקען איך קאַטשינסקיס סילועט. ער זיצט רויִק, דער אַלטער זעלנער, און רויכערט אַ ליולקע, מיט אַ דעקל, נאַטירלעך. ווען ער זעט, אַז איך בין וואַך, זאָגט ער: "אַ פֿײַנעם שפּרונג האָסטו געטאָן. דאָס איז נאָר געווען אַ צינדער, וואָס האָט דאָ אין די בוימלעך אויפֿגעזשיפּעט."

איך זעץ זיך; איך פֿיל זיך משונהדיק איינזאַם. גוט וואָס קאַט איז דאָ. ער קוקט פֿאַרטראַכט אַפֿן פֿראָנט און זאָגט: "אַ גאַנץ שיין פֿײַערווערקל, ווען ס׳זאָל ניט אַזוי געפֿערלעך זײַן."

הינטער אונדז קלאַפּט אַרײַן אַ גראַנאַט. אַ פּאָר רעקרוטן שפּרינגען אויף דערשראָקן. אין אַ פּאָר מינוטן אַרום פֿײַערט עס ווידער אַרײַן, נעענטער, ווי פֿריער. קאַט קלאַפּט אויס זײַן ליולקע. "אַהאַ, זיי גיבן צונטער".

ס׳הייבט זיך אָן. מיר פֿויזשענען אַוועק אין אײַלעניש, ווי ס׳לאָזט זיך. דער דריטער שאָס זעצט זיך אַרײַן אין אונזער רעכטן מיטן.

אַ פּאָר מענטשן שרײַען. אַפֿן האָריזאָנט באַווײַזן זיך גרינע ראַקעטעס. קויט פֿליט אינדערהויך, שפּליטערס זשומען. ווען די זעצן זײַנען שוין פֿאַרשטומט געוואָרן, הערט מען נאָך אַלץ דעם טומל פֿון די אַרופּפֿליענדיקע שפּליטערס.
לעבן אונז ליגט אַ צעשראָקענער רעקרוט מיט אַ פֿלאַקסענעם קאָפּ. ער האָט אײַנגעפּרעסט דאָס פּנים אין די הענט. זײַן קיווער האָט זיך אַוועקגעקײַקלט. איך כאַפּ אים צוריק און וויל אים אַרופֿשפּאַרן אַף זײַן קאָפּ . ער קוקט אַרוף, שטופּט דעם קיווער אָפּ און קריכט ווי אַ קינד מיטן קאָפּ אונטער מײַן אָרעם, טוליעט זיך צו מײַן ברוסט. די שמאָלע פּלייצעס טרייסלען זיך. פּונקט אַזעלכע פּלייצעס, ווי קעמעריך האָט געהאַט.
איך לאָז אים. כּדי דער קיווער זאָל אָבער צו עפּעס נוצן, פּאַק איך אים אַרוף אַף זײַן געזעס, ניט פֿון נאַרישקייט, נאָר פֿון אויסרעכענונג, ווײַל דאָס איז דער בולטסטער אָרט. דאָס פֿלייש איז דאָרטן אַפֿילו גראָב ,אָבער ווען מען טרעפֿט אַהין אַרײַן מיט אַ קויל, טוט עס שטאַרק וויי, אַחוץ דעם מוז מען חדשים לאַנג ליגן אין לאַזאַרעט אַפֿן בויך און נאָכדעם בלײַבט מען שוין אַ הינקעדיקער.
ערגעץ האָט אַ גראַנאַט שטאַרק אײַנגעקלאַפּט. צווישן איין זעץ און דעם אַנדערן הערט מען קולות.
סוף־כּל־סוף ווערט רויִק. דאָס פֿײַער איז איבער אונז אַוועק ווײַטער און לייגט זיך איצט אַף די לעצטע רעזערוו־גראָבנס. מיר דרייסטן זיך אַ קוק צו טאָן. אַפֿן הימל פֿלאַטערן רויטע ראַקעטעס. מסתּמא קומט איצט אַן אַטאַקע.
באַ אונז בלײַבט עס רויִק. איך זעץ זיך און טרייסל דעם רעקרוט פֿאַר דער פּלייצע :"ס'איז פֿאַרבײַ, קליינער! ס'האָט אונז נאָך אַמאָל אָפּגעגליקט."
ער קוקט זיך צעטומלט אַרום, איך זאָג אים צו: "וועסט זיך שוין צוגעוווינען."
ער דערזעט זײַן קיווער און טוט אים אָן. פּאַמעלעך קומט ער צו זיך. מיטאַמאָל ווערט ער צונטער־רויט און באַקומט אַ פֿאַרשעמט פּנים, פֿאָרזיכטיק ציט ער אויס די האַנט הינטערוויילעכס און קוקט מיך פֿאַרמאַטערט אָן. איך פֿאַרשטיי: פֿראָנט־חולאת [xaláes]. אייגנטלעך האָב איך ניט צו דעם צוועק דאָרטן אַרופֿגעפּאַקט דעם קיווער, — אָבער איך טרייסט אים: "דאָס איז קיין בזיון ניט: גרעסערע לײַט פֿאַר דיר האָבן בעת זייער ערשטן פֿײַער־פּרווו אָנגעמאַכט פֿולע הויזן. גיי הינטערן בוימל און וואַרף אַוועק דײַנע תּחתּונים [taxtojnim]. פֿאַרטיק."
53

***

ער ציט אָפּ. עס ווערט שטילער, אָבער די קולות הערן ניט אויף. וואָס איז דאָס, אַלבערט?" פֿרעג איך.
"אַף יענער זײַט האָטן אויסגעלייגט אַ פּאָר קאָלאָנעס."
מען שרײַט אַלץ. דאָס זײַנען ניט קיין מענטשן, מענטשן קאָנען ניט אַזוי שוידערלעך שרײַען.
קאַט זאָגט: "פֿאַרוווּנדיקטע פֿערד."
איך האָב נאָך ניט געהערט, ווי פֿערד שרײַען און ס'גלויבט זיך מיר ניט. דאָס קרעכצן דאָרטן איז דאָס געיאָמער פֿון דער וועלט, די געפּײַניקטע חיה, ווילדע גרוליקע יסורים. מיר זײַנען גלײַך. דעטערינג הויבט זיך אויף. "שינדערס, שינדערס! שיסט זיי דאָך אַראָפּ!"
ער איז אַ לאַנדווירט און פֿערד זײַנען אים נאָענט. גראָד איצט אַזוי ווי אַף צולהכעיס, איז דאָס פֿײַער כּמעט אַנטשוויגן. און די געשרייען הערן זיך נאָך דײַטלעכער. מען ווייס מער ניט, פֿון וואַנען דאָס קומט אין אָט דער שטילער זילבערנער לאַנדשאַפֿט, מען זעט דאָס ניט, ס'איז געשפּענסטיק, ס'באַהערשט דעם גאַנצן רוים צווישן הימל און ערד, עס וואַקסט זיך אַלץ פֿאַנאַנדער, אָן אַ מאָס — דעטערינג ברומט אויסער זיך: "דערשיסט זיי, דערשיסט זיי דאָך, צו אַלדי רוחות!"
"פֿריער מוז מען דאָך אָפּראַמען די מענטשן," זאָגט קאַט.
מיר הייבן זיך אויף און זוכן דעם אָרט. ווען מען וועט זען די פֿערד, וועט לײַכטער זײַן אַריבערצוטראָגן. מאַיער האָט באַ זיך אַ שפּאַקטיוו. מיר זעען אַ טונקעלע גרופּע סאַניטאַרן מיט טראָג־בעטלעך און דערבײַ שוואַרצע, גרויסע רומפּן, וואָס באַוועגן זיך. דאָס זײַנען די פֿאַרוווּנדיקטע פֿערד. אָבער ניט אַלע, אַביסל ווײַטער לויפֿן אַנדערע אין גאַלאָפּ, פֿאַלן און לויפֿן ווײַטער. באַ איינעם איז אויפֿגעריסן דער בויך, די אינגעווייטן שלעפּן זיך נאָך. דאָס פֿערד פֿאַרפּלאָנטערט זיך אין זיי און פֿאַלט, אָבער עס הויבט זיך ווײַטער אויף.
דעטערינג הייבט אויף זײַן ביקס און צילעוועט זיך. קאַט שטופּט אים אָפּ. "ביסט משוגע – ?"

דעטערינג טוט אַ ציטער און וואַרפֿט אַוועק זײַן ביקס.

54

מיר זעצן זיך און האַלטן צו די אויערן. אָבער דאָס שוידערלעכע קלאַגן און קרעכצן און יאָמערן ברעכט זיך דורך, עס רײַסט זיך אומעטום אַרײַן.

מיר קאָנען אַלע אויסהאַלטן פֿאַרשיידענעס, אָבער דאָ גיסט זיך פֿון אונז שווייס. עס ווילט זיך אַנטלויפֿן, גאָר גלײַך ווהין, אַבי נאָר מער ניט צו הערן די געשרייען. און דערבײַ זײַנען דאָך דאָס ניט קיין מענטשן, נאָר פֿערד.

פֿון דעם טונקעלן קנויל שיילן זיך אַרויס טראָג־בעטלעך. עס קנאַקן אָפּ עטלעכע שאָסן. די רומפֿן צאַפּלען זיך און ווערן פֿלאַכער. ענדלעך! אָבער ס'איז נאָך ניט דער סוף. די מענטשן קומען ניט צו צו די פֿאַרוווּנדיקטע בעלי־חיים, וועלכע אַנטלויפֿן צעשראָקן, מיט זייער גאַנצן ווייטיק אין די ברייט אופֿגעריסענע מאָרדעס. איינע פֿון די געשטאַלטן שטעלט זיך אַפֿן קני, אַ שאָס — איין פֿערד פֿאַלט – נאָך אַ פֿערד. דאָס לעצטע שפּאַרט זיך אָן אַף די פֿאָדערשטע פֿיס און דרייט זיך אין אַ קרײַז ווי אַ קאַרוסעליע, זיצנדיק דרייט עס זיך אין קרײַז אַף די הויך אָנגעשפּאַרטע פֿאָדערשטע, מסתּמא איז זײַן רוקן צעשמעטערט. דער זעלנער לויפֿט צו און שיסט עס אַראָפּ. פֿאַמעלעך און הכנעהדיק גליטשט זיך דאָס פֿערד אַראָפּ צו דער ערד.

מיר נעמען אַוועק די הענט פֿון די אויערן. די געשרייען זײַנען פֿאַרשטומט געוואָרן. נאָר אַן אויסגעצויגענער, גוססער זיפֿץ הייגנט נאָך אין דער לופֿטן. נאָכדעם זעען זיך ווײַטער נאָר די ראַקעטעס, עס הערט זיך דאָס זינגען פֿון די גראַנאַטן, עס פֿינקלען די שטערנס, — און דאָס אַלץ איז עפּעס מאָדנע.

דעטערינג גייט און שילט זיך: "כ'וואָלט וועלן וויסן, וואָס זײַנען זיי שולדיק." ער קומט צו נאָכאַמאָל. זײַן קול איז אופֿגערעקט, עס קלינגט כמעט פֿײַערלעך, בעת ער זאָגט: "איך זאָג אײַך, ס'איז אַ פּשוטע חזירײַ, וואָס מען נעמט בעלי־חיים אַף מלחמה."

55

***

מיר קערן זיך אום. עס איז שוין צײַט צו גיין צו אונזערע אויטאָס, דער הימל איז געוואָרן אַ ברעקעלע ליכטיקער. אַזייגער דרײַ באַגינען. דער ווינט איז פֿריש און קיל, די בלייכע שעה גיט אונזערע פּנימער צו אַ גראָקייט.

מיר טאַפּן אונזער וועג איינער נאָכן אַנדערן דורך גראָבנס און טרעכטערס און קומען ווײַטער אָן אין דער נעפּל־זאָנע. קאַטשינסקי איז אומרויִק, דאָס איז אַ שלעכטער, סימן.

"וואָס איז מיט דיר, קאַט?" פֿרעגט קראָפּ.

"כ'וואָלט וועלן, מיר זאָלן שוין זײַן אינדערהיים." — דאָס מיינט ער די באַראַקעס.

"ס'וועט שוין ניט לאַנג געדויערן, קאַט."

ער איז נערוויִז. "כ'ווייס ניט, כ'ווייס ניט" —

מיר דערגרייכן די טראַנשייעס און נאָכדעם די לאָנקעס.

דאָס וועלדל שווימט אַרויס; מיר קענען דאָ יעדן טריט. אָט איז שוין דער יעגער־בית־עולם מיט די בערגלעך און די שוואַרצע צלמים.

אין דעם מאָמענט טוט הינטער אונז אַ פֿײַף, עס וואַקסט זיך פֿאַנאַנדער, פּלאַצט, דונערט. מיר האָבן זיך אײַנגעבויגן — הונדערט מעטער פֿאַר אונז האָט אַרופֿגעשטיגן אַ פֿײַערדיקער וואָלקן.

אין דער נאָענטסטער מינוט פֿליט אונטער אַ צווייטן קלאַפּ אויף אַ שטיק וואַלד לאַנגזאַם איבער די שפּיצן בוימער, דרײַ – פֿיר בוימער פֿליען מיט און ווערן דערבײַ צעפּיצלט. איינער נאָכן אַנדערן זשומען שוין די גראַנאַטן, ווי קעסל־קלאַפּאַנעס— אַ שאַרף פֿײַער — .

"אַ שוץ!" שרײַט עמיץ — "אַ שוץ!" —

די לאָנקעס זײַנען פֿלאַך, דער וואַלד איז צו ווײַט און געפֿערלעך; – עס איז ניטאָ קיין אַנדער שוץ, אַחוץ דעם בית־עולם און די קבֿרים־בערגלעך. מיר שטרויכלען אין חושך אַהין אַרײַן, ווי פֿון שדים געיאָגט, קלעפּט זיך יעדער גלײַך צו הינטער אַ בערגל.

ס'איז די רעכטע צײַט. דער חושך אַרום אונז רירט זיך פֿון זינען, עס קוואַליעט און טומלט. טונקלקייטן, וואָס זײַנען נאָך שוואַרצער ווי די נאַכט, טאַנצן מיט ריזיקע הויקערס פֿאַר אונז, איבער אונז. דאָס פֿײַער פֿון די אופֿרײַסן פֿלאַקערט איבערן בית־עולם.

קיין אויסוועג איז אין ערגעץ ניט פֿאַראַן. אינם אופֿבליץ פֿון אַ גראַנאַט כאַפּ איך אַ בליק אַף די לאָנקעס. זיי זײַנען, ווי אַ צעבושעוועטער ים, מעכטיקע פֿלאַמען פֿון די האַרמאַטן שפּרינגען אַרום, ווי די פֿאַנטאַנעס. ס'איז פּשוט אויסגעשלאָסן, אַז עמיץ זאָל זיך דערפֿון אַרויסראַטעווען.

דער וואַלד פֿאַרשווינדט. ער ווערט צעשטויסן, צעריסן, צעפֿליקט. מיר מוזן בלײַבן דאָ אַפֿן בית־עולם.

די ערד פֿאַר אונז ווערט צעשפּאָלטן. עס רעגנט טיט שטיקער ערד. איך דערפֿיל אַ צופּ. מײַן אַרבל איז צעפֿליקט געוואָרן דורך אַ שפּליטער. איך קוועטש צוזאַמען דעם פֿויסט. קיין ווייטיק איז ניטאָ. אָבער דאָס באַרויִקט מיך ניט. פֿאַרלעצונגען טוען וויי ערשט שפּעטער. איך באַריר דעם אָרעם. ער איז אָנגעדראַפּעט, אָבער גאַנץ. עס טוט אַ זעץ אין מײַן שאַרבן, און מײַן באַוווסטזײַן שווימט ערגעץ אַוועק. עס קומט מיר אוף אַ געדאַנק, ווי אַ בליץ: נאָר ניט פֿאַלן אין חלשות! איך טונק זיך אָפּ אין אַ שוואַרצער קאַשע און שווים תּיכּף אַרוף פֿונדאָסנײַ. אַ שפּליטער האָט אײַנגעקלאַפּט אין מײַן קיווער, ער קומט פֿון אַזוי ווײַט, אַז ער האָט אים ניט דורכגעהאַקט. איך וויש זיך פֿון די אויגן אָפּ די בלאָטע. פֿאַר מיר איז אופֿגעריסן אַ לאָך, איך זע דאָס מטושטשדיק. גראַנאַטן טרעפֿן געווײנטלעך ניט אָן אין דעמזעלביקן טרעכטער, דעריבער וויל איך אַהין אַרײַנקריכן. מיט איין רוק טו איך זיך אַ צי אויס, איך ליג פֿלאַך איבער דער ערד, ווי אַ פֿיש — און דאָ פֿײַפֿט עס ווײַטער, איך קריך אַף גיך אַוועק, זוך אַ שוץ, דערטאַפּ עפּעס לינקס פֿון זיך, דריק מיך צו, עס גיט נאָך, איך קרעכץ, די ערד שפּאַלט זיך, דער לופֿט־דרוק ציטערט אין מײַנע אויערן, איך קריך אונטער מײַן נאָכגעבנדיקן שוץ, דעק זיך אַריבער דערמיט, דאָס איז האָלץ, טוך, שוץ, שוץ, – נעבעכדיקער שוץ קעגן די פֿליענדיקע שפּליטערס.

57

איך עפֿן די אויגן; – מײַנע פֿינגער האַלטן אַרומגעכאַפּט אַן אַרבל, אַן אָרעם. אַ פֿאַרווונדיקטער? איך שרײַ צו אים — קיין ענטפֿער— אַ טויטער. מײַן האַנט טאַפּט ווײַטער אין אַ האָלץ — איך ווייס, אַז מיר ליגן אַף אַ בית־עולם.

אָבער דאָס פֿײַער איז שטאַרקער פֿון אַלץ. עס פֿאַרהילכט דעם שׂכל, איך קריך נאָר טיפֿער אַראָפּ אונטערן אָרון, ער זאָל מיך באַשיצן, פֿאַרדעקן, און אויב אַפֿילו אין אים ליגט דער טויט אַליין.

איך זע דעם טרעכטער. איך באַטאַפּ אים מיט די אויגן, ווי מיט הענט, מיט איין שפּרונג מוז איך אַרײַן אַהין. – איך כאַפּ אַ זעץ אין פּנים, אַ האַנט כאַפּט מיך אָן פֿאַר דער פּלייצע, – איז דער טויטער אופֿגעוואַכט? — די האַנט טרייסלט מיך, איך דריי אויס דעם קאָפּ, אין דעם אויגנבליקלעכן שײַן דערזע איך קאַטשינסקיס פּנים, ער האַלט די מויל ברייט אָפֿן און ער ברומט, איך הער נישט, ער צופּט מיך, דערנעענטערט זיך; ווען ס'לאָזט אַ רגע אָפּ, דערהער איך זײַן שטים: "גאַז — גאַאַאַז – גאַאַאַז — גיב ווײַטער איבער – !"

איך רײַס אוף דעם גאַז־בײַטל... אַביסל ווײַטער פֿון מיר ליגט עמיץ. איך טראַכט מער וועגן גאָרנישט, אַחוץ איין זאַך: יענער דאַרפֿן מוז דאָס וויסן: "גאַאַאַז — גאַאַאַז – !"

איך שרײַ ,רוק זיך צו, פֿאָכע צו אים מיטן בײַטל, ער מערקט נישט — נאָכאַמאָל, נאָכאַמאָל ער ציט נאָר אַרײַן דעם קאָפּ — ס'איז אַ רעקרוט — איך קוק פֿאַרצווייפֿלט אין קאַטס זײַט, ער האָט אָנגעטאָן די מאַסקע — איך שלעפּ מײַנע אויך אַרויס, דער קיווער פֿליט אַוועק אָן אַ זײַט, די מאַסקע פֿאַרציט זיך איבער מײַן פּנים, איך דערגרייך דעם רעקרוט, נעענטער פֿון אַלץ ליגט צו מיר זײַן גאַז־בײַטל. איך כאַפּ די מאַסקע, ציִ זי אַריבער איבער זײַן קאָפּ, ער נעמט זי אָן — איך לאָז אָפּ – און מיט איין שפּרונג ליג איך שוין אינם טרעכטער.

דאָס טעמפּע קנאַלן פֿון די גאַז־גראַנאַטן מישט זיך צונויף מיט די קלעפּ פֿון די אופֿרײַסן. צווישן די אופֿרײַסן הילכט אַ גלאָק, גאָנגען און מעטאַלענע קלאַפּגעצײַג פֿאַרשפּרייטן אומעטום די בשׂורה — גאַז — גאַז—גאַז — הינטער מיר, הער איך, פֿאַלט עפּעס אַ שווערע זאַך. איך וויש אויס ריין די פֿאַרצויגעגע אויגן־שײַבלעך פֿון מײַן מאַסקע. איך זע, דאָס זײַנען קאַט, קראָפּ און נאָך עמיץ. זאַלבעפֿירט ליגן מיר אין שווערער, לאָקערנדיקער געשפּאַנטקייט און אָטעמען גאָר שוואַך, ווי שוואַך ס'איז גאָר מעגלעך.

די דאָזיקע ערשטע מינוטן אין דער מאַסקע טראָגן אַרויס דעם פּסק־דין אַף לעבן אָדער טויט: לאָזט זי ניט דורך? איך קען שוין די שוידערלעכע בילדער פֿונם לאַזאַרעט אויס: גאַז־קראַנקע, וועלכע ווערגן זיך גאַנצע טעג אָן אופֿהער און ברעכן אויס שטיקלעכווײַז די פֿאַרשׂרפֿעטע לונגען.

איך אָטעם פֿאָרזיכטיק, צוגעדריקט די מויל צום פֿאַטראָן. איצט שלײַכט דאָס פֿאַרפֿעסטיקטע גאַז איבער דער ערד און עסט זיך אײַן אין אַלע פֿאַרטיפֿונגען. עס לייגט זיך פֿאַנאַנדער אין אונזער טרעכטער ווי אַ

פֿאַנטאַסטישע חיה און כאָרכלט. איך טו קאַטן אַ שטופּ: ס'איז בעסער אַרויסצוקריכן און צו ליגן אויבן, איידער דאָ, ווו עס קלײַבט זיך דאָס גאַנצע גאַז. אָבער מיר באַווײַזן דאָס ניט צו טאָן, עס הויבט זיך אָן שיטן אַ נײַער פֿײַער־האָגל. עס זעט אויס ניט ווי די גראַנאַטן וואָלטן ברומען, עס שײַנט אַז די ערד איז אַראָפּ פֿון זינען.

אין אונזער באַהעלטעניש טוט זיך מיט רעש אַ הויב עפּעס אַ שוואַרצע משׂא. האַרט לעבן אונז פֿאַלט עס אַראָפּ: ס'איז אַ הויך אַרופֿגעשלײַדערטער אָרון.

איך זע, ווי קאַטן באַוועגט זיך און קריכט אַריבער ווײַטער. דער אָרון האָט אַ זעץ געטאָן דעם פֿערטן פֿון אונז אין דעם אויסגעצויגענעם אָרעם. ער פּרוּווט איצט מיט דער אַנדער האַנט אַראָפּרײַסן די גאַז־מאַסקע. קראָפּ פֿאַרכאַפּט נאָך צו דער רעכטער צײַט, פֿאַרדרייט אים די האַנט הינטערן רוקן און האַלט זי פֿעסט צו.

קאַט און איך פּרוּווט צו, כּדי צו באַפֿרײַען דעם פֿאַרווּנדיקטן אָרעם.
59

דער דעקל פֿון אָרון איז שוואַך און צעשפּאָלטן, מיר קאָנען אים אָן גרויס מאַטערניש אַראָפּרײַסן; דעם טויטן וואַרפֿן מיר אַרויס, ער טוט אַ פֿאַל, ווי אַ זעקל, נאָכדעם פּרוּוון מיר באַפֿרײַען דעם אונטערשטן טייל פֿונם אָרון.

צום גליק פֿאַרלירט דער מאַן דעם באַוווּסטזײַן, און אַלבערט קאָן אונז איצט באַהילפֿיק זײַן. איצט דאַרפֿן מיר שוין מער ניט אַזוי פֿאָרזיכטיק זײַן, און מיר אַרבעטן, ווי מיר קענען, ביז דער אָרון גיט מיט אַ קרעכץ נאָך די אונטערגעשפּאַרטע לאָפּעטעס.

עס איז ליכטיקער געוואָרן. קאַט נעמט אַ שטיק פֿונם דעקל, לייגט עס אונטערן צעבראָכענעם אָרעם, און מיר בינדן אים אַרום מיט אַלע אונזערע פֿאַרבאַנדן. מער קאָנען מיר אין דער רגע נישט אופֿטאָן.

דער קאָפּ טומלט מיר און הודזשעט אין דער גאַז־מאַסקע, ער האַלט באַם פּלאַצן. די לונגען זײַנען אָנגעשטריינגט, זיי כאַפּן די גאַנצע צײַט נאָר איין און דעמזעלביקן הייסן, אָפּגענוצטן אָטעם, די שלייפֿן־אָדערן ווערן אופֿגעשוואָלן, איך האַלט באַם דערשטיקט ווערן.

אַ גראָ ליכט קוקט צו אונז אַרײַן. איבערן בית־עולם בושעוועט אַ ווינט. איך רוק זיך אַריבער דעם ראַנד פֿון טרעכטער. אין דער ברודיקער דעמער־ליכט ליגט פֿאַר מיר אַן אַראָפּגעריסענע פֿוס, דער שטיוול אַף איר איז גאַנץ, אין דער רגע זע איך דאָס אַלץ דײַטלעך. עטלעכע מעטער ווײַטער הייבט זיך איצט אוף אַן אַנדערער, איך פּוץ אויס די מאַסקע־גלעזער, זיי ווערן פֿון מײַן אופֿרעקן זיך תּיכּף ווײַטער פֿאַרצויגן, איך קוק אַריבער — יענער דאָרטן טראָגט מער ניט קיין מאַסקע.

איך וואַרט אָפּ נאָך עטלעכע סעקונדן — מיט אים פּאַסירט נישט קיין נײַז. ער קוקט זיך זוכנדיק אַרום און שטעלט עטלעכע טריט, — דער ווינט האָט צעטריבן דאָס גאַז, די לופֿט איז פֿרײַ, — און איך רײַס אַראָפּ כאָרכלענדיק די מאַסקע און פֿאַל אַוועק, ווי קאַלט וואַסער גיסט זיך מיר אין די לונגען אַרײַן די לופֿט, די אויגן רײַסן מיר, אַ כוואַליע פֿאַרפֿלייצט מיך מיט טונקלקייט און לעשט מיך אויס.

***

די זעצן האָבן זיך אָפּגעשטעלט. איך דריי זיך אום צום טרעכטער און ווינק צו די אַנדערע. זיי קריכן אַרויס און רײַסן זיך אַראָפּ די מאַסקעס. מיר כאַפּן אַרום דעם פֿאַרווּנדעטן, איינער האַלט צו זײַן פֿאַרבונדענעם אָרעם. אַזוי ציען מיר האַסטיק אָפּ.

דער בית־הקבֿרות איז אין הוילע חורבֿות. איבערן גאַנצן פֿעלד ליגן צעשאָטן אָרונות און טויטע. זיי זײַנען איצט צום צווייטן מאָל געטויט געוואָרן; אָבער יעדער פֿון זיי האָט מיט זײַן צעפּיצלט ווערן געראַטעוועט עמיצן פֿון אונז.

דער פּאַרקן איז חרובֿ, די רעלסן פֿון דעם פֿעלד־אײַזנבאַן אַף יענער זײַט זײַנען אופֿגעריסן, זיי טאָרטשען הויך אויסגעבויגן און גלאָצן אין דער לופֿטן. פֿאַר אונז ליגט עמיץ. מיר שטעלן זיך אָפּ, נאָר קראָפּ גייט מיטן פֿאַרווּנדיקטן ווײַטער.

אַף דער ערד ליגט אַ רעקרוט. די זײַט איז באַ אים אין בלוט; ער איז אַזוי פֿאַרחלשט, אַז איך נעם זיך צו מײַן זעלנער־פֿלעשל, אין וועלכער איך האָב נאָך ראָם מיט טיי. קאַט שטופּט אָפּ מײַן האַנט און בויגט זיך אַריבער איבער אים: "ווו האָסטו דאָס געפּאַקט, חבֿר?"

ער באַוועגט נאָר מיט די אויגן; ער איז צו שוואַך צו ענטפֿערן.

מיר צעשנײַדן פֿאָרזיכטיק די הויזן. ער קרעכצט. "רויִק, רויִק ס'וועט בעסער ווערן — "

אויב ער האָט אַ בויך־שאָס, טאָר ער נישט טרינקען. ער האָט ניט אויסגעבראָכן, דאָס איז גוט. מיר אַנטבלויזן זײַן היפּט. זי איז אַ הוילע קאַשע פֿון פֿלייש מיט שפּליטערס פֿון ביינער. דאָס געליינק איז אָנגעטראָפֿן. אָט דאָס אינגל וועט מער שוין ניט קאָנען גיין.

61

איך ריר אים אָן מיטן באַנעצטן פֿינגער דעם שלייף און גיב אים אַ זופּ. אין זײַנע אויגן באַווײַזט זיך באַוועגונג. ערשט איצט דערזעען מיר, אַז אויך פֿון זײַן רעכטן אָרעם גיסט זיך בלוט.

קאַט צעדריוולט צוויי פֿאַרבאַנד־פּעקלעך אַזוי ברייט, ווי מעגלעך, זיי זאָלן קאָנען פֿאַרדעקן די גאַנצע ווונד. איך זוך אַ שטיק שטאָף, כּדי זי אַריבערצובינדן. מיר האָבן גאָרנישט, דעריבער רײַס איך דעם רעקרוטס הויזן אויף ווײַטער, כּדי צו פֿאַרברויכן זײַנע אונטערהויזן פֿאַר אַ פֿאַרבאַנד. אָבער ער טראָגט ניט קיין אונטערהויזן. איך קוק זיך נעענטער צו: דאָס איז דער נעכטיקער פֿלאַקס־קאָפּ.

קאַט האָט דערווײַל אַרויסגענומען באַ אַ הרוג פֿון די קעשענעס נאָך פּעקלעך, און מיר לייגן דאָס צו צו דער ווונד. איך זאָג צום אינגל, וועלכער ליגט און קוקט אַף אונז; "מיר ברענגען אַ טראָג־בעטל".

ער עפֿנט די מויל און שעפּטשעט אַרויס: "בלײַבט דאָ —"

קאַט זאָגט: "מיר קומען תּיכּף צוריק. מיר ברענגען פֿאַר דיר אַ טראָג־בעטל."

ס'איז נישט צו זען, אויב ער האָט עפּעס פֿאַרשטאַנען; ער יאָמערט שטיל, ווי אַ קינד: "ניט אַוועקגיין—"

קאַט קוקט זיך אַרום און פֿליסטערט: "איז ניט כּדאַי צו נעמען אַ רעוואָלווער, כּדי ער זאָל אויפֿהערן?"

דאָס אינגל וועט מסתּמא ניט אויסהאַלטן דאָס אַריבערפֿירן, און העכסטנס וועט עס ציען נאָך אַ פּאָר טעג. אָבער דאָס, וואָס ס'איז ביז איצט געווען, וועט זײַן נאָר אַ שיבוש אַנטקעגן דעם, וואָס ער וועט נאָך דורכמאַכן ביזן אָפּשטאַרבן. דערווײַל איז ער נאָך באַטויבט און פֿילט נישט. אין אַ שעה אַרום וועט ער פֿאַרוואַנדלט ווערן אין אַ ווילד־שרײַענדיקן קנויל אומדערטרעגלעכע יסורים. די טעג, וואָס ער האָט נאָך צו לעבן, זײַנען פֿאַר אים איין אייניציקע מאוימדיקע [muemdik] פּײַן. און וועמען וועט דאָס אַרן, אויב ער וועט אויסטרינקען די גאַנצע פּײַן, אָדער ניט —

איך בין מסכּים. "יאָ, קאַט, מ'האָט געדאַרפֿט נעמען אַ רעוואָלווער."

62

"גיב אַהער", מאַכט קאַט. ער האָט זיך באַשלאָסן, איך זע דאָס. מיר קוקן זיך אַרום, אָבער מער זײַנען מיר שוין ניט אַליין. עס קלײַבט זיך צונויף אַ געזעמל, פֿון די טרעכטערס און גראָבנס קריכן אַרויס קעפּ.

מיר ברענגען אַ טראָג־בעטל.

קאַט שאָקלט מיטן קאָפּ. "אַזעלכע יונגע יאַטן." — ער חזרט דאָס איבער: "אַזעלכע יונגע, אומשולדיקע יאַטן —"

***

מיר האָבן פֿאַרלאָרן ווייניקער, ווי ס'האָט זיך פֿריער אויסגעדאַכט: פֿינף טויטע און אַכט פֿאַרווונדעטע. ס'איז נאָר געווען אַ קורצע פֿײַער־אַטאַקע. צוויי פֿון אונזערע טויטע ליגן אין איינעם פֿון די אויפֿגעריסענע קבֿרים, מיר דאַרפֿן זיי נאָר פֿאַרשיטן.

מיר טרעטן אָפּ. שטילשווײַגנדיק גייען מיר איינער הינטערן אַנדערן. די פֿאַרווונדעטע ווערן אָפּגעפֿירט אין סאַניטאַר־פּונקט. דער פֿרימאָרגן איז כמורנע, די סאַניטאַרן לויפֿן אַרום מיט נומערן און צעטלען, די פֿאַרלעצטע יאָמערן. אַ רעגן נעמט שפּרייען.

מיט אַ שעה שפּעטער האָבן מיר דערגרייכט אונזערע אויטאָס און מיר קריכן אַרײַן. איצט איז אין זיי פֿאַראַן מער פּלאַץ, ווי פֿריער.

דער רעגן שטאַרקט זיך. מיר שפּרייטן אויס געצעלט־לײַוונט איבער אונזערע קעפּ. דער רעגן פּויקט איבערן לײַוונט. פֿון די זײַטן שטראָמען אַראָפּ לוזשעס. די אויטאָס פּלאָנטשענען איבער די גראָבנס, און מיר שאָקלען זיך אין האַלבן דרעמל, אַהין און אַהער.

צוויי מאַן שטייען אין פֿאָדערשטן אויטאָ און האַלטן לאַנגע שטעקנס, וואָס פֿאַרענדיקן זיך מיט גאָפּלען. זיי היטן אָפּ די טעלעפֿאָן־דראָטן, וואָס ציען זיך פֿאַרקווער איבערן וועג אַזוי נידעריק, אַז זיי קאָנען אונז אַראָפּרײַסן די קעפּ. דיביידע כאַפּן זיי אויף צו דער רעכטער צײַט מיט די גאָפּלען און הייבן זיי אויף איבער אונז. מיר הערן זייער אויסרוף: "אויפֿפּאַסן—דראָט", און אין שלאָף בויגן מיר די קניען און גלײַכן זיך ווײַטער אויס.

איינטאָניק וואַקלען זיך אַהין און אַהער די אויטאָס, איינטאָניק זײַנען די אויסרופֿן, איינטאָניק פֿליוכעט דער רעגן. ער רינט אַראָפּ אַף אונזערע קעפּ און אַף די קעפּ פֿון די טויטע פֿאָרנט, אַפֿן קליינעם רעקרוטל מיט דער ווונד, וועלכע איז צו גדויס פֿאַר זײַן לענד, ער גיסט איבער קעמעריכס קבֿר, ער טריפֿט אַף אונזערע הערצער.

ערגעץ ווו הילכט אָפּ אַ שאָס. מיר שפּרינגען אויף, די אויגן ווערן אָנגעשפּאַנט, די הענט גרייטן זיך שוין ווײַטער אַריבערצוּוואַרפֿן אונזערע לײַבער איבער די ווענטלעך פֿון אויטאָ אין די גראָבנס פֿאַזשע וועג.

אָבער עס געשעט נישט.—

נאָר איינטאָניקע אויסרופֿן: "אופּפּאַסן — דראָט —" מיר בויגן אײַן די קניען — מיר שאָקלען זיך ווײַטער אין האַלבן דרעמל.

.5

עס איז גאָרניט קיין לײַכטער ענין צו טויטן איין לויז בעת גאַנצע הונדערטער זײַנען פֿאַראַן. זיי זײַנען האַרטלעך, די דאַזיקע בריהלעך, און עס הויבט שוין אָן לאַנגווײַליק צו ווערן דאָס אייביקע קנאַקן מיט די נעגל. צוליב דעם האָט טיאַדען אָנגעבראַכט אַ דעקל פֿון אַ שוך־וואַקס־קעסטל מיט אַ דראָט איבער אַ ברענעדיק ליכט. די לײַז ווערן פּשוט אַרײַנגעוואָרפֿן אין אָט דעם בראָט־פֿענדל — עס קנאַקט, און זיי ווערן פֿאַרטיק.

מיר זיצן אַרום אין אַ קרײַז, די העמדער האַלטן מיר אַף די קניען, דעם אויבערקערפּער אַנטבלויזט אין דער וואַרימער לופֿט, די הענט פֿאַרנומען מיט דער אַרבעט. האַיע פֿאַרמאָגט אַ באַזונדערש פֿײַנעם מין לײַז: מיט רויטע צלמימלעך אַף די קעפּלעך. דעריבער דערציילט ער, אַז ער האָט זיי מיטגעבראַכט פֿון דעם לאַזאַרעט אין טורו, און זיי שטאַמען פֿון אַ שטאַב־דאָקטאָר בכבודו ובעצמו [bixvojde-ubeacme]. ער האָט אויך אַ פּלאַן אויסצונוצן דעם חלבֿ, וואָס קלײַבט זיך ביסלעכווײַז אָן אין דעם בלעך־דעקל, כּדי אויסצושמירן די שיך, און אין משך פֿון אַ האַלב שעה פּלאַצט ער שיעור ניט פֿון געלעכטער איבער זײַן וויץ.

הײַנט אָבער האָט ער ווייניק דערפֿאָלג; ס'איז פֿאַראַן עפּעס אַ וויכטיקערע זאַך, וואָס פֿאַרכאַפּט אונז אינגאַנצן.

דער קלאַנג איז טאַקע געוועזן אמת. הימעלשטאָס איז דאָ. נעכטן איז ער אַראָפּגעקומען, מיר האָבן שוין געהערט זײַן גוטבאַקאַנטן קול. ער זאָל האָבן אין קאַזאַרמע צו שטאַרק אײַנגעשפּאַנט אַ פּאָר יונגע רעקרוטן. ער האָט ניט געוווּסט, אַז איינער פֿון זיי איז געווען דער זון פֿון דעם באַצירק־שעף. דערבײַ האָט ער געבראָכן האַלדז־און־נאַקן.

דאָ וועט ער נשתּומם ווערן. טיאַדען חזרט זיך שוין שעהן־לאַנג, ווי אַזוי ער זאָל אים אָפּענטפֿערן. האַיע קוקט פֿאַרטראַכט אַף זײַן מאוימדיקע לאַפּע און פּינטלט צו מיר. די דעמאָלטיקע מעשׂה מיטן אָנבערעכן די ביינער איז געווען דער גליקלעכסטער מאָמענט אין זײַן לעבן; ער האָט מיר דערציילט, אַז אָפֿטמאָל חלומט ער נאָך הײַנט וועגן דעם.

***

קראָפּ און מילער שמועסן זיך דורך. קראָפּ איז דער איינציקער, וועמען ס'האָט זיך אײַנגעגעבן אַראָפּצוכאַפּן אַ קעסעלע לינזן, מסתּמא אין דער סאַפּיאָרן־קיך. מילער קוקט אַף דעם זשעדנע, אָבער ער האַלט זיך אײַן און פֿרעגט: "אַלבערט, וואָס וואָלסטו געטאָן, ווען סיוואָלט איצט מיטאַמאָל געוואָרן שלום?"

"ס'וועט ניט זײַן קיין שלום!" האַקט אַלבערט אָפּ.

"אָבער דאָך — " שטייט מילער צו. "וואָס וואָלסטו געטאָן?"

"זיך אָפּגעטראָגן!" בורטשעט קראָפּ.

"דאָס איז קלאָר. און נאָכדעם?"

"זיך אָנגעזשליאָקעט", זאָגט אַלבערט.

"האַק ניט קיין טשײַניק, איך מיין דאָס ערנסט—"

65

"איך אויך", זאָגט אַלבערט, "וואָס זאָל מען דען אַנדערש טאָן?"

קאַט אינטערעסירט זיך מיט דער פֿראַגע. ער מאָנט אײַן באַ קראָפּ זײַן חלק אין די לינזן, באַקומט אים, טראַכט אַ ווײַלע און זאָגט :"אָנזשליאָקן קאָן מען זיך טאַקע, אָבער תּיכּף אַרוף אַפֿן צוג – און אַוועק צו דער מאַמען. ס'איז דאָך שלום, מענטש איינער—"

ער נישטערט אין זײַן צעראַטענעם טענטל־בוך, זוכט אויף אַ פֿאָטאָגראַפֿיע און ווײַזט זי מיט גאוה. "מײַן אַלטע!" ער לייגט זי ווײַטער אַוועק און שילט: "פֿאַרשאָלטענע, פֿאַרלײַזיקטע מלחמה—"

"דיר איז גוט צו ריידן", זאָג איך. "דו האָסט זיך דײַן יונגאַטש און דײַן ווײַב."

"אמת", שטימט ער צו, "איך מוז זאָרגן דערפֿאַר, אַז זיי זאָלן האָבן וואָס צו קײַען".

מיר לאַכן זיך פֿאַנאַנדער. "דאָס וועט שוין ניט פֿעלן קאַט, אַ ניט — רעקוויזירסטו."

מילער איז הונגעריק און איז נאָך ניט צופֿרידנגעשטעלט.

ער וועקט אויף האַיע ווענסטוס פֿון זײַנע חלומות. "האַיע, וואָס וואָלסטו טאָן, ווען ס'ווערט מיטאַמאָל שלום?"

"ער וואָלט דיר געדאַרפֿט אָנפּאַטשן אַ פֿולן הינטן פֿאַרן שטעלן אַזעלכע קשיות", זאָג איך, "ווי קומען נאָך אייגנטלעך אַהער אַזעלכע רייד?"

"ווי קומט קיעשע מיסט אַפֿן דאַך?" ענטפֿערט מילער לאַקאָניש און ווענדט זיך ווײַטער צו האַיע ווענסטוס.

מיט איינמאָל איז דאָס פֿאַר האַיע צו שווער. ער שאָקלט זײַן זומער־שפּריינקלדיקן פּנים: "דו מיינסט, ווען ס'וועט קיין קריג שוין ניט זײַן?"

"ריכטיק. דו כאַפּסט אָבער אַלץ אויף."

"דעמאָלט וועלן דאָך ווײַטער זײַן נקבֿות, האַ?" — האַיע באַלעקט זיך.

66

"געוויס."

"צו אַלדי רוחות", זאָגט האַיע, און זײַן פּנים לויכט אויף, "דעמאָלט וועל איך זיך צוכאַפּן צו אַ געשמאַקער נקבֿה, ווו ס'זאָל זײַן עפּעס אין האַנט אַרײַנצונעמען, און איכ'ל תּיכּף זיך אַרײַנקוליען מיט איר אין בעט! מאָל דיר אויס, אַן אמתע פֿעדער־בעט מיט אַ שפּרונג־מאַטראַץ! אי, חבֿרה, גאַנצע אַכט טעג צײַט וועל איך פֿון דאָרטן ניט אַרויס."

אַלע שווײַגן. דאָס בילד איז צו פּרעכטיק. איבער אונזערע רוקנס גייט אַריבער אַ סקרוך. סוף־כּל־סוף קומט מילער צו זיך און פֿרעגט: "און נאָכדעם?"

הפּסקה. נאָכדעם דערקלערט האַיע, אַביסל צוגעדריקט צום וואַנט: "ווען כ'וואָלט געווען אונטער־אָפֿיציר, וואָלט איך נאָך אַף ווײַטער געבליבן דינען באַ די פּרײַסן."

"דו ביסט דאָך טאַקע גאָר מפֿותּל, האַיע". זאָג איך.

ער פֿרעגט מיר געמיטלעך צוריק: "האָסט שוין ווען ניט איז געשניטן טאָרף? פּרוּוו דאָס אַמאָל." באַ די ווערטער נעמט ער אַרויס זײַן לעפֿל פֿון כאָליעווע און לאָזט זי אַראָפּ אין אַלבערטס קעסעלע.

"ערגער ווי די פּאָזיציעס אין שאַמפּאַין קאָן דאָס שוין ניט זײַן", ענטפֿער איך.

האַיע קײַט און שמייכלט ווייטיקדיק: "ס'ציט זיך אָבער לייגנער. און דאָרטן קאָן מען זיך ניט אַרויסדרייען."

"דו מענטש איינער, בעסער ווי אינדערהיים איז דאָך אָבער ניטאָ, האַיע."

"ניט אַלע מאָל", זאָגט ער און מיט אַן אָפֿענעם מויל פֿאַרטיפֿט ער זיך ווײַטער אין זײַנע רעיונות.

אַף זײַן פּנים קאָן מען אויסלייענען, וואָס ער טראַכט. דאָרטן איז אַן אָרימע, בלאָטיקע קנעכט־כאַלופּקע, דאָרטן איז שווערע האָרעוואַניע פֿון באַגינען ביז באַנאַכט אַף דער זון־פֿאַרשׂרפֿעטער, אומפֿרוכטבאַרער נחלה, דאָרטן איז הונגער־לוין, דאָרטן זײַנען ברודיקע האָרעפּאַשניק־בגדים – – –

67

"אין פֿרידן־צײַטן האָט מען אין זעלנערדינסט קיין דאגות ניט, זאָגט ער, "יעדן טאָג האָסטו דיר דײַן אַכילה, אַ ניט מאַכסטו אַ געוואַלד, האָסט דיר דײַן בעט, אַלע אַכטאָג דײַנע ריינע וועש, ווי אַ פּריץ, טוסט זיך דײַן אונטער־אָפֿיציר אַרבעט, האָסט דײַנע שיינע בגדים; — אינאָוונט ביסטו אַ פֿרײַער פֿויגל און גייסט זיך אין שיינקל אַרײַן."

האַיע גרויסט זיך זייער מיט זײַן המצאה. ער איז פּשוט פֿאַרליבט אין דעם. "און ווען דו האָסט אָפּגעדינט דײַנע צוועלף יאָר, באַקומסטו דײַן פּענסיע־ביכל און דו ווערסט אַ דאָרפֿישער זשאַנדאַר. דעמאָלט קאָנסטו דעם גאַנצן טאָג פֿוסטעפּאַסעווען."

ער פֿרעגלט זיך אין די גליקלעכע צוקונפֿט־חלומות. "שטעל זיך נאָר פֿאָר, וויפֿיל כּיבודים דו כאַפּסט דעמאָלט אַרײַן. דאָ אַ קאָניאַק, דאָ אַ האַלבן ליטער. מיט אַ זשאַנדאַר וויל דאָך יעדער זײַן גוטפֿרײַנט."

"דו וועסט קיינמאָל ניט ווערן קיין אונטער־אָפֿיציר, האַיע", וואַרפֿט קאַט אַרײַן.

האַיע קוקט אים אָן באַליידיקט און שווײַגט. און זײַנע געדאַנקען שוועבן איצט אַרום די לויטערע האַרבסט־אָוונטן, די זונטיקן אַף לאָנקעס, די גלאָקן פֿון דאָרף־קירכן, די נאָכמיטיקן און די נעכט מיט דאָרפֿישע מוידן, די בוכווייצענע פֿאַנקוכנס מיט די גרויסע שטיקער חזיר, די זאָרגלאָזע פּלאַפּלערײַען אין קרעטשמע.—

מיט אַזוי פֿיל פֿאַנטאַזיע קאָן ער זיך אַזוי גיך ניט ספּראַווען; דעריבער וואָרטשעט ער נאָר אין כּעס: "וואָס פֿאַר אַ נאַרישקייטן איר פֿרעגט דאָס צוזאַמען."

ער ציט אַריבער דאָס העמד איבערן קאָפּ און קנעפּלט זיך צו זײַן סאָלדאַטן־רעקל.

"וואָס וואָלסטו געטאָן, טיאַדען?" פֿרעגט קראָפּ.

טיאַדען ווייס נאָר איין זאַך. "אַכטונג געבן, אַז הימעלשטאָס זאָל זיך פֿון מיר ניט אַרויסדרייען."

68

ער וואָלט, ווי ס'שײַנט, שטאַרק חשק געהאַט אים אַרײַנצושפּאַרן אין אַ שטײַג און יעדן פֿרימאָרגן אים אײַנטיילן אַ פּאָרציע מיטן שטעקן. קראָפּן רעדט ער צו: "איך אַף דײַן אָרט וואָלט זיך געיאָגט נאָר צו ווערן אַ לייטענאַנט. דעמאָלט וועסט אים קאָנען אַזוי ציען די עצמות [**acomes**], אַז דאָס וואַסער אין רוקן זאָל זיך אים בלעזלען."

"און דו, דעטערינג", פֿאָרשט מילער ווײַטער. מיט זײַנע קשיות איז ער ווי באַשאַפֿן געוואָרן צו זײַן אַ לערער.

דעטערינג איז קאַרג אַף רייד. אָבער אַף דער פֿראַגע ענטפֿערט ער. ער זאָגט: "איכ׳ל נאָך צו דער רעכטער צײַט קומען אַראָפּצונעמען די גערעטעניש."

מיט די ווערטער הייבט ער זיך אויף און גייט אַוועק.

ער האָט גרויסע דאגות. זײַן ווײַב מוז אַליין פֿאַרזאָרגן די גאַנצע באַלעבאַטישקייט. דערצו האָבן זיי נאָך אָפּגענומען בײַ אים צוויי פֿערד. יעדן טאָג זוכט ער אין די אָנגעקומענע צײַטונגען, אויב ס'רעגנט ניט חלילה אין דער אָלדענבורגער פּראָווינץ. דעמאָלט וועלן זיי דאָס היי ניט קאָנען אַראָפּפֿירן.

אין דער רגע באַווײַזט זיך הימעלשטאָס. ער קומט גראָד צו צו אונז. טיאַדענס פּנים ווערט באַדעקט מיט פֿלאַמעס: ער ציט זיך אין זײַן גאַנצער לייַנג אויס אין גראָז, און מאַכט אַפֿילו צו די אויגן פֿון גרויס אופּרעקונג.

הימעלשטאָס איז אַביסל צעטומלט, ער שטעלט פּאַמעלעכערע טריט. פֿונדעסטוועגן לאָזט ער זיך גיין גראָד צו אונז. קיינער טראַכט אַפֿילו ניט אופֿצוהייבן זיך. קראָפּ קוקט אים מיט נײַגעריקייט אַנטקעגן.

ער שטייט האַרט פֿאַר אונז און וואַרט. ער זעט, אַז קיינער רעדט ניט און ער הויבט אָן דעם שמועס מיט אַ "נו?"

אַ פּאָר סעקונדן פֿאַרגייען; קענטיק, אַז הימעלשטאָס ווייס ניט, ווי ער זאָל זיך דאָ באַנעמען. ער וואָלט גרויס חשק געהאַט אונז איצט אויך צו ווײַזן, ווער ס'איז עלטער. ווי עס שײַנט, ווייס ער שוין אָבער, אַז דער פֿראָנט איז ניט קיין קאַזאַרמע־הויף. ער פּרוּווט זיך נאָכאַמאָל און ווענדט זיך ניט מער צו אַלעמען מיטאַמאָל, נאָר צו איינעם. קראָפּ איז דער נעענטסטער, דעריבער טוט ער אים אָן דעם כּבוד. "נו, אויך אַ היגער?"

אָבער אַלבערט איז אים ניט קיין גוטער פֿרײַנט. ער ענטפֿערט בקיצור:

"אַ קאַפּעלע לייַנגער פֿון אײַך."

די געלע וואָנצעס ציטערן: "איר קענט מיך שוין מער ניט?"

איצט עפֿנט טיאַדען זײַנע אויגן: "יאָ."

הימעלשטאָס ווענדט זיך צו אים: "דאָס איז דאָך טיאַדען, האַ?"

טיאַדען הייבט אויף זײַן קאָפּ: "און ווייסטו, ווער דו ביסט?"

הימעלשטאָס איז פֿאַרפּלעפֿט: "זינט ווען זײַנען מיר אַף דו? מיר האָבן דאָך צוזאַמען קיין חזירים ניט געפּאַשעט!"
ער גיט זיך לחלוטין קיין עצה ניט, וואָס צו טאָן.
ער האָט זיך ניט געריכט אַף אַזאַ אָפֿענער שׂנאה. אָבער דערווײַל האַלט ער זיך אָפּ; בלי־ספֿק האָט מען אים שוין דערציילט די אָבער־מעשׂות וועגן שיסן אין רוקן.
טיאַדען ווערט וויציק. "ניין, דאָס האָסטו אַליין געטאָן."
איצט הויבט הימעלשטאָס אָן צו ברענען. טיאַדען פֿאַרלויפֿט אים אָבער דעם וועג. עס רופֿעט אים זיך צו באַפֿרײַען פֿון עפּעס. "ווער דו ביסט, ווילסטו וויסן? דו ביסט אַ חזירניק. אַ כלבֿ ביסטו! דאָס האָב איך דיר שוין לאַנג געוואָלט זאָגן."
בעת ער שיסט אַרויס מיט אָט די זילזולים, לויכט פֿון זײַנע אויגן אַרויס די באַפֿרידיקונג פֿאַר אַסך פֿאַרליטענע חדשים.
איצט האָט זיך אויך הימעלשטאָס פֿאַנאַנדערגעגאַרטלט:
"וואָס ווילסטו, דו טינופֿדיקער הונט, דו מיסטיקער טאָרף־שד? הייבט זיך אוף און שטעלט זיך שטראַם, בעת אַן עלטערער רעדט מיט אײַך!"
70
טיאַדען פֿינטלט מיט גדלות. "איר מעגט זיך אָפּטראָגן, הימעלשטאָס. מאַרש."
הימעלשטאָס איז איצט אינגאַנצן אַ מין צעבושעוועטער מושטיר־רעגלאַמענט. דער קיזר גופֿא וואָלט שוין ניט געקאָנט באַליידיקטער זײַן. ער שרײַט אָפּ אויבער־קול: "טיאַדען, איך באַפֿעל אײַך: הייבט זיך אוף!"
"נאָך וואָס?" פֿרעגט טיאַדען.
"ווילט איר געהאָרכן מײַן באַפֿעל, אָדער ניט?" טיאַדען ענטפֿערט אָפּ געלאַסן און קאַטעגאָריש מיטן צווייטן פּסוק פֿון שיר־השירים. דערבײַ קערט ער זיך אום מיטן רוקן אַרוף.
הימעלשטאָס ציט אָפּ מיט שטורעם; "איר וועט שוין שטיין פֿאַרן קריגס־געריכט!"
מיר זעען, ווי ער פֿאַרשווינדט אַפֿן וועג צו דער קאַנצעליאַריע.
האַיע און טיאַדען האָבן זיך פֿאַרוואַנדלט אין אַ פּאָר ברומעדיקע און לאַכעדיקע חיות. האַיע לאַכט אַזוי, אַז ער ליינקט זיך אויס דאָס געביס און ער בלײַבט מיטאַמאָל שטיין אומבאַהאָלפֿן מיט אַן אָפֿענער מויל. מיט אַ געזונטן קנאַק מיטן פֿויסט זעצט אַלבערט דאָס געביס ווײַטער אַרײַן אַף זײַן אָרט.
קאַט איז אומרויִק: "ווען ער וועט דיך פֿאַרמסרן, וועט ניט גוט זײַן."
"מיינסט, אַז ער וועט דאָס טאָן?" פֿרעגט טיאַדען.
"געוויס" זאָג איך.
"די קלענסטע שטראָף, וואָס דו וועסט באַקומען, וועט זײַן פֿינף טעג שווערן אַרעסט", זאָגט קאַט.
דאָס אַרט אָבער טיאַדענען ניט. "דאָס הייסט, פֿינף טעג זיך אויסרוען."
"און ווען דו וועסט כאַפּן פֿעסטונג?" פֿאָרשט ווײַטער דער פֿעדאַנט מילער.
"פֿאַר דער צײַט, וואָס איך וועל זיצן, וועט זיך דערווײַל דער קריג פֿאַרענדיקן."
טיאַדען איז געבאָרן געוואָרן אין אַ העמדעלע. ער מאַכט זיך פֿון קיין זאַך קיין דאגות ניט. צוזאַמען מיט האַיע און מיט לעער גייט ער אַוועק, כּדי מען זאָל אים אין דעם ערשטן רעש ניט געפֿינען.
***
מילער האָט נאָך אַלץ ניט פֿאַרענדיקט. ער נעמט זיך ווײַטער צו קראָפּן. "אַלבערט, וואָס וואָלסטו געטאָן, ווען דו וואָלסט בפּועל־ממש געקומען אַהיים?"
קראָפּ איז שוין איצט זאַט און דעריבער איז ער נאָכגעביקער. "וויפֿיל מאַן וואָלטן מיר דען איצט געווען אין קלאַס?"
מיר חשבונען: פֿון צוואַנציק זײַנען זיבן טויט, פֿיר פֿאַרוווּנדעט, איינער איז אין משוגעים־הויז. העכסטנס, הייסט עס, וועלן זיך צוזאַמענקומען אַ מאַן צוועלף.
"דרײַ פֿון זיי זײַנען לייטענאַנטן," זאָגט מילער. "ווי מיינסטו, וועלן זיי זיך איצט אויך לאָזן זידלען פֿון קאַנטאָרעקן?"
מיר מיינען, אַז ניט, מיר וואָלטן זיך שוין אויך מער ניט לאָזן זידלען.

פֿון דעם גאַנצן קראַם, מיט וועלכן מען האָט אונדז אין שול אָנגעשטאָפּט די מחות, געדיינקען מיר שוין ניט קיין פֿולע. דאָס אַלץ האָט אונדז אויך ניט געבראַכט קיין נוצן. אָבער קיינער האָט אונדז אין שול ניט געלערנט, ווי מען זאָל אָנצינדן אַ פּאַפּיראָס אין שטורעם און רעגן, ווי מען קאָן מאַכן פֿײַער מיט נאַסע האָלץ — אָדער אַז בעסער פֿון אַלץ איז אַרײַנצושטעכן דאָס באַגנעט אין בויך, ווײַל דאָרטן פֿאַרטשעפּעט עס זיך ניט, אַזוי ווי אין די ריפּן.

מילער זאָגט פֿאַרטראַכט: "מיר וועלן דאָך אָבער סײַווי מוזן ווײַטער זיצן אַפּן שול־באַנק."

איך האַלט, אַז דאָס איז אוממעגלעך. "אפֿשר וועלן מיר אָפּגעבן אַ תּנאַי־עקזאַמען."

"דערצו איז דאָך נויטיק צוגרייטונג. און ווען דו האַלטסט שוין אויס דעם עקזאַמען, איז וואָס? זײַן אַ סטודענט איז אויך ניט בעסער. אַז דו האָסט קיין געלט ניט, מוסטו אויך שווער האָרעווען."

"אַביסל בעסער איז עס דאָך. אָבער די גאַנצע חכמה, וואָס זיי האַקן דיר דאָרטן אין מח, איז דאָך אויך קיין ציבעלע ניט ווערט."

קראָפּ כאַפּט אויף אונדזער שטימונג: "ווי קאָן מען זיך שוין צו דעם באַציען ערנסט, נאָכדעם, ווי מען איז דאָ געווען?"

"אָבער דו מוסט זיך דאָך צוגרייטן צו אַ באַרוף", רעדט אַרײַן מילער, פּונקט ווי ער וואָלט געווען קאַנטאָרעק.

אַלבערט פּוצט זיך מיטן מעסער די נעגל. מיר חידושן זיך, וואָס ער איז געוואָרן אַזאַ פֿראַנט. אָבער דאָס טוט ער נאָר ווײַל ער איז שטאַרק פֿאַרטראַכט. נאָכדעם לייגט ער אָפּ דאָס מעסער און זאָגט: "אַזוי איז דאָס טאַקע. קאַט און דעטערינג און האַיע וועלן זיך ווײַטער נעמען צו זייערע פּראָפֿעסיעס, ווײַל זיי האָבן דאָס שוין פֿון פֿריער געהאַט. אויך הימעלשטאָס. מיר האָבן אָבער גאָרנישט געהאַט. און ווי קאָנען מיר נאָך אָט דעם אַלעמען" — ער ווײַזט אָן אַפּן פֿראָנט — "זיך אײַנשפּאַנען אין אַ וועלכער ניט איז באַשעפֿטיקונג?"

"ס'וואָלט זיך געפּאַסט צו זײַן אַ חיה, מ'זאָל קאָנען אײַנער אַליין וווינען אין אַ וואַלד — ", זאָג איך, און פֿאַרשעם זיך תּיכּף פֿאַר מײַנע אייגענע רייד.

"וואָס וועט פֿון אונדז ווערן, ווען מיר וועלן קומען צוריק?" פֿרעגט מילער דערשלאָגן.

קראָפּ קוועטשט מיט די פּלייצעס. "איך ווייס ניט. פֿריער לאָמיר אָקאָרשט פֿרײַ זײַן, און נאָכדעם וועט זיך שוין אַרויסווײַזן."

מיר האָבן קיינער קיין עצה ניט. "וואָס וואָלט מען דען געקאָנט טאָן?" פֿרעג איך.

"איך האָב צו קיין זאַך קיין חשק ניט", ענטפֿערט קראָפּ פֿאַרמאַטערט. "אין איינעם אַ טאָג גייסטו דאָך סײַווי אַוועק פֿון דער וועלט, איז וועגן וואָס קאָנסטו שוין טראַכטן? איך גלויב בכלל ניט אין דעם, אַז מיר וועלן זיך נאָך אומקערן."

73

"ווען איך טראַכט וועגן דעם", זאָג איך און כ'דריי זיך אויס אַפּן רוקן, "ווי איכ'ל דערהערן דאָס וואָרט "פֿרידן", און דער פֿרידן וועט טאַקע קומען, וועט דאָס מיך אַזוי פֿאַרשיכּורן, אַז איך וועל מסוגל זײַן אָפּצוטאָן עפּעס אַן אויסטערלישע זאַך. עפּעס אַזוינס, וואָס צוליב דעם איז כּדאַי געווען דאָ צו חושכן. איך קאָן זיך בלויז קיין זאַך ניט אָפּמאָלן. די איינציקע מעגלעכקייט, וואָס כ'זע, די גאַנצע חתונה מיט די פּראָפֿעסיעס, מיטן שטודירן און מיט די שׂכירות און אַזוי ווײַטער – פֿון דעם אַלעמען עקלט מיך, ווײַל דאָס איז דאָך שוין שטענדיק געווען און ס'איז פּאַסקודסטווע. איך זע גאָרנישט, אַלבערט, איך זע גאָרנישט."

מיטאַמאָל קומט מיר אַלץ פֿאָר האָפֿנונגלאָז און פֿאַרצווייפֿלט.

קראָפּ טראַכט אויך וועגן דעם. "מיט אונדז וועט בכלל ניט גוט זײַן. דאָרטן, אינדערהיים, מוזן זיי זיך אויך אַנדערעמאָל ברעכן די קעפּ וועגן דערזעלביקער זאַך. צוויי יאָר שיסן און וואַרפֿן האַנט־גראַנאַטן — דאָס קאָן מען דאָך ניט אויסטאָן פֿון זיך אַזוי לײַכט, ווי מען טוט אויס אַ זאָק —"

מיר גייען זיך אַלע צונויף אַף דעם געדאַנק, אַז אונדז אַלעמען איז גלײַך; און ניט נאָר אונדז; אומעטום און יעדן, ווער עס געפֿינט זיך נאָר אין דעם מצבֿ, איינעם מער, איינעם ווייניקער. דאָס איז דער אַלגעמיינער גורל פֿון אונדזער דור.

אַלבערט זאָגט דאָס אַרויס: "די מלחמה האָט אונדז שוין פֿאַר אַלץ איבערגעפֿירט."

ער איז גערעכט. מיר זײַנען מער ניט קיין יוגנט. מיר ווילן שוין מער ניט שטורעמען די וועלט. מיר אַנטלויפֿן. מיר אַנטלויפֿן אין זיך אַליין פֿון אונדזער לעבן. מיר זײַנען געווען אַכצן יאָר אַלט און האָבן ערשט

אָנגעהויבן צו ליבן די וועלט און דאָס לעבן; דער ערשטער גראַנאַט, וואָס האָט אײַנגעקלאַפּט, האָט אונדז אָנגעטראָפֿן אין האַרצן. מיר זײַנען אָפּגעריסן פֿון טעטיקייט פֿון שטרעבן, פֿון פּראָגרעסירן. מיר גלויבן מער ניט אין דעם; מיר גלויבן אין מלחמה.

74

***

די קאַנצעלאַריע גייט כּאָדאָראָם. הימעלשטאָס האָט זי געשטעלט אַף די פֿיס. בּראש פֿון דער קאָלאָנע לויפֿט דער גראָבער פֿעלדפֿעבל. אַלע פֿעלדפֿעבלס זײַנען גראָב.

נאָך אים טראָגט זיך דער נקמה־לעכצנדיקער הימעלשטאָס. זײַנע שטיוול בלישטשן אין דער זון.

מיר הייבן זיך אוף. דער פֿעלדפֿעבל פּרײַכט: „ווו איז טיאַדען?"

קלאָר, אַז קיינער ווייס ניט. הימעלשטאָס טוט אַ בייזן גלאָץ מיט די אויגן. „געוויס ווייסט איר דאָס. איר ווילט נאָר ניט אויסזאָגן. אַרויס מיטן לשון."

דער פֿעלדפֿעבל קוקט זיך אַרום; טיאַדען איז ניט פֿאַראַן. ער פּרוּווט אַן אַנדער מיטל. „אין משך פֿון צען מינוטן זאָל טיאַדען זײַן אין קאַנצעלאַריע".

מיט די ווערטער גייט ער אַוועק. הימעלשטאָס נאָך אים.

„עפּעס זאָגט מיר דאָס האַרץ, אַז בעת מען וועט אונדז דאָס קומעדיקע מאָל פֿירן אַף אַרבעט, וועט מײַנע אַ דראָט־שפּולקע אַראָפּפֿאַלן אַף הימעלשטאָסעס פֿוס", זאָגט קראָפּ.

„ער וועט אונדז נאָך פֿאַרשאַפֿן אַ פֿולע הנאה", לאַכט מילער.

דאָס איז איצט אונדזער איינציקער באַגער: אָנצוווײַזן דעם בריוו־טרעגער זײַן ריכטיקן אָרט.—

איך גיי אין באַראַק און זאָג טיאַדען, ווי עס האַלט, כּדי ער זאָל זיך באַצײַטנס אָפּטראָגן.

נאָכדעם בײַטן מיר איבער אונדזער אָרט און לייגן זיך ווײַטער אויס, כּדי צו שפּילן אין קאָרטן. ווײַל דאָס קאָנען מיר גוט: קאָרטן שפּילן, זידלען זיך און מלחמה האַלטן. ניט קיין פֿולע פֿאַר צוואַנציק יאָר – צופֿיל פֿאַר צוואַנציק יאָר.

אין אַ האַלב שעה אַרום איז הימעלשטאָס ווײַטער בײַ אונדז. קיינער קוקט זיך אַף אים ניט אום. ער פֿרעגט זיך נאָך אַף טיאַדען. מיר קוועטשן מיט די פּלייצעס, „איר האָט אים געמוזט אופֿזוכן", שטייט ער צו.

„וועמער „איר"? פֿרעגט קראָפּ.

75

„נו, איר דאָ –"

„איך וועל אײַך בעטן אונדז ניט צו דוצן", זאָגט קראָפּ מיט טאָן פֿון אַ פּאָלקאָווניק.

הימעלשטאָס פֿאַלט אַראָפּ פֿון הימל. „וועמער דוצט אײַך דען?"

„איר!"

„איך?"

„יאָ."

אין אים קאָכט עס. ער קוקט אָן קראָפּן מיט חשד און אומצוטרוי, ווײַל ער ווייס ניט, וואָס ער מיינט אייגנטלעך. ער טרויט זיך אָבער ניט אין דעם ענין און ער הערט אוף וועגן דעם צו ריידן. „האָט איר אים ניט געפֿונען?" פֿרעגט ער ווײַטער.

קראָפּ לייגט זיך אָפּ גראָז און זאָגט: זײַט איר שוין אַמאָל געווען אַפּן פֿראָנט?"

„דאָס אַרט אײַך ניט", האַקט אים הימעלשטאָס אָפּ: „איך פֿאָדער אַן ענטפֿער."

„גוט", ענטפֿערט קראָפּ און הייבט זיך אוף. „גיט אַ קוק אַהין. דאָרטן, ווו די קליינינקע וואָלקנדלעך קומען אוף. דאָס שיסן די האַרמאַטן אַף אַעראָפּלאַנען. מיר זײַנען דאָרטן נעכטן געווען. פֿינף טויטע, אַכט פֿאַרוווּנדעטע. ווען איר וועט דעם קומעדיקן מאָל מיטגיין מיט אונדז, וועלן די זעלנער פֿאַרן שטאַרבן זיך שטעלן פֿאַר אײַך, כוואַטסקע צוזאַמענקלאַפּן די פֿיס און פֿרעגן: דערלויבט אַוועקצוגיין, דערלויבט זיך אָפּצוטראָגן! אַף אַזעלכע מענטשן ווי איר זײַט, האָבן מיר דאָ טאַקע אויסגעקוקט די אויגן".

ער זעצט זיך ווײַטער צו, און הימעלשטאָס טראָגט זיך אָפּ געשווינד, ווי אַ וויכער.

„דרײַ טעג אַרעסט", פּרוּווט קאַט טרעפֿן.

„דעם קומעדיקן מאָל וועל איך אים דערלאַנגען", זאָג איך צו אַלבערטן.

אָבער עס דערגייט ניט דערצו. אינאָווענט, בעת דעם אויסרופֿן, ווערן מיר פֿאָרגענומען. אין קאַנצעליאַריע זיצט אונזער לייטענאַנט בערטינק און לאָזט אונז איינעם נאָכן אַנדערן אַרײַנרופֿן צו זיך.

איך מוז אויך אויסזאָגן מײַן עדות, און איך דערצייל, צוליב וועלכע סיבות טיאַדען האָט זיך צעבונטעוועט. די געשיכטע מיט טיאַדענס נעצן זיך באַנאַכט מאַכט אַן אײַנדרוק. מען רופֿט אַרײַן הימעלשטאָסן, און איך חזר איבער מײַן עדות־זאָגן.

„איז דאָס אמת?" פֿרעגט בערטינק הימעלשטאָסן.

ער צאַפּלט זיך, אָבער צום סוף, ווען קראָפּ דערציילט אויך די זעלביקע מעשׂה, מוז ער נאָכגעבן.

„פֿאַרוואָס האָט יעמאָלט קיינער וועגן דעם ניט דערציילט?" פֿרעגט בערטינק.

מיר שווײַגן; ער דאַרף דאָך אַליין וויסן, וואָס פֿאַר אַ צוועק מען קאָן דערגרייכן מיטן באַקלאָגן זיך אַף אַזעלכע קלייניקייטן. איז דען אין דעם זעלנער־לעבן בכלל פֿאַראַן אָט דער מין „באַקלאָגן זיך?" ער זעט דאָס טאַקע אײַן, און הימעלשטאָס באַקומט פֿון אים אַן אָפּשניט. ער דערקלערט אים מיט שאַרפֿע דיבורים, אַז דער פֿראָנט איז ניט קיין קאַזאַרמע־הויף. נאָכדעם נעמט ער זיך צו טיאַדען און בראָקט אים אַרײַן אַ לאַנגע דרשה און דרײַ טעג מיטעלן אַרעסט. קראָפּן טיילט ער אײַן אַ טאָג אַרעסט און פּינטלט אים צו מיטן אויג. „מ׳קאָן אַנדערש ניט," זאָגט ער מיט באַדויערן. ער איז ניט קיין נאַר, דער לייטענאַנט.

דער מיטעלער אַרעסט איז אַ מחיהדיקע זאַך. דער אַרעסט־רוים איז אַ געוועזענער הינער־שטעלכל; דאָ קאָנען ביידע אַרעסטאַנטן אופֿנעמען געסט, מיר פֿאַרשטייען זיך שוין, ווי צוצוקומען אַהין. דער שווערער אַרעסט איז אין קעלער. פֿריער פֿלעגט מען אונז אויך צובינדן צו אַ בוים, אָבער איצט איז דאָס שוין פֿאַרווערט. אַנדערע מאָל באַגייט מען זיך מיט אונז, ווי מיט מענטשן.

אין אַ שעה אַרום נאָכדעם ווי טיאַדען און קראָפּ זײַנען אַרײַנגעזעצט געוואָרן הינטער די גראַטעס, גייען מיר צו זיי צו געסט. טיאַדען איז אונז מקבל־פּנים קרייענדיק, ווי אַ האָן. מיר שפּילן ביז באַנאַכט אין סקאַט. געווינען געווינט דער נאַרישער טראָפּ טיאַדען.

***

באַם אַוועקגיין פֿרעגט מיך קאַט: „האַלטסט עפּעס פֿון אַ געבראָטן גענדזל?"

„ס׳איז ניט שלעכט," בין איך מסכּים.

מיר קריכן אַרוף אַף אַ מוניציע־פֿורל. די נסיעה קאָסט צוויי סיגאַרעטן. קאַט האָט גענוי זיך אָנגעמערקט דעם אָרט. דער שטאַל באַלאַנגט צו אַ שטאַב פֿון אַ פּאָלק. עס בלײַבט, אַז איך זאָל אַרויסנעמען די גאַנז, און קאַט גיט מיר די נויטיקע אָנווײַזונגען. דער שטאַל ליגט הינטערן וואַנט, די טיר איז פֿאַרשפּאַרט מיט אַ פֿלעקל.

קאַט האַלט אונטער זײַנע הענט, איך הייב זיך אַרוף און קריך אַריבער די וואַנט. קאַט גיט דערווײַל אַכטונג.

אַף עטלעכע מינוטן בלײַב איך שטיין, כּדי צו צוגעווינען די אויגן צו דעם טונקל. נאָכדעם דערקען איך דעם שטאַל. איך גנבֿע זיך שטיל אַראָפּ, טאַפּ אָן דאָס פֿלעקל, צי אים אַרויס און כ׳עפֿן די טיר.

עס שימערירן אַרויס צוויי ווײַסע פֿלעקן. צוויי גענז, דאָס איז פּאַסקודנע: כאַפּט מען איינע, שרײַט די אַנדערע. חייסט עס, ביידע — ווען איכ׳ל נאָר זײַן פֿלינק, וועט זיך דאָס אײַנגעבן.

מיט איין שפּרונג בין איך שוין באַ זיי. איינע כאַפּ איך תּיכּף, אין אַ רגע אַרום – די אַנדערע. ווי משוגע, האַק איך אָן וואַנט זייערע קעפּלעך, כּדי זיי צו באַטויבן. ווי עס שײַנט אָבער, פֿאַרמאָג איך ניט גענוג כּח. די עופֿות שטיקן זיך און פֿאָכן מיט די פֿליגלען און מיט די לאַפּקעס. איך קעמף מיט פֿאַרביסנקייט, אָבער, צום טײַוול, וואָס כּח אַ גאַנז פֿאַרמאָגט דאָס! זיי רײַסן זיך אַזוי, אַז איך שטיי קוים אײַן אַף די פֿיס. אין דעם אַרומיקן חושך זעען זיי פּאַסקודנע אויס, אָט די פּאָר ווײַסע שמאַטעס, אַף מײַנע הענט זײַנען אויסגעוואַקסן פֿליגלען, איך האָב כּמעט פּחד באַקומען, איך זאָל ניט אַרופֿפֿליען צום הימל, פּונקט ווי איך וואָלט אין מײַנע פֿוס־קנעכלעך געהאַט אַ פּאָר לופֿט־פּילקעס.

און דאָ הויבט שוין אָן דאָס געפּילדער זיך פֿאַנאַנדערצוּוואַקסן. איין גענזעשער גאָרגל האָט געפּאַקט לופֿט און ער נעמט כאָרכלען, ווי אַ וועק־זייגער. איידער איך קוק מיך נאָך אַרום, לאָזט זיך עפּעס אַרײַן פֿון דרויסן, איך באַקום אַ שטופּ, ליג שוין אַף דער ערד און הער איבער זיך אַ בייזן וואָרטשן. אַ הונט. איך כאַפּ אַ קוק אין דער זײַט; ער זוכט שוין אַרײַנצופּאַקן מײַן האַלז. איך בלײַב ליגן שטיל און צי אַרײַן די גאָמבע אין קאָלנער.

אַ מאױמדיקער כלבֿ. נאָך אַ װײַלע, װאָס האָט זיך געצױגן אַן אײביקײט, נעמט ער אַװעק זײַן שנוקע און זעצט זיך צו לעבן מיר. אָבער װען איך פּרוּװ זיך אַ ריר טאָן, װאָרטשעט ער. איך באַטראַכט זיך. דאָס אײנציקע, װאָס איך קאָן אױפֿטאָן, איז צו דערגרײכן צו מײַן קלײנעם רעװאָלװער. בכל־אופֿן מוז איך פֿון דאַנען אַװעק, אײדער מענטשן קומען. איך נעם פּאַמעלעך רוקן די האַנט.

עס דאַכט זיך מיר, אַז עס גערױערט גאַנצע שעהן. איך מאַך כּסדר שטילע באַװעגונגען, און אַף יעדער באַװעגונג ענטפֿערט מיר אַ געפֿערלעך װאָרטשן; איך ליג שטיל און מאַך באַלד אַ נײַעם פּרוּװ. װען איך האָב שױן דעם רעװאָלװער אין האַנט, הױבט די האַנט אָן צו ציטערן. איך דריק די האַנט צו צו דער ערד און גרײט זיך: אַ דיס דעם רעװאָלװער אין דער הױך, אַ שאָס, נאָך אײדער ער װעט אים אָנכאַפּן, און תּיכּף אױפֿגעשפּרונגען.

פּאַמעלעך אָטעם איך זיך אָפּ און כ׳באַרויִק זיך. מיטאַמאָל האַלט איך אײַן דעם אָטעם, טו אַ ריס רעם רעװאָלװער אין דער הױך, ס׳דערלאַנגט אַ קנאַק. סקאַװוטשענדיק שפּרינגט דער הונט אָפּ אָן אַ זײַט, איך לױף צום טירל פֿון שטאַל און קונץ אַריבער איבער אײנער פֿון די אַרױסגעלאָפֿענע גענז.

אין געלאָף טו איך זי אַ כאַפּ, װאַרף זי מיט שװוּנק אַריבער איבערן װאַנט און קריך אַלײן אַרוף. איך בין נאָך ניט אַריבער, איז שױן דער כלבֿ װײַטער מונטער און שפּרינגט מיר נאָך. איך קײַקל זיך אַף גיך אַראָפּ. צען טריט פֿון מיר שטײט קאַט מיט דער גאַנז אונטער אָרעם. װי נאָר ער זעט מיך, לאָזן מיר זיך לױפֿן.

ענדלעך קאָנען מיר זיך אָפּשטעלן אָפּכאַפּן דעם אָטעם. די גאַנז איז טױט, קאַט האָט אין אײן רגע געמאַכט אַ סוף צו איר.

מיר װילן זי תּיכּף אָפּבראָטן, כּדי קײנער זאָל גאָרנישט מערקן. איך ברײנג פֿון באַראַק האָלץ און טעפּ און מיר פֿאַרקריכן אין אַ קלײנעם, פֿאַרלאָזענעם שטעלכל, װאָס דינט אונז שטענדיק פֿאַר אַזעלכע זאַכן. דאָס אײנציקע פֿענסטערל װערט געדיכט פֿאַרהאַנגען. דאָרטן איז פֿאַראַן אַ מין אױװעלע, אַן אײַזערנע פּלאַט ליגט אַף שטײנער. מיר מאַכן פֿײַער.

קאַט פֿליקט אָפּ די גאַנז און גרײט איר צו. די פֿעדערן לײגן מיר אָפּ אָן אַ זײַט. מיר װילן זיך דערפֿון מאַכן אַ פּאָר קלײנע קישעלעך מיט אַן אױפֿשריפֿט; "שלאָף געשמאַק אינם קרײַץ־פֿײַער!"

די שיסערײַ פֿון פֿראָנט קלאַפּט אָן אױפֿהער אַרום אונזער עיר־מקלט. איבער אונזערע פּנימער טאַנצט דער אָפּשײַן פֿון אַרטילעריע־פֿײַער, שאָטנס באַװעגן זיך אַפֿן װאַנט. אַנדערעמאָל דערטראָגט זיך אַ טעמפּער זעץ, דאָס שטעלכל ציטערט אָפּ. באָמבעס פֿון אַעראָפּלאַנען. אײן מאָל הערן מיר געשרײען. דאָס האָט מען אײַנגעקלאַפּט אַ באַראַק.

אַעראָפּלאַנען זשומענען; גאָר נאָענט דערטראָגט זיך אַ שטעפּערײַ פֿון קוילן־װאַרפֿער. פֿון אונז זעט מען אָבער ניט קײן שום ליכט.

אַזױ זיצן מיר זיך אײנער אַנטקעגן אַנדערן, קאַט און איך, צװײ זעלנער אין אָפּגענוצטע רעקלעך, און בראָטן אינמיטן דער נאַכט אַ גאַנז. מיר רײדן ניט קײן סך, אָבער מיר זײַנען פֿול צאַרטער אײַנזעעניש אײנער לגבי דעם אַנדערן, צאַרטער, װי באַ אַ פֿאַרליבט פּאָרל. מיר זײַנען צװײ מענטשן, צװײ קלײנע פֿונקן לעבן, אין דרױסן הערשט די נאַכט און דער טױט. מיר זיצן אַף זײער ראַנד אונטער אַ סכּנה, איבער אונזערע פֿינגער טריפֿט שמאַלץ, מיר זײַנען נאָענט אײנער צום אַנדערן מיט די הערצער. און אָט די שעה איז אַזױ װי דער רױם, װוּ מיר זײַנען: באַשײַנט דורך אַ מילדן פֿײַער װאַקלען זיך אַהין און אַהער די ליכטער און די שאָטנס פֿון די געפֿילן און איבערלעבענישן. װאָס װײס ער װעגן מיר — װאָס װײס איך װעגן אים, פֿריער װאָלט דאָך קײן אײן געדאַנק אונזערער ניט געװען אַ שותּפֿותדיקער — איצט זיצן מיר באַ דער גאַנז און פֿילן אונזער לעבן און זײַנען אַזױ נאָענט אײנער צום אַנדערן, אַז מיר קאָנען גאָר װעגן דעם ניט רײדן.

עס נעמט לאַנג, ביז מען בראָט אָפּ אַ גאַנז, אַפֿילו װען זי איז יונג און פֿעט. מיר בײַטן דעריבער אָפּ אײנער דעם אַנדערן. אײנער באַגיסט זי, בעת דער אַנדערער כאַפּט דערװײַל אַ דרעמל. צו ביסלעך פֿאַרשפּרײט זיך אַ מחיהדיקער ריח.

די דרױסנדיקע גערױשן װערן פֿאַרװאַנדלט אין אַ חלום. באַ װעלכן מען פֿאַרלירט אָבער ניט אינגאַנצן דעם זכּרון. איך זע אין האַלבן דרעמל, װי קאַט הײבט אױף און לאָזט אַראָפּ די לעפֿל, איך האָב אים ליב, זײַנע פּלײצעס, זײַן װינקלדיקע, געבױגענע געשטאַלט — און אין דער זעלביקער צײַט, זע איך הינטער אים װעלדער און שטערנס, און אַ גוטע שטים זאָגט װערטער, װעלכע ברײנגען מיר טרײסט, מיר, דעם זעלנער, װעלכער איז, צוזאַמען מיט זײַנע גרױסע שטיװאַלעס און זײַן גורט, און זײַן ברױט־רענצל אַזױ נישטיק

אונטערן רחבֿותדיקן הימל; וועלכער פֿאַרגעסט אַזוי גיך און איז זעלטן אומעטיק, וועלכער גייט אַלץ ווײַטער אונטער דעם ברייטן נאַכט־הימל מיט דעם וועג, וואָס שפּרייט זיך פֿאַר אים אויס.

אַ קלײנער זעלנער און אַ מילדע שטים, און ווען מען וואָלט אים צערטלען, וואָלט ער דאָס שוין אפֿשר גאָרניט באַנומען, אָט דער זעלנער מיט די גרויסע שטיוואַלעס און מיט דאָס פֿאַרהאַרטעוועטע האַרץ, וועלכער טראַמפּלט, ווײַל ער טראָגט שטיוול, און וועלכער האָט שוין פֿאַרגעסן אַלץ, אַחוץ דעם מאַרשירן. זײַנען דען אַפֿן האָריזאָנט ניט פֿאַראַן קיין בלומען און קיין לאַנדשאַפֿט, וואָס ליגט אַזוי שטיל, אַז אים ווילט זיך וויינען, דעם זעלנער? שטייען דען דאָרטן ניט קיין בילדער, וועלכע ער האָט נאָר צוליב דעם, ניט אָנגעוואָרן, ווײַל ער האָט זיי קיינטאָל ניט פֿאַרמאָגט, פֿאַרשיכורנריקע בילדער, וועלכע זײַנען אָבער פֿאַר אים פֿאַרבײַ? שטייען דען דאָרטן ניט זײַנע צוואַנציק יאָר?

איז מײַן פּנים נאַס, און ווו בין איך? קאַט שטייט איבער מיך, זײַן גרויסער, געבויגענער שאָטן פֿאַלט אַף מיר, ווי דער שאָטן פֿון מײַן היים. ער רעדט שטיל, ער שמייכלט און גייט צוריק צו צום פֿײַער.

ער זאָגט: "עס איז פֿאַרטיק."

"יאָ, קאַט."

איך טרייסל זיך פֿאַנאַנדער. אינמיטן רוים לויכט דאָס ברוינע געבראָטנס, מיר נעמען אַרויס אונזערע צוזאַמענגעלייגטע גאָפּלען און טאַשן־מעסערס, און יעדער שנײַדט אָפּ אַ פֿאָלקע. צו דעם עסן מיר זעלנער־ברויט, געטונקט אין דעם זופּ. מיר עסן פֿאַמעלעך, מיט גרויס הנאה. "געשמאַק, קאַט?"

"גוט! שמעקט עס דיר אויך?"

"גוט, קאַט."

מיר זײַנען ברידער און מיר רוקן איינער דעם אַנדערן צו די בעסטע חלקים. נאָכן עסן רויכער איך אַ סיגאַרעט, קאַט אַ ציגאַר. פֿון דער גאַנז איז נאָך אַפֿולע געבליבן.

"וואָס זאָגסטו, קאַט, דערצו, אַז מיר זאָלן פֿאַר קראָפּ און טיאַדען מיטנעמען אַ שטיק?"

"גוט," זאָגט ער. מיר שנײַדן אָפּ אַ פּאָרציע און וויקלען זי אײַן אין צײַטונג־פּאַפּיר. דעם רעשט רעכענען מיר מיטצונעמען צו זיך אין באַראַק; אָבער קאַט לאַכט און זאָגט נאָר: "טיאַדען."

איך זע אײַן, אַז מיר מוזן אַלץ מיטנעמען. און מיר גייען צום הינער־שטאַל, כּדי זיי ביידן אופֿצוּוועקן. פֿאַרן אַוועקגיין ראַמען מיר נאָך אַוועק די פֿעדערן.

קראָפּ און טיאַדען קוקט אַף אונז, ווי אַף אַ ליכטיקן חלום אין מדבר. נאָכדעם הויבן זיי אָן צו אַרבעטן מיט די ציין. טיאַדען האַלט מיט ביידע הענט באַם מויל אַ פֿליגל, ווי אַ קינדער־האַרמאָניקע, און קײַט. ער זופּט די שמאַלץ פֿונם טאָפּ און פּאָסמאַקעוועט זיך: "דאָס וועל איך אײַך קיינמאָל ניט פֿאַרגעסן!"

82

מיר גייען צו אונזער באַראַק. דער הויכער הימל איז ווײַטער אויסגעזייט מיט שטערנס און מיט דער אופֿקומענדיקער פֿרימאָרגן־דעמערונג, און איך שלעפּ זיך אונטער דעם, אַ זעלנער מיט גרויסע שטיוואַלעס און מיט אַ פֿולן בויך, אַ קליין זעלנערל אין דעם פֿרימאָרגן — און באַ מײַן זײַט, אײַנגעבויגן און ווינקלדיק, גייט קאַט, מײַן חבֿר.

דער סילועט פֿון באַראַק קומט אונז אין דער דעמערונג אַנטקעגן, ווי אַ טיפֿער געשמאַקער שלאָף.

6.

עפּעס שמועסט מען וועגן אַן אַטאַקע. מיר גייען אַרויס אַפֿן פֿראָנט מיט צוויי טעג פֿריער, ווי שטענדיק. אַפֿן וועג פֿאָרן מיר פֿאַרבײַ אַ צעשאָסענעם שול־בנין. דערבײַ שטייט אופֿגעשטאַפּלט אַ טאָפּעלע, הויכע וואַנט פֿון גאָר נײַע, העלע, ניט פּאָלירטע אָרונות. זיי האָבן נאָך דעם ריח פֿון סמאָלע, פֿון סאָסנעס און פֿון וואַלד. דאָרטן זײַנען פֿאַראַן, לכל־הפּחות, הונדערט שטיק.

"אָט דאָס הייסט זיך פֿאַרזאָרגט פֿאַר דער אַטאַקע," רופֿט מילער אויס, פֿאַרחידושט.

"דאָס איז פֿאַר אונז," וואָרטשעט דעטערינג.

"רייד ניט קיין נאַרישקייטן, " בייזערט זיך קאַט.

"מעגסט זיך פֿרייען, אויב דו וועסט אַרײַנכאַפּן אַן אָרון," חוזקט מיט יאַשטשערקעס טיאַדען, אָבער פֿאַר דײַן פּאַדיקלעס־פֿיגור וועלן זיי דאָך וועלן איבערפֿירן ניט מער ווי אַ געצעלט־לײַוונט:"

די אַנדערע וויצלען זיך אויך — אָבער אַז אָך־און־ווײ איז צו די וויצן; וואָס זאָלן מיר אַחוץ דעם טאָן? — די אַרונות זײַנען דאָך אין דעראמתן פֿאַר אונז. אין אַזעלכע ענינים איז בײַ אונז די אָרדענונג אַ מוסטערהאַפֿטע.

אַף די פֿאָדערשטע ליניעס קאָכט עס. אין דער ערשטער נאַכט פּרוּוון מיר זיך שוין אָריענטירן. עס איז כמעט ווי שטיל, און מיר הערן, ווי הינטער דעם שׂונאס פֿראָנט גייען אָן אופֿהער טראַנספּאָרטן ביז באַגינען צו. קאָט זאָגט, אַז זיי ציען ניט אָפּ, נאָר זיי ברענגען כּסדר צו מענטשן, מוניציע, האַרמאַטן.

די ענגלישע אַרטילעריע איז פֿאַרשטאַרקט געוואָרן, אין דעם איבערצײַגן מיר זיך תּיכּף־ומיד. רעכטס פֿון דער פֿערמע שטייען, לכל־הפּחות, פֿיר באַטאַרייעס מער, און הינטער דעם אָפּגעהאַקטן טאָפּאָל זײַנען אײַנגעבויט קוילן־וואַרפֿערס. אַחוץ דעם, איז נאָך אָנגעקומען אַ היפּשע צאָל פֿון די קליינע פֿראַנצויזישע חיות־רעות [xàyes-róes], די פֿלאַמען־וואַרפֿערס.

אונזער שטימונג איז געדריקט.

אין אַ ווײַלע אַרום, הויבן מיר אָן צו באַקומען קלעפּ פֿון דער אייגענער אַרטילעריע. דאָס איז שוין דאָס דריטע מאָל אין משך פֿון פֿיר וואָכן. ווען דאָס וואָלט נאָך פּאַסירט צוליב אַ טעות, וואָלט קיינער צו זיי נישט געהאַט. אָבער די סיבה דערפֿון איז די, וואָס די האַרמאַטן־טרויבן זײַנען שוין צו אָפּגענוצט, און די שאָסן ווערן אָפּט אומזיכער. אין דער נאַכט האָבן מיר דורך דעם צוויי פֿאַרוווּנדיקטע.

***

דער פֿראָנט איז אַ שטײַג, ווו מען מוז נערוווייז אויסוואַרטן, וואָס עס וועט געשען. מיר ליגן אונטער דעם געפֿלעכט פֿון פֿליעדיקע גראַנאַטן און מיר לעבן אין כּסדרדיקער שפּאַנונג און אומבאַשטימטקייט. איבער אונז שוועבט דער צופֿאַל. ווען אַ קויל קומט, קאָן איך זיך נאָר אײַנבויגן, דאָס איז אַלץ; אָבער וווּהין ער וועט טרעפֿן קאָן איך קאָן דאָס אויך ניט ווויסן און איך קאָן דאָס אויך ניט אָפּווענדן.

און אָט דער צופֿאַל מאַכט אונז גלײַכגילטיק. מיט עטלעכע מאָנאַט צוריק בין איך געזעסן אין אַ בלינדאַזש און געשפּילט סקאַט; אין אַ ווײַלע אַרום האָב איך זיך אופֿגעהויבן און אַוועק צו געסט צו באַקאַנטע אין אַ שכנותדיקן בלינדאַזש. ווען איך בין געקומען צוריק, איז שוין פֿון מײַן בלינדאַזש קיין זכר ניט געווען, ער איז אײַנגעשלאָגן געוואָרן דורך אַ שווערן שראַפּנעל. איך בין אַוועק צוריק צו מײַנע שכנים, און בין געקומען גראָד צו דער נויטיקער צײַט, כּדי זיי צו העלפֿן אופֿצוגראָבן. פֿאַר דער צײַט איז זייער בלינדאַזש שוין אויך פֿאַרשאָטן געוואָרן.

איך בלײַב לעבן פּונקט אַזוי צופֿעליק, ווי איך ווער אַראָפּגעשאָסן. אין דעם פֿאַרפּאַנצערטן בלינדאַזש קאָן איך צעקוועטשט ווערן, און איך קאָן שטיין צען שעה אַפֿן פֿרײַען פֿעלד אונטערן קרייץ־פֿײַער און בלײַבן גאַנץ. יעדער סאָלדאַט בלײַבט לעבן נאָר אַדאַנק טויזנטער צופֿאַלן. און יעדער סאָלדאַט גלויבט אין דעם צופֿאַל און פֿאַרטרויט זיך אים.

***

מיר מוזן אופֿפּאַסן אונזער ברויט. פֿאַר דער לעצטער צײַט, וואָס די גראָבנס ווערן ניט מער געהאַלטן אין אָרדנונג, האָבן זיך אָנגעהויבן מערן די שטשורעס. דעטערינג זאָגט, אַז דאָס איז דער ריכטיקסטער סימן, אַז עס וועט עפּעס קומען.

די היגע שטשורעס זײַנען באַזונדערש עקלהאַפֿטיק דערמיט, וואָס זיי זײַנען אַזוי גרויס. דאָס איז דער מין, וואָס מען רופֿט פּגרים־שטשורעס. זיי האָבן פֿאַסקודנע, בייזע שנוקעס, און בעת מען זעט זייערע לאַנגע, נאַקעטע ווײדלען, ווערט ניט גוט.

ווי עס שײַנט, זײַנען זיי שטאַרק אויסגעהונגערט געווען. כמעט בײַ אַלעמען האָבן זיי אופֿגעפֿרעסן דאָס ברויט. קראָפּ האַלט זײַן ברויט צוקאָפּנס, גוט פֿאַרוויקלט אין געצעלט־לײַוונט, אָבער ער קאָן ניט שלאָפֿן, ווײַל זיי לויפֿן אים די גאַנצע נאַכט אַרום איבערן פּנים. דעטערינג האָט זיי געוואָלט איבערכיטרעווען; ער האָט אָנגעבראַכט אָן דער סטעליע אַ דראָט און האָט אַף דעם אופֿגעהאַנגען זײַן פּעקל ברויט. באַנאַכט זעט ער, באַם שײַן פֿון זײַן טאַשן־לעמפּל, ווי דאָס דראָט שאָקלט זיך אַהין און צוריק. אַפֿן ברויט איז געריטן אַ פֿעטער שטשור.

מיר מאַכן דערצו אַ סוף. די שטיקער ברויט, וואָס די חיהלעך האָבן אָרומגעגריזשעט, שנײַדן מיר אויס; אַוועקוואַרפֿן דאָס גאַנצע ברויט קאָנען מיר בשום אופֿן ניט, ווײַל דעמאָלט וועלן מיר מאָרגן ניט האָבן וואָס צו עסן.

די אָפּגעשניטענע פּענעצעס לייגן מיר צוזאַמען אינמיטן, אַף דער פּאָדלאָגע. יעדער נעמט אַרויס זײַן רידל און לייגט זיך אַוועק דערבײַ, גרייט צו האַקן. דעטערינג, קראָפּ און קאַט האַלטן אָנגעגרייט זייערע טאַשן־לעמפּלעך.

באַלד דערהערן מיר די ערשטע שאָרכן. די שאָרכן פֿאַרשטאַרקן זיך, דאָס זײַנען שוין אַפּולע קליינע לאַפּקעס, און דאָ בליצן מיטאַמאָל אויף די טאַשן־לאָמפּן, און אַלע נעמען האַקן אין דעם שוואַרצן געזעמל, וואָס לויפֿט זיך פֿאַנאַנדער מיט אַ שיפּן און פּיסקן. דער רעזולטאַט איז אַ גוטער. מיר וואַרפֿן אַרויס די צעפּאַסקעוועטע שטשורעס איבערן גראָבן און לייגן זיך ווײַטער לאָקערן.

נאָך עטלעכע מאָל גיט זיך אונז דער קונץ אײַן. נאָכדעם האָבן שוין די שטשורעס עפּעס געמערקט, אָדער דערשמעקט דעם ריח פֿון בלוט. מער קומען זיי שוין ניט. אָבער ניט געקוקט אַף דעם, זײַנען אַף מאָרגן אינדערפֿרי די ברויט־רעשטלעך אַף דער פּאָדלאָגע מער ניטאָ.

אין דעם שכנותדיקן סעקטאָר זײַנען די שטשורעס באַפֿאַלן צוויי גרויסע קעץ און אַ הונט, האָבן זיי צעביסן אַף טויט און אָפּגעגריזשעט שטיקער.

***

אַפֿן קומעדיקן טאָג קריגן מיר האָלענדער קעז, יעדער באַקומט כמעט אַ פֿערטל פֿון אַ גאַנצן קעז, צום טייל איז דאָס גוט, ווײַל האָלענדער איז אַ מאכל אין מויל צו נעמען — און צום טייל איז דאָס ביטער, ווײַל אָט די גראָבע, רויטע פּילקעס זײַנען ביזאַהער שטענדיק געווען אַן אָנזאָג אַף גרויסע צרות. אונזער פֿאָרגעפֿיל שטײַגט נאָך, בעת מען הויבט אויך אָן צו טיילן בראָנפֿן. מיר טרינקען דאָס; אָבער דערבײַ איז אונז גאָרניט פֿריילעך אַפֿן האַרצן.

86

מיר ברענגען צו די טעג דערמיט, וואָס מיר מאַכן געיעגן אַף די שטשורעס און מיר בלאָנקען זיך אַרום. די זאַפּאַסן קוילן און האַנט־גראַנאַטן ווערן פֿולער. די באַגנעטן באַזיכטיקן מיר אַליין. עס זײַנען פֿאַראַן אַזעלכע, וואָס האָבן אַף דער טעמפּער זײַט ציינדלעך, ווי די זעגן. ווען יענע דאָרטן כאַפּן עמיצן מיט אַזאַ באַגנעט, מאַכן זיי אים אָן שום דיבורים מיט אַ קאָפּ קירצער. אין שכנותדיקן סעקטאָר האָבן מיר געפֿונען אונזעריקע, בײַ וועמען מען האָט מיט אָט די זעגלעך־באַגנעטן אָפּגעשניטן די נעזער און אויסגעשטאָכן די אויגן. נאָכדעם האָט מען זיי פֿאַרשטאָפּט די נאָז און די מויל מיט זעגלשפּאָן און זיי דערמיט דערשטיקט.

עטלעכע רעקרוטן האָבן נאָך אַזעלכע באַגנעטן; מיר נעמען דאָס אָפּ און זיי באַקומען אַנדערע.

דער באַגנעט האָט שוין יעדנפֿאַלס טיילווײַז פֿאַרלאָרן זײַן באַדײַטונג. אין אַטאַקע צו גיין איז איצט געוואָרן מאָדע נאָר מיט האַנט־גראַנאַטן און מיט רידלען. דער אָנגעשאַרפֿטער רידל איז אַ לײַכטערער און אַ פֿילזײַטיקערער וואָפֿן, מען קאָן אים ניט נאָר אַרײַנשטעכן אין האַלז, נאָר מען קאָן אויך מיט אים שלאָגן, ווײַל ער האָט מער געוויכט; באַזונדערש, בעת מען טרעפֿט מיט אים אַרײַן באַלכסון צווישן פּלייצע און האַלז, דעמאָלט שפּאַלט מען דורך ביזן ברוסט צו. דער באַגנעט בלײַבט אָפֿט שטעקן אין לײַב, און כדי אים אַרויסצובאַקומען, מוז מען זיך פֿעסט אײַנשפּאַרן מיטן פֿוס אין יענעמס בויך, און אין משך פֿון דער צײַט שנײַדט מען אַליין אויך אָפּ אָפֿטמאָל ניט טרוקן. דערצו נאָך ברעכט זיך דאָס באַגנעט אַנדערעמאָל אָפּ.

באַנאַכט גיט מען גאַז־סיגנאַלן. מיר וואַרטן אַף דער אַטאַקע און האַלטן די מאַסקעס פֿאַרטיק, גרייט זיי אָפּצורײַסן, ווי נאָר דער ערשטער שאָטן וועט זיך אופֿהייבן.

דער פֿרימאָרגן הייבט אָן גראָען, באַנאַכט איז גאָרנישט געשען. שטענדיק אָבער אָט דאָס נערווירנדיקע רעדער־דרייען אַף יענער זײַט, אײַזנבאַנען, משׂא־אויטאָמאָבילן, וואָס געשעעט דאָרטן? אונזער אַרטילעריע פֿײַערט אַהין אַריבער פֿון צײַט צו צײַט, אָבער עס הערט אַלץ ניט אויף, עס הערט אַלץ ניט אויף.—

87

מיר האָבן אויסגעמאַטערטע פּנימער און קוקן ניט איינער אַפֿן אַנדערן. "עס וועט זײַן, ווי בײַ דער סאָמע, דאָרטן האָבן מיר געהאַט זיבן מעת־לעת כּסדר קרייץ־פֿײַער", זאָגט קאַט פֿאַרכמורעט. זינט מיר זײַנען דאָ, האָט ער מער ניט קיין הומאָר, און דאָס איז שלעכט, ווײַל קאַט איז אַן אַלטער פֿראָנט־פֿוקס, און ער דערשמעקט אַלץ. נאָר איין טיאַדען איז מלא־שׂמחה צוליב די גוטע פּאָרציעס און דעם ראָם; ער מיינט אַפֿילו, אַז מיר וועלן אַוועק פּונקט אַזוי, ווי מיר זײַנען געקומען, ס'וועט קיין זאַך ניט פּאַסירן.

און עס זעט טאַקע כמעט אַזוי אויס. איין טאָג נאָכן אַנדערן גייט אַוועק. באַנאַכט זיץ איך אין דער לאָך פֿונם אויסקוק־פּונקט. איבער מיך הייבן זיך אַרוף און לאָזן זיך אַראָפּ די ראַקעטקעס. איך בין פֿאַרזיכטיק

און געשפּאַנט, מײַן האַרץ קלאַפּט. איך קוק כּסדר אַפֿן זייגער מיטן לויכטנדיקן ציפֿערבלאַט. דאָס ווײַזערל וויל זיך ניט רירן. דער שלאָף פּלאָנטערט זיך צווישן מײַנע וויעס, איך דריי אין די שטיוול די פֿוס־פֿינגער, כּדי ניט אײַנצושלאָפֿן. ביז איך ווער אָפּגעביטן, פּאַסירט קיין זאַך ניט; — נאָר שטענדיק דאָס רעדער־דרייען אַף יענער זײַט. מיר באַרויִקן זיך בהדרגה און שפּילן כּסדר אין חזרימלעך. אפֿשר וועלן מיר האָבן מזל.

דער הימל איז גאַנצע טעג באַהאַנגען מיט אויסקוק־באַלאָנען. מיר דערוויסן זיך, אַז דאָרטן גרייט מען צו פֿאַר דער אַטאַקע טאַנקעס און אַעראָפּלאַנען פֿאַר אינפֿאַנטעריע. דערמיט אינטערעסירן מיר זיך אָבער ווייניקער ווי מיט דעם, וואָס מען דערציילט וועגן די נײַע פֿלאַמען־וואַרפֿערס.

***

אינמיטן דער נאַכט כאַפּן מיר זיך אוף. די ערד טרייסלט זיך. איבער אונז לייגט זיך אַ שווער פֿײַער. מיר באַהאַלטן זיך אין די ווינקעלעך. מיר הערן, ווי עס אַרבעטן האַרמאַטן פֿון אַלע קאַליבערס.

88

יעדער כאַפּט זײַנע זאַכן און איבערצײַגט זיך יעדע רגע פֿונדאָסניי, אַז זיי זײַנען פֿאַראַן. דער בלינדאַזש ציטערט, די נאַכט ברומט און בליצט.

באַם שײַן פֿון די לאַנגע אופֿבליצן קוקן מיר זיך איבער מיט בלאַסע פּנימער און מיט פֿאַרביסענע ליפּן, און שאָקלען מיט די קעפּ.

יעדער איינער פֿילט באַשײַנפּערלעך, ווי די שווערע שראַפּנעלן צערײַבן דעם וואַל פֿאַרן גראָבן, ווי זיי פֿאַרטיליקן דעם אופּשיט, און ווי זיי מאַכן אַ תּל פֿון די אויבערשטע בעטאָן־קלעצער. מיר מערקן דעם ווילדן, טעמפּן זעץ פֿון אַ שראַפּנעל, בעת ער טרעפֿט אַרײַן אין גראָבן, דעמאָלט דערמאָנט ער דעם קלאַפּ פֿון די נעגל פֿון אַ סאָפּענדיקער רויב־חיה. עטלעכע רעקרוטן זײַנען גרין און זיי ברעכן. זיי זײַנען נאָך דערצו ניט געוווינט.

פּאַמעלעך גיסט זיך אַרײַן אַ שווער, גראָ ליכט אין די גיינג און גיט די בליצן צו אַ בלייכע פֿאַרב .דער פֿרימאָרגן איז געקומען. איצט מישן זיך אַרײַן אין דעם אַרטילעריע־פֿײַער אופֿרײַסנדיקע מינעס. זיי רופֿן אַרויס אַן אומגלויבלעכן חורבן. דאָרטן, ווו זיי טרעפֿן אָן, איז אַ פֿאַרטיקער מאַסן־קבֿר.

די פּאַטרולן גייען אַרויס, די אויסקוקער קומען אַרײַן, צעטומלטע, מיט מיסט באַוואָרפֿענע, ציטערנדיקע. איינער לייגט זיך שווײַגעדיק אין אַ ווינקל און עסט, דער אַנדערער, אַ דערגאַנצונג־רעזערוויסט, כליפּעט; פֿון דער לופֿט־צעטרייסלונג איז ער צוויי מאָל אַריבערגעפֿלויגן איבערן וואַל, און ער איז געבליבן לעבן, נאָר אַ נערוון־שאָק האָט ער געכאַפּט דערבײַ.

די רעקרוטן קוקן אַף אים. דאָס איז שטאַרק אָנשטעקנד, מיר מוזן אופּאַסן, באַ אַנדערע הויבן שוין אָן זיך צו קרימען די מײַלער; ס'איז גוט, וואָס ס'ווערט שוין טאָג; אפֿשר וועט די אַטאַקע נאָך אויסברעכן אינדערפֿרי.

דאָס פֿײַער ווערט ניט שוואַכער. עס לייגט זיך אויך הינטער אונז. אַף ווי ווײַט מען קאָן נאָר זען, שפּריצן פֿאָנטאַנעס פֿון אײַזן און פֿון בלאָטע. אַ ברייטער שטח ווערט באָמבאַרדירט.

89

די אַטאַקע קומט ניט, אָבער די קלעפּ ציען זיך אָן אופֿהער. מיר ווערן ביסלעכווײַז אָפּגעטויבט. קיינער פֿון אונז רעדט שוין ניט. מען קאָן זיך אויך ניט פֿאַרשטיין.

אונזער גראָבן איז כּמעט חרובֿ. אין אַפֿולע ערטער דערגרייכט זײַן הויך ניט מער פֿון אַ האַלבן מעטער, ער איז צעלעכערט, פֿול מיט טרעכטערס און בערגלעך. האַרט באַ אונזער דורכגאַנג פּלאַצט אַ שראַפּנעל. תּיכּף ווערט עס פֿינצטער, מיר זײַנען פֿאַרשאָטן און מוזן זיך אויסגראָבן. אין אַ שעה אַרום איז דער גאַנג ווײַטער פֿרײַ, און מיר זײַנען אַביסל פֿעסטער באַ זיך, ווײַל מיר האָבן געהאַט עפּעס צו טאָן.

אונזער לייטענאַנט קריכט אַרײַן און זאָגט, אַז צוויי בלינדאַזשן זײַנען פֿאַרטיליקט געוואָרן. די רעקרוטן באַרויִקן זיך, ווען זיי זעען אים. ער זאָגט אויך, אַז הײַנט אָוונט דאַרף געמאַכט ווערן אַ פּרוּוו צו ברײַנגען עסן.

דאָס קלינגט, ווי אַ טרייסט. קיינער האָט ניט געטראַכט וועגן דעם, אַחוץ טיאַדען. אויב עס גייט נאָך אײַן צו ברײַנגען עסן, איז דאָך נאָך ניט אַזוי שלעכט, טראַכטן זיך די רעקרוטן. מיר שטערן זיי ניט, מיר ווייסן, אַז שפּײַז איז פּונקט אַזוי וויכטיק, ווי מוניציע, און נאָר צוליב דעם מוז דאָס געבראַכט ווערן.

אָבער עס גיט זיך ניט איַין. אַ צווייטע פּאַרטיע גייט אָפּ. זי קערט זיך אויך אום. צום סוף פּרווּוט זיך קאַט צו גיין, און אַפילו ער קומט אויך צוריק מיט ליידיקע הענט. קיינער קאָן ניט דורכקומען גאַנץ דורך אַזאַ מין פֿײַער.

מיר ציען פֿעסטער צוזאַמען אונזערע גורטן און מעלה־גירהן יעדן ביסן, אָבער עס קלעקט אַלץ ניט; ווי צולהכעיס, זײַנען מיר דאָסמאָל שטאַרק הונגעריק. איך האָב נאָך אַ קראַיעצל ברויט; דאָס ווייכע עס איך אויף, די שקאָרינקע ליגט אין מײַן ברויט־רענצל; פֿון צײַט צו צײַט גריזשע איך דערפֿון אָפּ אַ שטיקל.

90

***

די נאַכט איז ניט צום אויסהאַלטן. מיר קאָנען ניט שלאָפֿן, מיר ליגן מיט פֿאַרגלאָצטע אויגן אַפֿן גרעניץ פֿון אַ שווערן דרעמל און וואַכזײַן. טיאַדען באַדויערט, וואָס מיר האָבן פֿאַרשווענדט אונזער ברויט און דאָס אָפּגעגעבן די שטשורעס. מיר האָבן דאָס געדאַרפֿט באַהאַלטן. איצט וואָלט דאָס יעדער געגעסן. וואַסער פֿעלט אונז אויך.

קעגן פֿרימאָרגן, ווען ס'איז נאָך טונקל, ווערט אַ טומל. דורכן אַרײַנגאַנג פֿליט אַרײַן אַ מחנה שטשורעס און וואַרפֿט זיך אַף די ווענט. די טאַשן־לאָמפּן באַלויכטן די צערודערניש. אַלע שרײַען און זידלען זיך און שלאָגן. דאָס ווערט איצט אויסגעלאָזן דער צאָרן און די פֿאַרצווייפֿלונג פֿון אַפֿולע שעהן. די פּנימער זײַנען ווייטיקדיק פֿאַרקרימט, די הענט האַקן אָן רחמנות, די שטשורעס קוויטשן, ס'איז אַ שווער בילד. מיר הערן אויף. עס האָט ניט גאָר פֿיל געפֿעלט, אַז מיר זאָלן אָנפֿאַלן איינער אַפֿן אַנדערן.

דער אויסברוך האָט אונז אויסגעמאַטערט. מיר ליגן און וואַרטן ווײַטער. ס'איז פּשוט אַ וווּנדער, וואָס אונזער בלינדאַזש האָט נאָך ניט קיין אַבֿידות. אונזערער איז איינער פֿון דער קליינער צאָל טיפֿע גיינג, וואָס זײַנען נאָך פֿאַרבליבן.

אַן אונטער־אָפֿיציר קריכט אַרײַן; ער האָט געבראַכט אַ ברויט. דרײַען האָט עס דאָך אָפּגעגליקט באַנאַכט זיך דורכצורײַסן און צו ברייגען אַביסל שפּײַז. זיי האָבן דערציילט, אַז דאָס פֿײַער לייגט זיך מיט גרויסער קראַפֿט אַזש ביז צו די פּאָזיציעס פֿון דער אַרטילעריע. ס'איז אַ חידוש, ווּו יענע נעמען דאָס אַזוי פֿיל האַרמאַטן.

מיר מוזן וואַרטן, וואַרטן. מיטיק־צײַט פֿאַרלויפֿט זיך עפּעס, אַף וואָס איך האָב שוין געוואַרט. איינער פֿון די רעקרוטן האָט באַקומען אַן אָנפֿאַל. איך האָב שוין פֿון לאַנג נאָכגעקוקט, ווי ער האָט אָן אופֿהער געסקריפּעט מיט די ציין און האָט געבאַלט די פֿויסטן. אונז זײַנען שוין גוט באַקאַנט אָט די אופֿגערייצטע, אַרויסגעקראָכענע אויגן. אין די לעצטע שעהן איז ער נאָר אויס ערלעך רויִקער געוואָרן. ער איז צוזאַמענגעפֿאַלן, ווי אַ דורכגעפֿוילטער בוים.

91

איצט הייבט ער זיך אויף, קריכט דורך דעם רוים, וואַרט אָפּ אַ ווײַלע און נעמט זיך גליטשן צום אַרויסגאַנג. איך פֿרעג אים: „ווּהין ווילסטו דען?" און פֿאַרשטעל אים דעם וועג.

„איך קום תּיכּף צוריק אַרײַן," זאָגט ער און וויל מיך אויסמײַדן.

„וואַרט אויס אַ ביסל, דאָס פֿײַער לאָזט שוין אָפּ."

באַ די ווערטער באַקומט זײַן אויג אַ קלאָרן אויסדרוק.

אָבער נאָר אַף אַ רגע. באַלד ווערט עס ווידער פֿאַרטריבט, ווי באַ אַ משוגענעם הונט. ער שווײַגט און שטופּט מיך אָפּ.

„נאָר איין ווײַלעטשקע, חבֿר," זאָג איך. דערווײַל דערזעט אונז קאַט. אין דער רגע, ווען דער רעקרוט שטויסט מיך אָפּ, כאַפּט ער אים אויך אָן, און מיר האַלטן אים פֿעסט.

ער הייבט אָן צו גוואַלדעווען: „לאָזט מיך, איך וויל אַרויס, לאָזט מיך אַרויס:"

ער הערט ניט אויף צו שרײַען און פֿאָכעט אַרום זיך מיט די פֿויסטן, זײַן מויל איז פֿאַרצויגן מיט שוים, און עס שיטן זיך פֿון איר ווערטער, האַלב־פֿאַרשלונגענע, משוגענע ווערטער. דאָס איז אַן אָנפֿאַל פֿון חיהשן שרעק, ער האָט אַ געפֿיל, אַז ער ווערט דאָ דערשטיקט, און עפּעס שטופּט אים אַרויסצולויפֿן פֿון דאַנען. ווען מען וועט אים אַרויסלאָזן, וועט ער אַוועק ערגעץ אין פֿרײַען פֿעלד, וועט אויסמײַדן יעטווידע באַדעקונג. ער איז שוין ניט דער ערשטער.

אַזוי ווי ער איז שוין שטאַרק מטורף און די אויגן זײַנע פֿאַרדרייען זיך, קאָן דאָ גאָר נישט העלפֿן, מיר מוזן אים אָנשלאָגן, כּדי ער זאָל קומען צו זיך. מיר טוען דאָס אָפּ בחפּזון און אומרחמנותדיק, און מיר פֿירן דערמיט אויס, אַז ער זיצט שוין לעת־עתּה שטיל, ווי אַ קאָטינקע. די אַנדערע רעקרוטן זײַנען בלאַס און צעשראָקן געוואָרן, דאָס אַלץ צוזעענדיק; האָפֿנטלעך, וועט זיי דאָס דינען פֿאַר אַ משל. דאָס קרייך־פֿײַער איז צו האַרב פֿאַר די אָרימע אינגלעך; באַלד פֿון דער קאַזאַרמע האָבן זיי זיך אָפּגעטונקט אין אַזאַ מין צרה, וואָס קאָן אַפֿילו אַן אַלטן מאַן אויך ברייינגען צו גראָע האָר.

92

נאָך אָט דער געשיכטע פֿאַלט אום די פֿאַרשטיקטע לופֿט נאָכמער אַף די נערוון. מיר זיצן ווי אין אונזער אייגענעם קבֿר און וואַרטן נאָר אַף דעם, מען זאָל אונז פֿאַרשיטן.

מיטאַמאָל דערטראָגט זיך אַן אומגעהויערער פֿײַף און ס׳טוט אַ בלישטשע, דער גאַנצער בלינדאַזש קרעכצעט אונטער אַ האַרמאַטן־זעץ, צום גליק, איז ער אָבער לײַכט, און די בעטאָן־קלעצער האָבן אויסגעהאַלטן. עס הילכט מוראַדיק אָפּ, די ווענט טרייסלען זיך, עס פֿליען קיווערס, ביקסן, ערד, בלאָטע און שטויב ווערט אופֿגעווירבלט. אַ ווערגנדיקער טשאַד דרינגט אַרײַן. ווען מיר וואָלטן, אָנשטאָט דעם פֿעסטן בלינדאַזש, געזעסן אין איינעם פֿון די לײַכטע אָקאָפּעס, וואָס ווערן איצט געגראָבן, וואָלט שוין מער קיין זכר פֿון אונז ניט געווען.

צרות זײַנען אָבער איצט אויך גענוג פֿאַראַן. דער פֿריערדיקער רעקרוט טומלט שוין ווײַטער, און נאָך צוויי שטייען צו אים צו. איינער רײַסט זיך אַרויס און לויפֿט אַוועק. מיר האָבן זיך צו מאַטערן מיט די ביידע איבערגעבליבענע. איך לאָז זיך לויפֿן נאָך דעם פּליט און קלער, אויב כ׳זאָל אים שיסן אין די פֿיס; – עס הויבט ווײַטער אָן צו וואָיען, איך וואַרף זיך אַנידער, און ווען איך שטיי אוף, איז שוין די וואַנט פֿון גראָבן באַשפּריצט מיט הייסע שפּליטערס, מיט צעריסן לײַב און מיט שמאַטעס. איך קריך אַרײַן צוריק.

דער ערשטער רעקרוט איז, ווי עס שײַנט, טאַקע אַראָפּ פֿון זינען. ווי נאָר מען לאָזט אים אָפּ, לויפֿט ער ווי אַ באָק מיטן קאָפּ קעגן וואַנט. באַנאַכט וועלן מיר פּרוּוון אים אָפּפֿירן הינטערן פֿראָנט. לעת־עתּה בינדן מיר אים אַזוי, אַז בײַ דער אַטאַקע זאָל מען אים תּיכּף ווײַטער קאָנען באַפֿרײַען.

קאַט לייגט פֿאָר שפּילן אין סקאַט; — וואָס זאָל מען טאָן, אפֿשר וועט דעמאָלט לײַכטער ווערן. אָבער עס קומט דערפֿון גאָרנישט אַרויס, מיר האָרכן זיך צו צו יעדן קלאַפּ און מיר זײַנען זיך כּסדר טועה באַם ציילן די אויגלעך. מיר מוזן אופֿהערן. מיר זיצן, פּונקט ווי אין אַן אָפּציטערנדיקן קעסל, אין וועלכן מען זעצט פֿון אַלע זײַטן.

93

נאָך אַ נאַכט. מיר זײַנען איצט אָפּגעטעמפּט פֿון שפּאַנונג. עס איז אַ מין טויטנדיקע שפּאַנונג, וואָס סקראַבעט איבער אונזער חוט־השדרה [xut-hašédre], ווי אַ טעמפּער מעסער. די פֿיס פֿאָלגן מער ניט, די הענט טרייסלען זיך, דאָס לײַב איז שוין אַן אויסגעטריקנטע הויט, אַריבערגעצויגן איבער אַ שווער־אײַנגעהאַמעוועטער משוגעת, איבער אַן אָנספּיקן סקאַווּטשן, וואָס וועט אָט־אָט אויסברעכן. מיר האָבן מער ניט קיין פֿלייש און ניט קיין מוסקלען, מיר קאָנען זיך מער איינער דעם אַנדערן ניט אָנקוקן, מורא האָבנדיק פֿאַר ניט באַרעכנטע מעשׂים. און מיר פּרעסן צונויף די ליפּן — עס וועט פֿאַרבײַגיין – עס וועט פֿאַרבײַגיין – אפֿשר וועלן מיר זיך נאָך אַרויסדרייען.

***

מיטאַמאָל הערן אוף די נאָענטע קלעפּ. דאָס פֿײַער האַלט נאָך אָן, אָבער עס האָט זיך אַוועקגערוקט ערגעץ אַנדערש, אונזער גראָבן איז פֿרײַ. מיר כאַפּן די האַנט־גראַנאַטן, טוען זיי אַ שלײַדער פֿאַר דער אָקאָפּע און שפּרינגען אַרויס. דאָס קרייך־פֿײַער האָט זיך אָפּגעשטעלט, דערפֿאַר אָבער לייגט זיך הינטער אונז אַ שווערער צווישן־פֿײַער. די אַטאַקע הויבט זיך אָן.

קיינער וואָלט ניט געגלויבט, אַז אין אָט דער צעריטעטער וויסטעניש זײַנען נאָך פֿאַראַן מענטשן; אָבער איצט שווימען פֿון אַלע גראָבנס אַרויס שטאָלענע קיווערס, און פֿופֿציק מעטער ווײַט פֿון אונז איז שוין אַפֿילו אופֿגעשטעלט אַ קוילן־וואַרפֿער, וועלכער הויבט תּיכּף אָן צו בילן.

די דראָט־פֿאַרצוימונגען זײַנען צעריסן. אַביסל אָבער זײַנען זיי נאָך בכּח אָפּצוהאַלטן. מיר זעען, ווי די קעגנער קומען אָן. אונזער אַרטילעריע פֿײַערט. קוילן־וואַרפֿערס שטעפּן. זיי שנײַדן זיך אַרײַן פֿון יענער זײַט. האַיע און קראָפּ הויבן אָן אַרבעטן מיט די האַנט־גראַנאַטן. זיי וואַרפֿן, ווי גיך זיי קאָנען נאָר, מען

דערלאַנגט זיי שוין אַרויסגעשיילטע גריפֿן. האַיע וואַרפֿט אַף אַ מהלך פֿון זעכציק מעטער, קראָפּ — פֿופֿציק מעטער, דאָס איז אויסגעפּרוּווט און זייער וויכטיק. יענע קאָנען אין מיטן לויפֿן גאָרנישט אופּטאָן, זיי מוזן צוקומען ביז דרײַסיק מעטער נאָענט.

מיר דערקענען די צערייצטע פּנימער, די פֿלאַטשיקע קיווערס, דאָס זײַנען פֿראַנצויזן. ביז זיי דערגרייכן די רעשטן פֿון דער דראָט־פֿאַרצוימונג, האָבן זיי שוין קענטיקע אָבֿידות. אַ גאַנצע שורה ווערט דורכן קוילן־וואַרפֿער אויסגעלייגט לעבן אונז: אונזער קוילן־וואַרפֿער ווערט דערווײַל מפּולה און זיי קומען צו נענטער.

איך זע, ווי איינער פֿון זיי פֿלאָנטערט זיך אַרײַן אין אַ געפֿלעכט פֿון שטעכיקן דראָט. זײַן פּנים איז הויך פֿאַרריסן. דער גאַנצער גוף זינקט שווער צוזאַמען, די הענט בלײַבן הייענגען, ווי ער וואָלט זיך געבעטן. ווײַטער פֿאַלט דאָס לײַב אינגאַנצן אַוועק, און אין דראָט בלײַבן נאָר פֿאַרטשעפּעט די אָראָפּגעשאָסענע הענט מיט די אָפּגעהאַקטע אָרעמס.

אין דער רגע, וואָס מיר גייען ווײַטער, טרעטן אָפּ צוריק, הייבן זיך אונז אַנטקעגן פֿון דער ערד דרײַ פּנימער. אונטער איין קיווער — אַ טונקל שפּיציק בערדל און אַ פּאָר אויגן, וואָס עסן זיך שאַרף אין מיך אײַן. איך הייב אוף די האַנט, אָבער איך קאָן ניט וואַרפֿן אין אָט די מאָדנע אויגן, איין משוגענעם מאָמענט דרייט זיך אַרום מיר ווי אַ צירק דאָס גאַנצע געפֿעכט און אָט די ביידע אויגן, וואָס קוקן אָן שום באַוועגונג, נאָכדעם טוט זיך דער קאָפּ אַף יענער זײַט אַ צי, אַ האַנט, אַ באַוועגונג, און מײַן האַנטגראַנאַט פֿליט אַריבער, פֿליט אַרײַן.

מיר לויפֿן צודיק, צערײַסן שטעכיקע דראָטן אין די גראָבנס און לאָזן איבער אַף אונזער וועג אַרויסגעשיילטע האַנט־גראַנאַטן, וועלכע זיכערן אונז אַ פֿײַערדיקן צוריקוועג. פֿון דער שכנותדיקער פּאָזיציע פֿײַערן די קוילן־וואַרפֿערס.

מיר זײַנען פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין געפֿערלעכע חיות. מיר שלאָגן זיך ניט, מיר פֿאַרטיידיקן זיך קעגן דעם פֿאַרטיליקט ווערן. מיר וואַרפֿן ניט די גראַנאַטעס אַף מענטשן, — וואָס ווייסן מיר דען וועגן דעם אין דער רגע, — דאָרטן, הינטער אונז, יאָגט דער טויט מיט הענט און מיט קיווערס, נאָך דרײַ טעג קאָנען מיר אים איצט צום ערשטן מאָל אָנקוקן פּנים אל פּנים, נאָך דרײַ טעג קאָנען מיר זיך צום ערשטן מאָל אָפּווערן פֿון אים, אין אונז ברויזט אַ משוגענער צאָרן, מיר ליגן ניט מער און וואַרטן ניט אָנמעכטיק אַפֿן עשאַפֿאָט, מיר קאָנען חרובֿ מאַכן און מיר טויטן, כּדי זיך צו ראַטעווען, כּדי זיך צו ראַטעווען און נקמה צו נעמען.

מיר באַהאַלטן זיך הינטער יעטווידן ווינקל, הינטער איטלעכן דראָט־געשטעל און, איידער מיר גליטשן זיך אַוועק, וואַרפֿן מיר פֿאַר אונזערע פֿיס אַ נײַעם בינטל אופֿרײַסן. דאָס קנאַקן פֿון די האַנט־גראַנאַטן גיט זיך אונז אָפּ אין אונזערע אָרעמס, אין אונזערע פֿיס, מיר לויפֿן, געבויגן ווי די קעץ, פֿאַרכליניעט פֿון דער כוואַליע, וועלכע טראָגט אונז, וועלכע מאַכט אונז אַכזריותדיק, וועלכע פֿאַרוואַנדלט אונז אין גזלנים, אין רוצחים, אין שדים, פֿון דער כוואַליע, וועלכע פֿאַרמערט אונזערע כּחות און אונזער מורא און גרימצאָרן. און לעבנסלוסט, וועלכע זוכט און קעמפֿט פֿאַר אונזער ראַטעווען זיך. ווען דײַן אייגענער טאַטע וואָלט אָנגעקומען מיט זיי, מיט אָט יענע, וואָלסט זיך ניט אַ רגע געקווײַנקלט אויך אַף אים צו וואַרפֿן אַ גראַנאַט.

די פֿאָדערשטע גראָבנס ווערן אָפּגעגעבן. זײַנען דאָס נאָך גראָבנס? זיי זײַנען צעשאָסן; חרובֿ — דאָס זײַנען נאָר פֿאַראײַנצלטע גריבער, לעכער, וואָס זײַנען פֿאַרבונדן דורך גייִנג, טרעכטער־נעסטן, ניט מער. אָבער די אָבֿידות פֿון יענע דאָרטן מערן זיך אַלץ. זיי האָבן זיך לחלוטין ניט גערעכנט אַף אַזאַ שאַרפֿן ווידערשטאַנד.

***

ס'איז מיטיק־צײַט. די זון ברענט, די אויגן בײַסט אונז דער שווייס, מיר ווישן אים אַראָפּ מיט די אַרבל, אָפּטמאָל איז דער שווייס דורכגעמישט מיט בלוט. עס שווימט אוף דער ערשטער מער אָדער ווייניקער געשאַנעוועטער גראָבן. ער איז פֿול אָנגעפּאַקט מיט מענטשן און איז גרייט צו דער קאָנטער־אַטאַקע, ער נעמט אונז אוף. אונזער אַרטילעריע גיט מעכטיקע קלעפּ און ריגלט אָפּ דעם שטורעם־שטח.

די זעלנער הינטער אונז בלײַבן שטיין. זיי קאָנען ניט גיין פֿאָרויס. די אַטאַקע ווערט צעשמעטערט דורך אונזער אַרטילעריע. מיר קוקן אַרויס. דאָס פֿײַער פֿאַלט אַף הונדערט מעטער ווײַטער פֿון אונז, און מיר טוען זיך ווײַטער אַ ריס אַף פֿאָרנט. לעבן מיר ווערט באַ איינעם אַ יעפֿרייטער אַראָפּגעריסן דער קאָפּ. ער לויפֿט נאָך אָפּ עטלעכע טריט, און דאָס בלוט שפּריצט אים אַרויס פֿון האַלז, ווי אַ פֿאָנטאַן.

צו אַ האַנט־געפֿעכט דערגייט עס ניט, יענע מוזן אָפּטרעטן צוריק. מיר דערגרייכן פֿונדאַסנײַ אונזערע גראָבנס און גייען איבער זיי ווײַטער אַלץ פֿאָרווערטס.

ווי שרעקלעך ס'איז בעת מען מוז זיך אַ קער טאָן צוריק! מען איז שוין דערלאָפֿן ביז צו די רעזערוו־אָקאָפּעס, מען וואָלט שוין וועלן דורכקריכן דורך זיי, פֿאַרשווינדן; – און דאָ מוז מעז זיך אומקערן און פֿונדאַסנײַ אָפּטונקען זיך אין דעם גרויל. ווען מיר וואָלטן אין דער רגע ניט נעמען קיין אַווטאָמאַטן, וואָלטן מיר בלי־ספק אויסגעמוטשעט און אָן ווילן געבליבן ליגן. אָבער מיר ווערן ווײַטער געשלעפּט פֿאָרויס, אָן ווילן און דאָך משוגע ווילד און צאָרנדיק, מיר ווילן חרגענען, ווײַל יענע דאָרטן זײַנען איצטער אונזערע שׂונאים, זיי הייבן קעגן אונז זייערע ביקסן און גראַנאַטן, פֿאַרטיליקן מיר זיי ניט, וועלן זיי אונז פֿאַרטיליקן!

די ברוינע ערד, די צעריסענע, צעריעטע ברוינע ערד, וואָס שימערירט מיט פֿעטקייט אונטער די זון־שטראַלן, איז דער הינטערגרונט פֿאַר אונזער ווילד־רעשדיקער און באַטויבטער מעכאַנישקייט, אונזער פּרײַכן איז דאָס כאָרכלען פֿון אויסגייענדיקע פּרוזשינעס, די ליפּן זײַנען אויסגעטריקנט, אין קאָפּ איז נאָך פּוסטער, ווי נאָך אַ שיכּורער נאַכט — אָט אַזוי שלעפּן מיר זיך פֿאָרויס, און אין אונזערע, ווי זיפּן דורכגעלעכערטע נשמות בויערט זיך אַרײַן אײַנדרינגלעך און ווייטיקדיק דאָס בילד פֿון דער ברוינער ערד מיט דער פֿעטער, גלאַנציקער זון און די פֿאַרצאַפּלטע און טויטע זעלנער, וואָס וואַלגערן זיך דאָ, אַזוי ,ווי דאָס וואָלט געמוזט זײַן אַזוי ,וועלכע כאַפּן זיך פֿאַר אונזערע פֿיס און שרײַען, בעת מיר שפּרינגען איבער זיי אַריבער.

מיר האָבן אָנגעוואָרן יעטווידע אײַנזעעניש, מיר דערקענען שוין גאָרניט איינער דעם אַנדערן. מיר זײַנען מתים, וועלכע זײַנען נאָך בכּח ,דורך עפּעס אַ קונץ, דורך אַ געפֿערלעכן כּישוף, צו לויפֿן און צו טויטן.

אַ יונגער פֿראַנצויז שטייט אָפּ פֿון די זײַניקע, ער ווערט אַריבערגעיאָגט, אין איין האַנט האַלט ער נאָך דעם רעוואָלווער – מען ווייס ניט, וויל ער שיסן אָדער זיך אונטערגעבן,— אַ זעץ מיטן רידל שפּאַלט אים איבער דעם מח. אַ צווייטער זעט דאָס און פּרוווט ווײַטער לויפֿן, אַ באַגנעט עסט זיך אים אײַן אין רוקן. ער טוט אַ הויכן שפּרונג, און מיט אויסגעשפּרייטע אָרעמס און אַ ברייטגעעפֿנטער שרײַענדיקער מויל, לויפֿט ער אַוועק, זיך וואַקלענדיק. אין זײַן רוקן באַוועגט זיך דאָס באַגנעט. אַ דריטער וואַרפֿט אַוועק דעם ביקס, טופּעט זיך אײַן און פֿאַרדעקט מיט די הענט די אויגן. ער, מיט נאָך עטלעכע געפֿאַנגענע, בלײַבן אַריבערצוטראָגן די פֿאַרוווּנדיקטע.

און אַזוי זיך נאָכיאָגנדיק קומען מיר פּלוצלונג צו צו דעם שׂונאס פּאָזיציעס.

מיר לויפֿן אַזוי האַרט נאָך די אַנטלויפֿנדיקע שׂונאים, אַז אונז געלינגט כּמעט צוגלײַך מיט זיי אָנצוקומען אַהין. צוליב דעם האָבן מיר ווייניק אָנווערן. אַ קוילן־וואַרפֿער וואָרטשעט אונז אַנטקעגן. אָבער מיט אַ האַנט־גראַנאַט טויט מען אים אָפּ. יעדנפֿאַלס האָבן די פּאָר סעקונדן פֿון דעם קוילן־וואַרפֿערס אַרבעט געסטײַעט אַף אַרײַנצושיסן פֿינף אונזעריקע אין די בייכער. קאַט צעקלאַפּט מיט דער קאָלבע פֿון ביקס דאָס פּנים פֿון דעם קוילן־וואַרפֿער־שיסער און מאַכט פֿון אים אַ קאַשע. די אַנדערע זעלנער דערשטעכן מיר, נאָך איידער זיי באַווײַזן אַרויסצוכאַפּן זייערע האַנט־גראַנאַטן. נאָכדעם זופּן מיר מיט גרויס דאָרשט אויס דאָס וואַסער, וואָס מיר געפֿינען דאָרטן.

98

פֿון אַלע זײַטן קנאַקן דראָט־צוואַנגען, מיר וואַרפֿן מיט לאַרעם ברעטער איבער האָלץ־פֿאַרצוימונגען, מיר שפּרינגען איבער די שמאָלע גיינג אין די גראָבנס אַרײַן. האַיע שנײַדט אַרײַן זײַן רידל אין האַלדז פֿון אַ הויכגעוואַקסענעם פֿראַנצויז און ער וואַרפֿט דעם ערשטן האַנט־גראַנאַט; מיר בויגן זיך אַף אַ פּאָר סעקונדן אײַן הינטערן וואַל, און נאָכדעם איז שוין פֿאַר אונז אָפּגעראַמט דאָס גראָדע שטיק פֿונם גראָבן. פֿאַרקווער אין אַ ווינקל זשיפּעט אַ צווייטער גראַנאַט און מאַכט אונז פֿרײַ דעם וועג, אינם פֿאַרבײַלויפֿן פֿליען כּסדר אין אַלע בלינדאַזשן אָנגעלאָדענע פּעקלעך, די ערד רוקט זיך, עס קנאַקט, דאַמפּט און קרעכצעט, מיר שטרויכלען איבער גליטשיקע שטיקער פֿלייש, איבער ווייכע קערפּערס, איך פֿאַל אַרײַן אין אַ צעריסענעם בויך, אַף וועלכן עס ליגט אַ נײַע, זויבערע אָפֿיציר־היטל.

די שלאַכט הערט אוף. די פֿאַרבינדונג מיטן שׂונא רײַסט זיך איבער. אַזוי ווי מיר קאָנען דאָ לאַנג זיך ניט האַלטן, מוזן מיר, אונטער דער דעקונג פֿון אונזער אַרטילעריע, צוריק אָפּטרעטן אַף אונזערע פּאָזיציעס, ווי

נאָר מיר דערוויסן זיך וועגן דעם, פֿאַלן מיר מיט גרויס האַסט אַרײַן אין די דערבײַיאיקע אָקאָפּעס, כּדי צו פֿאַרכאַפּן די קאָנסערוון־שאַכטלען, וואָס זײַנען דאָרטן נאָך פֿאַרבליבן.

מיר קומען באַלד צוריק אַרויס. לעת־עתּה נעמט מען ניט אויף קיין נײַע אַטאַקע. איבער אַ שעה ליגן מיר, און קיינער רעדט ניט אַרויס קיין וואָרט, נאָר מיר פֿרעסן און רוען זיך. מיר זײַנען אַזוי אויסגעמאַטערט, אַז ניט געקוקט אַף אונזער שטאַרקן הונגער, טראַכטן מיר נאָך ניט וועגן די קאָנסערוון. גאָר פּאַמעלעך ווערן מיר ווײַטער כּלומרשט ווי מענטשן.

די פֿלייש־קאָנסערוון זייערע זײַנען באַרימט אַפֿן גאַנצן פֿראָנט. זייער אָפֿט איז דאָס אַפֿילו די הויפּט־סיבה פֿאַר אַ פּלוצלונגדיקער אַטאַקע מצד אונדז, ווײַל אונזער קעסט איז אין אַלגעמיין שלעכט; מיר זײַנען שטענדיק הונגעריק.

מיר האָבן דאָ געכאַפּט פֿינף קעסטלעך קאָנסערוון. זיי ווערן גרויסאַרטיק באַקעסטיקט, ניט אַזוי ווי מיר, פֿאַרהונגערטע, מיט אונזער בוריקעס־מאַרמעלאַד, דאָרטן וואַרפֿט מען זיך מיט פֿלייש אַרום, מען דאַרף נאָר אויסציען אַ האַנט, כּדי דאָס צו באַקומען. האַיע האָט נאָך אַחוץ דעם געפּאַקט אַ דינע, פֿראַנצויזישע חלה און האָט זי אַרײַנגעשטעקט אין זײַן גורט, ווי אַ רידל. איין קאַנט פֿון דער חלה איז אַביסל אײַנגעשמירט אין בלוט, אָבער דאָס קאָן מען דאָך אַראָפּשנײַדן.

ס'איז פּשוט אַ גליק וואָס מיר האָבן איצט געכאַפּט גוט אָפּצועסן; מיר וועלן נאָך נויטיק דאַרפֿן אונזערע כּחות. זאַט אָפּצועסן איז פּונקט אַזוי וויכטיק, ווי אַ גוטע פּאָזיציע; דעריבער זײַנען מיר טאַקע אַזוי זשעדנע אַף דעם, ווײַל דאָס קאָן אונז ראַטעווען דאָס לעבן.

טיאַדען האָט נאָך אַרײַנגעכאַפּט צוויי זעלנער־פֿלאַשן מיט קאָניאַק. זיי גייען באַ אונז אַרום אין רונדעל, פֿון מויל צו מויל.

***

די נאַכט שפּרײַזט, פֿון די טרעכטערס הייבן זיך נעפּלען. עס האָט אַ פּנים, ווי די לעכער וואָלטן פֿול זײַן מיט געשפּענסטיקע סודות. די פֿאַרע פּויזשעט צעשראָקן אַהין און צוריק, איידער זי דרײַסט זיך אַרויסצוגליטשן איבערן ראַנד. דעמאָלט הויבן זיך אָן צו ציען פֿון טרעכטער צו טרעכטער לאַנגע פּאַסן.

עס איז קיל. איך שטיי אַפֿן וואַך און עס זיך אײַן מיט די אויגן אינם חשך. איך פֿיל זיך אַזוי שוואַך, ווי שוין שטענדיק נאָך אַן אַטאַקע, און דעריבער ווערט מיר שווער צו בלײַבן אַליין מיט מײַנע געדאַנקען. דאָס זײַנען נאָר אייגנטלעך קיין געדאַנקען ניט; דאָס זײַנען זכרונות, וועלכע קומען מיר אויף איצט, בעת מײַן שוואַכקייט, און שאַפֿן מיר אַ מאָדנע שטימונג.

צום הימל הייבן זיך ראַקעטעס — און איך זע אַ בילד, אַ זומער־פֿאַרנאַכט, איך שטיי אין דעם זײַלנגאַנג פֿון קירך און קוק אַף הויכע רויזן־קוסטעס, וואָס בליען אינדערמיט פֿונם קליינעם קירך־הויפֿל. אַרום שטייען שטיינערנע פֿיגורן. קיינער איז ניטאָ;— אַ גרויסע שטילקייט איז אויסגעגאָסן איבער דעם בליענדיקן גאָרטנדל.

די זון ליגט וואַרים אַף די דיקע גראָע שטיינער, איך לייג אַף דעם מײַן האַנט און פֿיל די וואַרימקייט. איבערן רעכטן ווינקל פֿון דעם דאַך הייבט זיך דער גרינער קירך־טורעם אַרײַן אין דער מאַטער, ווייכער בלאָקייט פֿון דעם אָנקומענדיקן אָוונט. צווישן די באַשטראַלטע קליינע זײַלכלעך פֿון די אַרומיקע גייִנג שפּרייט זיך אַ קילע טונקלקייט, און איך שטיי דאָרטן און טראַכט וועגן דעם, ווי צו צוואַנציק יאָר וועל איך שוין דערקענען די פֿאַרשיכּורנדיקע מאַכט פֿון פֿרויען.

דאָס בילד איז ווונדערלעך נאָענט, עס רירט מיך אַפֿילו, ביז עס ווערט צערונען אונטערן אויפֿלויכטן פֿון אַ פֿײַער־קויל.

איך כאַפּ זיך פֿאַרן ביקס. דער טרויב איז נאַס, איך נעם אים פֿעסט אַרום מיט דער האַנט און צערײַב מיט מײַנע פֿינגער די פֿײַכטקייט.

צווישן די לאָנקעס הינטער אונזער שטאָט איז באַ אַ טײַך געשטאַנען אַ שורה אַלטע טאָפּאָליעס. מען האָט זיי שוין געקאָנט זען פֿונדערווײַטנס, און ניט געקוקט, וואָס זיי זײַנען געשטאַנען נאָר אין איין שורה, האָט מען עס גערופֿן די טאָפּאָל־אַלייע. קינדער זײַענדיק, האָבן מיר געהאַט אַ משונהדיקע ליבע צו זיי, זיי האָבן אונז צוגעצויגן, גאַנצע טעג האָבן מיר באַ זיי צוגעבראַכט און האָבן זיך צוגעהאָרכט צו זייער שטילן רויש. מיר זײַנען געזעסן אונטער זיי אַפֿן ברעג פֿונם טײַכל, און האָבן געלאָזט אַראָפּהיינגען די פֿיס אין די ליכטיקע, שטראָמיקע וואַסערן. דער פֿרישער ריח פֿונם וואַסער און די מעלאָדיע פֿונם ווינט אין די בוימער

האָבן באַהערשט אונזער פֿאַנטאַזיע. מיר האָבן דאָס אַלץ שטאַרק האָלט געהאַט, און דאָס בילד פֿון יענע טעג איז מיר שטאַרק אײַנגעבאַקן אין האַרצן.

עס איז מאָדנע, אַז אַלע **זכרונות**, וואָס קומען אויף, פֿאַרמאָגן צווייערליי **מעלות**. זיי זײַנען שטענדיק פֿול מיט שטילקייט, דאָס איז דאָס שטאַרקסטע אין זיי, און **אַפֿילו בעת** זיי זײַנען אין דער **אמתן** גאָרניט געווען אַזוי שטיל, מאַכן זיי אויך אַזאַ אײַנדרוק. דאָס זײַנען קלאַנגלאָזע דערשײַנונגען, וואָסריידן צו מיר מיט בליקן און **תּנועות**, אָן ווערטער און פֿאַרשוויגן — און **דווקא** זייער שווײַגן דערשיטערט, און דאָס צווינגט מיך זיך אָנצוכאַפּן פֿאַר מײַן אַרבל און פֿאַר מײַן ביקס, **כּדי** זיך צו האַלטן און זיך ניט איבערצוגעבן אינגאַנצן אָט דער **כּלות־הנפֿש** און דעם **נסיון**, אין וועלכן מײַן לײַב וויל זיך אַזוי מילד פֿאַנאַנדערשווימען.

זיי זײַנען אַזוי שטיל, ווײַל פֿאַר אונדז איז דאָס אַזוי אומפֿאַרשטענדלעך. אַפֿן פֿראָנט איז ניט פֿאַראַן דער **מין** שטילקייט, און די **השפּעה** **[hašpóe]** פֿון דעם פֿראָנט שפּרייט זיך אַזוי ווײַט אויס, אַז מיר קאָנען זיך גאָר קיינמאָל ניט אַרויסוויקלען פֿון דעם. און אויך אין די אָפּגעלעגנסטע דעפּאָס און קוואַרטירן זשומעט און פֿויקט שטענדיק אין אונזערע אויערן דער פֿראָנט. מיר זײַנען נאָך ניט אַוועק אַזוי ווײַט, אַז מיר זאָלן מער גאָרנישט הערן. אָבער אָט די לעצטע טעג איז דאָס שוין גאָר ניט צום דערטראָגן געווען.

און די שטילקייט איז די **סיבה** דערפֿון, וואָס די בילדער פֿונם **עבֿר** וועקן ניט אַזוי פֿאַרלאַנגען, ווי אומעט — אַן אויסטערלישע, פֿאַרבײַנקטע שווער־מוטיקייט. זיי זײַנען געווען – אָבער זיי קערן זיך שוין ניט אום צוריק. זיי זײַנען פֿאַרבײַ, זיי זײַנען אַן אַנדער וועלט, וואָס פֿאַר אונדז איז זי שוין אַוועק. אין די קאַזאַרמעס האָבן זיי נאָך אַרויסגערופֿן אַ ווילדן, בונטאַרישן **חשק**, דעמאָלט זײַנען זיי נאָך מיט אונדז פֿאַרבונדן געווען, מיר האָבן נאָך באַלאַנגט צו זיי און זיי צו אונדז, אויב **אַפֿילו** מיר זײַנען געווען צעשיידט. זיי זײַנען אין אונדז אופֿגעקומען בײַ די זעלנער־לידער, וואָס מיר האָבן געזונגען, **בעת** מיר האָבן צווישן מאָרגן־רויט און וואַלד־סילועטן מאַרשירט צום פֿעלד זיך מושטירן, דאָס זײַנען געווען שאַרף־**ריחדיקע זכרונות**, וואָס האָבן אין אונדז געלעבט און זײַנען פֿון אונדז אַרויסגעקומען.

דאָ אין די גראָבנס איז די וועלט אָבער פֿאַר אונדז פֿאַרלאָרנגעגאַנגען. זי קומט ניט מער פֿון אונדז אויף; — מיר זײַנען טויט, און זי שטייט ווײַט אַפֿן האָריזאָנט, זי איז אַ דערשײַנונג, אַ רעטעניש־פֿולער אָפּשײַן, וועלכער פּלאָגט אונדז, פֿאַר וועמען מיר האָבן **מורא** ,און וועמען מיר ליבן אָן האָפֿענונג. זי איז שטאַרק, און אונזער באַגער איז שטאַרק; — אָבער זי איז ניט דערגרייכבאַר, און מיר ווייסן דאָס. זי איז אומנישט, פּונקט אַזוי אומנישט, ווי דאָס וואַרטן צו ווערן אַ גענעראַל.

און ווען מען וואָלט זי אונדז **אַפֿילו** צוריקגעבן, אָט דאָס לאַנד פֿון אונזער יוגנט, וואָלטן מיר גאָר מער ניט געוווּסט, וואָס מיט איר צו טאָן. זיי קאָנען שוין מער ניט אופֿלעבן, די צאַרטע און געהיימע **כּחות**, וועלכע האָבן געשטראָמט פֿון איר צו אונדז. יאָ ,מיר וועלן אין איר זײַן און אין איר זיך באַוועגן; מיר וועלן זיך דערמאָנען און זי ליבן, און גערירט זײַן פֿון איר אָנבליק. אָבער ס'וואָלט געווען דאָס אייגענע, ווי זיך צו פֿאַרקלערן פֿאַרן בילד פֿון אַ טויטן **חבֿר**; **אמת**, דאָס זײַנען זײַנע שטריכן, זײַן **פּנים**, און די טעג, וואָס מיר האָבן פֿאַרבראַכט מיט אים צוזאַמען, לעבן פֿונדאָסנײַ אויף אין אונזער **זכרון**. אָבער ער אַליין איז דאָס שוין ניט מער.

מיר וואָלטן שוין מער ניט פֿאַרבונדן געווען מיט איר אַזוי, ווי מיר זײַנען פֿריער געווען. עס האָט אונדז דאָך שטענדיק צוגעצויגן ניט די דערקענטעניש פֿון איר שיינקייט און פֿון איר שטימונג, נאָר דאָס **בשותּפֿותדיקע**, אָט דאָס גלײַכע געפֿיל פֿון פֿאַרברידערונג מיט די **ענינים** און די געשעענישן פֿון אונזער לעבן, וואָס האָט פֿאַר אונדז אַביסל אומפֿאַרשטענדלעך געמאַכט די וועלט פֿון אונזערע עלטערן; — ווײַל מיר זײַנען אַף וועלכן ניט איז **אופֿן** שטענדיק זייער צערטלעך אין איר פֿאַרשוווּמען געווען, און די קלענסטע זאַך איז פֿאַר אונדז שטענדיק פֿאַרבונדן געווען מיט דער אומענדלעכקייט. **אפֿשר** איז דאָס געווען נאָר די פּריווילעגיע פֿון אונזער יוגנט; – די דערוואַרטונג איז שוין געוואָרן אַ טייל פֿון אונזער לײַב און לעבן, די דערוואַרטונג, וואָס האָט אונדז צונויפֿגעגאָסן מיטן געלאָף פֿון אונזערע טעג.

איצט וואָלטן מיר שוין אַרומגעבלאָנדזשעט איבערן לאַנד פֿון אונזער יוגנט, ווי טוריסטן. מיר זײַנען **פֿאַרסמט** דורך פֿאַקטן, מיר קלײַבן זיך פֿאַנאַנדער אין קאָנטראַסטן, ווי **סוחרים**, מיר זעען אײַן נויטווענדיקייטן, ווי **קצבֿים** **[kacóvim]**. מיר זײַנען שוין ניט מער זאָרגלאָז, — מיר זײַנען **מאוימדיק** גלײַכגילטיק. גוט, מיר וועלן דאָרטן זײַן; וועלן מיר זיך אָבער דאָרטן אויסלעבן?

מיר זײַנען פֿאַרלאָזן, ווי קינדער, און גענײט, ווי אַלטע לײַט, מיר זײַנען פֿאַרגרעבט און אומעטיק און איבערפֿלעכלעך, — מיר שײַנט, אַז מיר זײַנען פֿאַרלאָרן.

***

מײַנע הענט ווערן קאַלט און איבער מײַן הויט גייט אַריבער אַ ציטער; די נאַכט איז אָבער וואַרים. נאָר דער נעפּל איז קיל, דער דאָזיקער גרויליקער נעפּל, וואָס פּויזשעט איבער אונזערע הרוגים [**horúgim**] און זויגט פֿון זיי אַרויס דאָס לעצט ביסל פֿאַרבאַהאַלטן לעבן. מאָרגן וועלן זיי שוין זײַן בלייך און גרין, און זייער בלוט וועט ווערן פֿאַרגליווערט און שוואַרץ.

עס פֿליען נאָך כּסדר אויף ראַקעטעס און זיי וואַרפֿן זייער אומרחמנותדיק ליכט איבער דעם פֿאַרשטיינערטן פּייזאַזש, װעלכער איז פֿול מיט קראַטערס און מיט קאַלטן ליכט, אַזוי ווי אַ לבֿנה. דאָס בלוט פֿאַרסמט מײַנע געדאַנקען מיט מורא און מיט אומרויִקייט. זיי ווערן אָפּגעשוואַכט, די געדאַנקען מײַנע, און זיי ציטערן, זיי ווילן האָבן וואַרימקייט און לעבן. זיי האָבן שוין קיין כּח ניט אויסצוהאַלטן אָן טרייסט און אילוזיעס, זיי ווערן פֿאַרטומלט פֿון דעם נאַקעטן יאוש־בילד.

איך הער, ווי עס בראַזגענען קעסל־כּלים, און כ׳באַקום תּיכּף אַ העפֿטיקן חשק עפּעס וואַרימעס צו עסן, דאָס וועט מיך באַרויִקן. איך טו זיך אָן אַ כּח אויסצוּוואַרטן, ביז איך ווער אָפּגעביטן.

דעמאָלט גיי איך אַראָפּ אין בלינדאַזש און געפֿין דאָרטן פֿאַר זיך אַ שיסעלע מיט גרויפּן, דאָס געקעכץ איז פֿעט און געשמאַק, און איך עס דאָס וואָס פּאַמעלעכער. אַלע זײַנען איצט אַפֿילו בעסער געשטימט, ווײַל דאָס פֿײַער האָט זיך אײַנגעלייגט אָבער איך רייד ניט קיין וואָרט מיט קיינעם.

***

די טעג גייען און יעטווידע שעה איז אומבאַגרײַפֿלעך און צוגלײַך זעלבסטפֿאַרשטענדלעך. נאָך די אַטאַקעס קומען קאָנטראַטאַקעס, און אַפֿן טרעכטער־פֿעלד, צווישן די גראָבנס ווערן פּאַמעלעך אַלץ גרעסערע בערג מיט טויטע. די פֿאַרווּנדיקטע, וועלכע ליגן ניט שטאַרק ווײַט, קאָנען מיר נאָך אָפּטמאָלס אַריבערכאַפּן צו זיך. אַנדערע מוזן אָבער זייער לאַנג ליגן, און מיר הערן, ווי זיי שטאַרבן.

איינעם זוכן מיר צוויי טעג כּסדר, און אַלץ אומזיסט. ווי עס שײַנט, ליגט ער ערגעץ אַפֿן בויך און ער קאָן זיך ניט אומדרייען. אַנדערש קאָן מען זיך דאָס גאָרניט דערקלערן, פֿאַרוואָס מיר געפֿינען אים ניט אַזוי לאַנג, ווײַל ס׳איז שווער צו געפֿינען די ריכטונג, בעת עמיץ ליגט, מיט די ליפּן צוגעקוועטשט צו דער ערד, און ער שרײַט אין זי אַרײַן.

ער איז געוויס אונטערגעשאָסן געוואָרן, האָט געפּאַקט איינע פֿון יענע פּאַסקודנע וווּנדן, וועלכע זײַנען ניט אַזוי שטאַרק, אַז מען זאָל פֿון זיי שטאַרבן אין אַ האַלב־באַטויבטן צושטאַנד, און זײַנען ניט אַזוי שוואַך, מען זאָל קאָנען אַריבערטראָגן דעם ווייטיק אין דער האָפֿענונג ווײַטער געזונט צו ווערן. לויט קאַטס מיינונג, דאַרף בײַ אים צעשמעטערט זײַן דער הינטער־טייל, אָדער מען האָט אים אַרײַנגעשאָסן אין חוט־השדרה [**xut-hašédre**]. אין ברוסט האָט ער ניט קיין וווּנד, ווײַל דעמאָלט וואָלט ער ניט פֿאַרמאָגט אַזוי פֿיל כּח צו שרײַען. און בײַ אַן אַנדער מין פֿאַרווּנדונג וואָלט מען אים דאָך געזען זיך באַוועגן.

ביסלעכווײַז ווערט ער הייזעריק. אָבער די שטים איז אַזוי נעבעכדיק, אַז מען קאָן זיך בשום אופֿן ניט כאַפּן, פֿונוואַנען זי קומט. אין דער ערשטער נאַכט קריכן דרײַ אונזעריקע אַרויס אים צו זוכן. אָבער ווען זיי מיינען, אַז זיי האָבן שוין אויסגעפֿונען די ריכטונג און זיי דערפֿויזשן אַהין, דערהערן זיי שוין דאָס געשריי גאָר פֿון אַן אַנדער אָרט.

ביזן באַגינען זוכן מיר און געפֿינען ניט. באַטאָג נישטערן מיר מיט שפּאַקטיוון די גאַנצע סבֿיבֿה; ס׳איז נישט צו זען. אַפֿן צווייטן טאָג ווערט שוין דאָס יאָמערן שטילער; עס לאָזט זיך מערקן, אַז די ליפּן און דער מויל זײַנען שוין פֿאַרשׂרפֿעט.

דעמיעניקן, ווער עס וועט אים געפֿינען, האָט אונזער לייטענאַנט צוגעזאָגט צו געבן אַ ספּעציעלן אורלויב און דערצו נאָך דרײַ איבעריקע טעג. דאָס איז בליי־ספּק אַ שטאַרקער נסיון [**nisóyen**], אָבער אַחוץ דעם וואָלטן מיר אויך געטאָן, וואָס נאָר מעגלעך איז; ווײַל דאָס געשריי איז שוידערלעך. קאַט און קראָפּ לאָזן זיך אַפֿילו באַטאָג נאָכאַמאָל אין וועג. דערבײַ ווערט בײַ אַלבערטן אָפּגעשאָסן דאָס אויער־לעפּל, אָבער דעם פֿאַרווּנדיקטן האָבן זיי ניט געבראַכט.

מען קאָן קלאָר פֿאַרנעמען, וואָס ער שרײַט. אין אָנהויב האָט ער נאָר געבעטן הילף – אין דער צווייטער נאַכט האָט ער שוין פֿון היץ גערעדט מיט זײַן ווײַב און מיט זײַנע קינדער, מיר הערן אַפֿילו אָפֿט דעם נאָמען

עליזע. הײַנט װײנט ער שױן נאָר. אינאָװנט גײט די שטים אַלץ מער אױס, עס הערט זיך נאָר אַ קרעכצן. אָבער ער קרעכצט נאָך שטיל די גאַנצע נאַכט. מיר הערן דאָס אַזױ קלאָר, װײַל דער װינט בלאָזט צו דער זײַט פֿון אונזער גראָבן. אינדערפֿרי, װען מיר מײנען, אַז ער איז שױן לאַנג אױסגעגאַנגען, דערגײט נאָך אַלץ צו אונז אַ כאָרכלען.—

די טעג זײַנען הײסע און די טױטע ליגן ניט באַגראָבענערהײט. מיר קאָנען זײ ניט אַלעמען אַריבערנעמען, מיר װײסן ניט, װוּהין זיך מיט זײ אַהינצוטאָן. זײ װערן שױן באַגראָבן דורך די גראַנאַטן. באַ אַנדערן װערן די בײַכער אױפֿגעדראָלן, װי פּלעזירן. עס בלאָזט זײ אױף פֿון אינװײניק, זײ שיפּן און באַװעגן זיך. אין זײ אירן די גאַזן.

דער הימל איז קלאָר און בלאָ. אין די אָװנטן װערט עס דושנע, און די היץ הײבט זיך פֿון דער ערד. בעת דער װינטל װײט אַריבער צו אונז, ברײנגט ער מיט דעם ריח פֿון בלוט װאָס איז אַזױ האַמעטנע און עקלדיק־זיסלעך, דעם טױטן־אָטעם פֿון די טרעכטערס, װעלכער איז װי אױסגעמישט פֿון כלאָראָפֿאָרם און פֿױלעניש; דאָס רופֿט באַ אונז אַרױס איבלקײט און עס שטױסט אונז צו ברעכן.

***

אין די נעכט איז שטיל, און דעמאָלט לאָזט זיך דער עולם זוכן די קופּערנע רינגען פֿון די גראַנאַטן און די זײַד־פּאַראַשוטן פֿון די פֿראַנצױזישע לײַכט־קױלן. קײנער פֿון אונז װײס אײגנטלעך ניט, צוליב װאָס מען יאָגט זיך אַזױ נאָך די גראַנאַטן־רינגען. די קלײַבערס טענהן אין אײן קול, אַז דאָס זײַנען טײַערע חפֿצים. עס זײַנען פֿאַראַן צװישן אונזעריקע אַזעלכע, װאָס טראָגן מיט גאַנצע בערג פֿון אָט די דינגען, און זײ בױגן זיך אונטער דער שװערקײט פֿון דער משׂא, װאָס זײ קומט אױס צו שלעפּן.

דער אײנצקער, װאָס האָט אַ גרונט דאָס צו קלײַבן, איז האַיע; ער װיל זײ אָפּשיקן זײַן כּלה פֿאַר זאָקן־האַלטערס. די פֿריסלענדער מאַכן זיך שטאַרק לוסטיק איבער דעם; זײ פּאַטשן זיך אין די בײַכער, שױן אײנמאָל אַ װײץ! דער עיקר קאָן טיאַדען פּשוט ניט קומען צו זיך, ער האַלט אין האַנט אַ גרױסן גראַנאַטן־רינג, מעסט אים כּסדר אָן אַף זײַן פֿוס און װײַזט, װיפֿל אָרט עס בלײַבט נאָך איבער. "עך האַיע, האַיע, פֿאַרמאָגט זי דאָס געװיס אַ פּאָר רגלים [**raglaim**]" — זײַנע געדאַנקען דראַפּענען זיך העבער — "און אַ געזעס מוז זי האָבן, װי — װי אַ העלפֿאַנט".

ער קאָן זיך גאָרניט באַרוּיקן. "אָט מיט איר װאָלט איך געװאָלט שפּילן אין פּאַטשינקעס, דער רוח זאָל דאָס נעמען—"

האַיעס פּנים שײַנט פֿאַר שׂמחה, װאָס זײַן כּלה האָט אַזױ פֿיל חן געפֿונען, און ער זאָגט בקיצור און מיט גרױס צופֿרידנקײט: "ז'איז ניט קײן שלעכטע נקבֿה!"

די זײַדענע פּאַראַשוטן קאָן מען שױן פּראַקטישער אױסנוצן. פֿון דרײַ – פֿיר שטיק קאָן מען זיך אױפֿנײען אַ העמדל. איך און קראָפּ באַנוצן דאָס אָנשטאָט נאָז־טיכלעך. אַנדערע שיקן עס אָפּ אַהײם. װען די װײַבער װאָלטן געזען, מיט װאָס פֿאַר אַ מסירת־נפֿש עס װערן אָפּט אױפֿגעקליבן אָט די דינע שמאַטעס, װאָלטן זײ געקװיטשעט פֿון שרעק.

קאַט כאַפּט טיאַדענען באַם פּרװון אַראָפּרײַסן די רינגען פֿון ניטגעפּלאַצטע גראַנאַטן. דערבײַ איז ער געלאַסן, װי ניט אים מײנט מען דאָס. באַ אַן אַנדערן װאָלט דער גראַנאַט בלי־ספֿק אױפֿגעריסן, טיאַדען האָט אָבער מזל װי שטענדיק.

אַ גאַנצן פֿרימאָרגן שפּילן זיך איבער אונזער גראָבן צװײ זומער־פֿױגלעך. דאָס זײַנען ציטראָנען־שמעטערלינגען, זײערע געלע פֿליגלעך זײַנען רױט באַשפּרײנקלט. װאָס האָט זײ דען געבראַכט אַהער? װײַט און ברײט אַרום איז קײן זכר ניטאָ פֿון קײן געװיקס אָדער פֿון אַ קװײט. די זומער־פֿױגלעך זעצן זיך אָפּרוען אַף די אױסגעשטשירעטע צײן פֿון אַ שאַרבן. די פֿױגלען זײַנען זאָרגלאָז, זײ האָבן זיך שױן לאַנג צוגעװױנט צום קריג. יעדען אינדערפֿרי הײבן זיך אַרױף פֿון דער פּאַס צװישן די אָקאָפּעס לאַרכן. פֿאַראַיאָרן האָבן מיר זיך אַפֿילו צוגעקוקט, װי זײ ברײען אױס עופֿהלעך. איצט לאָזן אונז די שטשורעס אין די גראָבנס צורו: זײ ליגן איצט פֿאָרנט — מיר װײסן, צוליב װאָס. זײ װערן דאָרטן אָפּגעפּאַשעט: װוּ מיר באַקומען נאָר צו זען אײנעם, שיסן מיר אים תּיכּף אַראָפּ. אין די נעכט הערן מיר װײַטער פֿון יענער זײַט דאָס הילכן פֿון רעדער. באַטאָג באַשיסט מען אונז שװאַך; איצט זײַנען מיר בכּוחַ [**beyexóyles**] צורעכטצומאַכן די חרובֿע גראָבנס. פֿאַרװײַלונגען זײַנען אױך פֿאַראַן, דאָס באַזאָרגן שױן די אַעראָפּלאַנען. יעטװידן טאָג װערן די סצענעס פֿון לופֿט־קאַמף באַטראַכט דורך אַ גרױסן עולם.

צו דעם שׂונאס פֿליערס האָבן מיר זיך שוין מער אָדער ווייניקער צוגעוווינט, דערפֿאַר אָבער האָבן מיר פֿײַנט, ווי אַ פּעסט, די אויסקוק־אַעראָפּלאַנען; ווײַל זיי ברענגען אונדז פֿון דאָרטן מיט דאָס אַרטילעריע־פֿײַער. אין אַ פּאָר מינוטן אַרום נאָך זייער אָנקומען הויבן שוין אָן צו פֿײַערן שראַפּנעלן און גראַנאַטן. דורך דעם פֿאַרלירן מיר אין איין טאָג עלף מאַן, צווישן זיי פֿינף סאַניטאַרן. צוויי פֿון זיי ווערן אַזוי צעשמעטערט, אַז לויט טיאַדענס מיינונג, קאָן מען זיי מיט אַ לעפֿל אַראָפּשאַרן פֿון גראָבן־ווענטל און זיי מקבר זײַן אין אַ טעפּל. באַ אַן אַנדערן ווערט אַראָפּגעריסן דאָס אונטערלײַב צוזאַמען מיט די פֿיס. ער ליגט טויטערהייט מיט דער ברוסט אָנגעשפּאַרט אין גראָבן, זײַן פּנים איז געל, ווי אַ לימענע, צווישן די באַוואַקסענע ליפּן טליעט נאָך אַ סיגאַרעטל. זי טליעט, ביז זי דערגייט צו די ליפּן און זשיפּעט אויס.

מיר לייגן די טויטע דערווײַל אָפּ אין אַ גרויסן טרעכטער.

דאָרטן זײַנען שוין אָנגעלייגט דרײַ שיכטן, איינע איבער דער אַנדערער.

***

מיטאַמאָל הויבט ווײַטער אָן צו פֿײַערן. מיר זיצן שוין ווידער אין אַ געשפּאַנטער שטײַפֿקייט, אין אַ פּוסטעפּאַסנער וואַרטעניש.

אַטאַקע, קאָנטער־אַטאַקע, אָנשטויס, קעגנשטויס — דאָס זײַנען מער ניט, ווי ווערטער, אָבער וואָס ליגט הינטער אָט די ווערטער! מיר פֿאַרלירן אַפֿולע מענטשן, דער עיקר רעקרוטן. אונזער סעקטאָר באַקומט צוגעשיקט דערגאַנצונגען. דאָס איז איינער פֿון די נײַע פּאָלקן, כמעט אַלץ יונגעלייט פֿון די לעצטע מאָביליזאַציעס. זיי האָבן זיך קיין זאַך ניט באַוויזן אויסצולערנען, זיי האָבן אפֿשר נאָר באַקומען אַ ביסל טעאָרעטישע אויסבילדונג פֿאַרן גיין אַפּן פֿראָנט. וואָס אַ האַנט־גראַנאַט איז, ווייסן זיי אפֿילו, אָבער אין דעם ענין פֿון אויסבאַהאַלטן זיך האָבן זיי קיין שום ידיעה ניט, זיי האָבן גאָר קיין אויג ניט פֿאַר דעם. אַ בערגעלע, וואָס איז נידעריקער פֿון אַ האַלבן מעטער, דערזעען זיי גאָרניט.

מיר דאַרפֿן זייער נויטיק פֿאַרשטאַרקונג, אָבער די רעקרוטן נוצן אונדז ווייניק: מיר האָבן מיט זיי צופֿיל אַרבעט. זיי זײַנען לחלוטין אומבאַהאָלפֿן אין אָט דער שווערער פֿײַער־ליניע, און זיי פֿאַלן, ווי די פֿליגן. אַ פּאָזיציע־שלאַכט פֿאָדערט קענטעגישן און געניטקייט, מען מוז האָבן פֿאַרשטענדעניש פֿאַרן אויבערפֿלאַך פֿון לאַנד, מען מוז האָבן אַ געהער פֿאַר די גערוישן פֿון די האַרמאַטן, מען מוז קאָנען באַשטימען פֿאָרויס, ווו די גראַנאַטן וועלן אײַנקלאַפּן, ווי די שראַפּנעלן וועלן זיך צעשפּריצן, און ווי מען זאָל זיך אויסבאַהאַלטן.

די יונגע דערגאַנצונג־זעלנער ווייסן, פֿאַרשטייט זיך, וועגן דעם גאָרנישט. זיי ווערן אויסגעראָטן, ווײַל זיי ווייסן אפֿילו ניט דעם חילוק צווישן אַ שראַפּנעל און אַ גראַנאַט, זיי הערן זיך צו מיט גרויס שרעק צו דעם הודזשען פֿון די ניט געפֿערלעכע טשעמאָדאַנעס, וואָס שלאָגן אַרײַן ווײַט הינטער זיי, און דערבײַ הערן זיי גאָרניט דאָס שטילע, פֿײַפֿנדיקע זשומען פֿון די קליינינקע, שפּליטערדיקע שראַפּנעלן. אָנשטאָט זיך פֿאַנאַנדערצולויפֿן, שפּאַרן זיי זיך צוזאַמען, ווי די שעפּסן, און אפֿילו די פֿאַרווונדיקטע צווישן זיי ווערן אויך, ווי די קראָליקעס אַראָפּגעשאָסן דורך די פֿליערס.

די דאַזיקע אָרימע אינגלעך מיט זייערע בלאַסע, אויסגעמאָגערטע פּנימער, מיט זייערע נעבעכדיק אײַנגעקאָרטשעטע פֿינגער, — די פֿאַרצווייפֿלטע און יאָמערלעכע העלדישקייט פֿון אָט די עלנטע ברואימלעך, וועלכע זײַנען אַזוי אײַנגעשראָקן, אַז זיי דערוועגן זיך אפֿילו ניט צו שרײַען אינדערהויך און זיי ליגן מיט זייערע אופֿגעריסענע ברוסט־קאַסטנס און בייכער און הענט און פֿיס. און יאָמערן אינדערשטיל "מאַטע" און ווי נאָר עמיץ גיט אַ קוק אַף זיי, ווערן זיי תּיכּף אַנטשוויגן!

זייערע טויטע, מיט לײַכטן פּוך באַוואַקסענע, שפּיציקע פּנימלעך, דערמאָנען מיט זייער שוידערלעכער אויסדרוקלאָזיקייט געשטאָרבענע קינדער.

בעת מען זעט צו, ווי זיי שפּרינגען אוף און לויפֿן און פֿאַלן, ווילט זיך פּשוט וויינען. עס ווילט זיך זיי אָפּשמײַסן, וואָס זי זײַנען אַזעלכע נאַרישע קינדער, און ס'ווילט זיך זיי נעמען אַפּן האַנט און אַוועקטראָגן פֿון דאַנען, דאָ איז לחלוטין ניט קיין אָרט פֿאַר זיי. זיי גייען אָנגעטאָן אין גראָע רעקלעך און הויזן און שטיוול, אָבער פֿאַר אַפֿולע פֿון זיי זײַנען די מונדירן צו ברייט, זיי הייגען אַראָפּ ווי זעק, זייערע פּלייצעס זײַנען צו שמאָל, די גופֿימלעך זײַנען ווי שטרוי, עס זײַ נען ניט געווען קיין מונדירן, וואָס זאָלן פּאַסן צו זייער קינדער־מאָס.

אַ ניטדערוואַרטע גאַז־אַטאַקע ברענגט אום אַסך רעקרוטן. זיי זײַנען נאָך ניט דערוואַקסן צו באַגרײַפֿן, וואָס עס וואַרט זיי. איין בלינדאַזש געפֿינען מיר אינגאַנצן אָנגעפּאַקט מיט בלאָע קעפּ און שוואַרצע ליפּן. אין

איינעם אַ טרעכטער האָבן זיי צו פֿרי אויסגעטאָן די מאַסקעס; זיי האָבן ניט געוווּסט, אַז אין אַ טיפֿן אָרט שפּרייט זיך דאָס גאַז לײַנגער, ווי נאָר זיי האָבן דערזען, אַז אויבן גייט מען שוין אָן מאַסקעס, האָבן זיי אויך אַראָפּגעריסן, און זיי האָבן באַוויזן אײַנצוזשלינגען אַ געהעריקע פּאָרציע גאַז, און פֿאַרברענען זייערע לונגען. ס'איז שוין קיין האָפֿענונג ניטאָ פֿאַר זיי, זיי גייען אָפּ מיט בלוט און מאַטערן זיך מיט אָנפֿאַלן פֿון שטיקעניש.

***

אין איין אָקאָפּ געפֿין איך זיך פּלוצלונג פּנים־אל־פּנים מיט הימעלשטאָסן. זײַט באַ זײַט ליגן מיר צוזאַמען אָן אָטעם און וואַרטן אַרויסצולויפֿן אין אַטאַקע.

איך בין אַפֿילו זייער אויפֿגערעגט, אָבער ניט געקוקט אַף דעם, בליצט מיר אויף באַם אַרויסלויפֿן אַ געדאַנק: פֿאַרוואָס זע איך מער ניט הימעלשטאָסן. איך שפּרינג אַף גיך צוריק אַרײַן אין בלינדאַזש און זע, ווי הימעלשטאָס ליגט אין אַ ווינקל כּלומרשט פֿאַרוווּנדיקט. אַ פּנים האָט ער פֿון אַן אָפּגעשמיסענעם. ער האָט אַ שרעקן־אָנפֿאַל, ער איז נאָך דאָ אַ פֿרישער. אָבער איך ווער ווילד באַם געדאַנק, אַז יענע יונגע בחורימלעך זײַנען דאָרטן, אין דרויסן, און ער ליגט זיך דאָ.

"מאַרש פֿון דאַנען!" שרײַ איך.

ער באַוועגט זיך ניט, זײַנע ליפּן טרייסלען זיך, זײַנע וואָנצעס ציטערן.

"מאַרש!" שרײַ איך נאָכאַמאָל.

111

ער ציט אײַן די פֿיס, דריקט זיך צו צום וואַנט און שטשירעט די ציין, ווי אַ הונט.

איך כאַפּ אים אָן באַ דער האַנט און וויל אים אַ שלעפּ טאָן. אָבער מײַנע נערוון האַלטן ניט אויס, איך כאַפּ אים אָן באַם קאָלנער, טרייסל אים אַזוי, אַז זײַן קאָפּ וואַרפֿט זיך אַהין און אַהער, און איך שרײַ אים אין פּנים: "דו אויסוואָרף איינער, וועסט אַרויסקריכן — דו הונט, דו היצל, דו ווילסט אויך ווערן אַ נעלם?" ער גלאָצט אַף מיר מיט גלעזערנע אויגן, איך טו אַ זעץ זײַן קאָפּ אָן וואַנט — "דו דבֿר־אַחר" — איך טו אים אַ געזונטן בריק אין זיבעטן ריפּ אַרײַן, — דו "כּלבֿ שבכּלבֿים" — איך שטופּ אים אַרויס פֿון בלינדאַזש.

עס לויפֿט פֿאַרבײַ אַ נײַע גרופּע זעלנער. מיט זיי איז אַ לייטענאַנט. ער זעט אונדז און שרײַט: "פֿאָרווערטס, פֿאָרווערטס, צושטיין, צושטיין—!" און וואָס מײַנע קלעפּ האָבן ניט דערגרייכט, האָט דערגרייכט דאָס וואָרט. הימעלשטאָס האָט געהערט אַ קול פֿון אַן עלטערן, ער קוקט זיך אַרום, ווי אויפֿגעכאַפּט פֿון שלאָף, און שטייט צו צו דער גרופּע.

איך לויף נאָך אים און זע, ווי ער שפּרינגט. ער איז ווײַטער געוואָרן דער ענערגישער הימעלשטאָס פֿון קאַזאַרמע, ער האָט אַפֿילו אײַנגעיאָגט דעם לייטענאַנט און איז שוין איצט אַ גוט שטיק פֿאָרויס. –

***

קרייך־פֿײַער, אָפּהאַלט־פֿײַער, פֿאַרהיינג־פֿײַער, מינעס, גאַז, טאַנקעס, קוילן־וואַרפֿערס, האַנט־גראַנאַטן — דאָס זײַנען אַלץ ווערטער, אָבער ווערטער, וואָס נעמען אַרום דאָס גאַנצע גרויל פֿון דער וועלט.

אונזערע פּנימער זײַנען ווי פֿאַרצויגן מיט אַ קאָרע, אונזערע מוחות זײַנען חרובֿ, מיר זײַנען פֿאַרמאַטערט צום טויט, – בעת עס קומט צו אַן אַטאַקע, מוז מען אַנדערע פֿון אונז געבן קלעפּ, כּדי זיי זאָלן זיך אויפֿכאַפּן און מיטגיין. — די אויגן ברענען, ווי אַ פֿײַער, די הענט זײַנען צעדראַפּעט, די קניען זײַנען פֿאַרבלוטיקט, די עלנבויגנס זײַנען צעקלאַפּט.

גייען דען אַוועק וואָכן — חדשים, יאָרן? דאָס זײַנען אָבער נאָר טעג. מיר זעען אין די אָנפֿאַרביקע פּנימער פֿון די גוססע, ווי די צײַט גליטשט זיך, מיר פֿרעסן, מיר לויפֿן, מיר שלײַדערן, מיר שיסן, מיר הרגענען, מיר וואַלגערן זיך, מיר זײַנען שוואַך און טעמפּ ,און נאָר איין זאַך האַלט אונז אויף: ס'זײַנען פֿאַראַן נאָך שוואַכערע, נאָך טעמפּערע, נאָך אומבאַהאָלפֿענערע פֿון אונז, וועלכע קוקן אַף אונז מיט אויפֿגעריסענע אויגן, ווי אַף געטער, וואָס זײַנען נאָך אַנדערעמאָל בכּח צו אַנטרינען פֿון טויט.

אין די קנאַפּע שעהן פֿון אָפּרו קנעלן מיר מיט זיי. "אָט זעסטו די פֿליעדיקע פּגע? דאָס איז אַ מינע: מעגסט איצט בלײַבן ליגן, זי גייט ווײַטער. ווען זי פֿליט אָבער אָט אַזוי־אָ, זאָלסטו מאַכן פֿיס! מען קאָן פֿון איר אַנטלויפֿן."

מיר לערנען זיי אויס צו דערהערן דאָס לאָקערנדיקע זשומען פֿון די קליינע שראַפּנעלכלעך, וועלכע מען קאָן קוים באַכאַפּן מיטן אויער, און זיי אויסצוטיילן פֿון דעם גאַנצן אַרומיקן טומל; — מיר באַווײַזן זיי, אַז אָט די שראַפּנעלכלעך זײַנען נאָך געפֿערלעכער פֿון די גרויסע, וועלכע מען הערט שוין מיט אַ צײַט פֿריער.

מיר לערנען זיי ,ווי זיך אויסצובאַהאַלטן פֿון פֿליער, באָמבעס, ווי מען פֿאַרשטעלט זיך פֿאַר אַ טויטן, בעת די אַטאַקע פֿון יענער זײַט יאָגט אײַן, ווי מען גרייט צו האַנט־גראַנאַטן, אַז זיי זאָלן אויפֿרײַסן אַ רגע פֿאַרן אַראָפּפֿאַלן; — מיר לערנען זיי ,ווי מען דאַרף זיך גיך ווי אַ בליץ וואַרפֿן אין טרעכטער, ווען עס פֿליט אַ גראַנאַט מיט אַ פֿלאַם־וואַרפֿער, און מיר ווײַזן זיי ,ווי מען וואַרפֿט זיך אַרײַן אין אַ גראָבן מיט אַ בינטל גראַנאַטן אין האַנט, מיר קלערן זיי אויף דעם חילוק צווישן אונזערע און דעם שׂונאס האַנט־גראַנאַטן, מיר לערנען זיי אויס זיך פֿאַנאַנדערצוקלײַבן אין דעם זשומען פֿון אַ גאַז־גראַנאַט און מיר ווײַזן זיי די אַלע קונצן מיט וועלכע זיי קאָנען זיך ראַטעווען פֿון טויט.

זיי הערן זיך צו, זיי פֿאָלגן — אָבער ווען עס קומט דער מאָמענט, טוען זיי אין דער אויפֿרעקונג אַלץ קאַפּויער.

113

האָיע ועסטוס פֿירט מען אַראָפּ פֿון פֿעלד מיט אַן אָפּגעריסענעם רוקן; באַ יעדן עטעמען זעט מען דורך דער ווונד. ווי עס אַרבעטן זײַנע לונגען. איך פֿאַרכאַפּ נאָך צו געבן אים די האַנט; — ״אַ סוף, פּויל״, קרעכצט ער און בײַסט זיך פֿאַר ווייטיק די הענט.

מיר זעען צו, ווי עס צאַפּלען זיך נאָך מענטשן מיט אַראָפּגעריסענע שאַרבנס, מיר זעען, ווי עס לויפֿן מענטשן, באַ וועמען ביידע פֿיס זײַנען אַראָפּגעשאָסן, אַף זייערע צעשפּליטערטע קלומפּעס דערפֿויזשען זיי נאָך ביז דער דערבײַאיקער גרוב ,איין יעפֿרייטער קריכט אָפּ אַף די הענט אַ מהלך פֿון צוויי קילאָמעטער און שלעפּט די צעשמעטערטע קניען הינטער זיך, נאָך איינער גייט צום פֿאַרבאַנד־פּונקט, און מיט די הענט האַלט ער פֿעסט צו די געדערים, וועלכע קריכן אים פֿון בויך, מיר זעען מענטשן אָן מײַלער, אָן געביסן, אָן פּנימער, מיר געפֿינען איינעם, וואָס האַלט שוין צוויי שעה צײַט אײַנגעביסן מיט די ציין דעם דופּק [**dóyfek**] פֿון האַנט, כּדי ניט אָפּצולויפֿן מיט בלוט. די זון גייט אויף, די נאַכט קומט, די גראַנאַטן פֿײַפֿן, עס נעמט אַ סוף צום לעבן.

אָבער דאָס שטיקעלע צעריעטע ערד, אַף וועלכן מיר ליגן, האָט זיך ניט אונטערגעגעבן דעם גרעסערן כּח. עס זײַנען אָפּגעהאַלטן געוואָרן מער ניט, ווי עטלעכע הונדערט מעטער. אָבער אַף יעדן מעטער קומט אויס צו אַ הרוג.

***

מיר ווערן אָפּגעביטן. ווידער דרייען זיך שוין אונטער אונז די רעדער פֿון די אויטאָס, מיר שטייען אָפּגעטעמפּטע, און ווען עס דערגרייכט צו אונז דאָס געשריי: ״אויפֿפּאַסן — דראָט!״ בויגן מיר אומבאַוווסטזיניק אײַן די קניען. ווען מיר זײַנען דאָ דעם ערשטן מאָל פֿאַרבײַגעפֿאָרן, איז געווען זומער, די בוימער זײַנען נאָך געווען גרין, איצט זעען זיי שוין אויס האַרבסטיק, און די נאַכט איז גראָ און פֿײַכט. די אויטאָס בלײַבן שטיין, מיר קריכן אַראָפּ, אַ דורכגעקאָשעט געזעמל, דאָס רעשטל פֿזן אַפֿולע מענטשלעכע נעמען. פֿאַזשע וועג שטייען אין דעם חושך עפּעס מענטשן און רופֿן אויס די נומערן פֿון פּאָלקן, פֿון ראָטעס. און באַ יעדן אויסרוף טיילט זיך אויס אַ הייפֿעלע, אַ קליין, נישטיק הייפֿל פֿון ברודיקע, אויסגעבלייכטע זעלנער, אַ מוראדיק־קליינער רעשט.

איצט רופֿט עטיץ אויס דעם נומער פֿון אונזער ראָטע, דאָס איז אונזער לייטענאַנט, הייסט עס, ער איז אַרויס גאַנץ, נאָר זײַן האַנט הייבגט אים פֿאַרבונדן. מיר גייען צו אים צו, און איך דערקען קאַטן און אַלבערטן, מיר שטעלן זיך אַוועק צוזאַמען, שפּאַרן אונטער איינער דעם אַנדערן און קוקן זיך אָן.

מיר הערן, ווי מען רופֿט אויס אונזערע נוטערן צו עטלעכע מאָל. ער קאָן לאַנג רופֿן, ווי לאַנג ער וויל, ביז צו די לאַזאַרעטן און די טרעכטערס וועט זײַן רוף ניט דערגרייכן.

נאָכאַמאָל: ״די צווייטע ראָטע אַהער!״

און נאָכדעם, שוין שטילער: ״איז מער קיינער ניטאָ פֿון דער צווייטער ראָטע?״

ער שווײַגט אַ ווײַלע און פֿרעגט מיט אַ הייזעריקן קול: ״דאָס זײַנען שוין אַלע?״, און באַפֿעלט: ״אויסציילן!״

דער באַגינען איז כמורנע, בעת מיר זײַנען אַרויסגעפֿאָרן, איז נאָך געווען זומער, און מיר זײַנען געווען 150מאַן, איצט ציטערן מיר פֿון קעלט, ס׳איז האַרבסט, די בלעטער שאָרכן, די שטימען פֿלאַטערן מיד: ״איינס—צוויי—דרײַ—פֿיר,״ — און באַ צוויי־און־דרײַסיק האַקן זיי זיך אָפּ. און אַ צײַט איז שטיל, ביז די

שטים פֿרעגט ווײַטער: „נאָך עמיץ"? — זי וואַרט אָפּ און זאָגט שטיל; „איך גרופּעס," – און ברעכט זיך אָפּ, און קאָן נאָר פֿאַרענדיקן מיט מאַטערניש: „צווייטע ראָטע — מאַרש!"

אין דעם באַגינען שלעפּט זיך אַ קליין מחנהלע.

צוויי־און־דרײַסיק מאַן.

115

.7

מען פֿירט אונז אָפּ אַף אַ מהלאך צוריק, אין אַ לאַגער פֿאַר פֿעלד־רעקרוטן, כּדי פֿונדאָסניַ פֿאָרמירט צו ווערן. צו אונזער ראָטע מוזן צוקומען איבער הונדערט נײַע סאָלדאַטן.

דערווײַל גייען מיר אַרום ליידיק. אין צוויי טעג אַרום קומט הימעלשטאָס צו אונז. זינט ער האָט דערפֿילט דעם טעם פֿון ליגן אין די אָקאָפּעס, איז שוין פֿון אים אַראָפּ דער גאַנצער גלאַנץ. ער לייגט אונז פֿאָר שלום. איך בין גרייט זיך איבערצובעטן מיט אים, ווײַל איך האָב געזען, ווי ער האָט געהאָלפֿן אַרויסטראָגן פֿון פֿײַער האַיע וועסטוס מיטן אופֿגעריסענעם רוקן. ער רעדט בכלל צו דער זאַך, און מיר האָבן נישט קעגן דעם, וואָס ער לאָדט אונז אײַן אין דעם זעלנער־קרעמל. איין טיאַדען טרויט אים ניט אָן און בלײַבט קאַלט.

אָבער ער ווערט אויך בעסער, ווײַל הימעלשטאָס דערציילט, אַז איצט וועט ער פֿאַרבײַטן דעם קוכער, וועלכער פֿאָרט אין אורלויב. און ווי אַ באַווײַז דערפֿאַר, מאַכט ער אונז אַ מתּנה — צוויי פֿונט צוקער, און טיאַדען טיילט ער נאָך ספּעציעל צו אַ האַלבן פֿונט פּוטער. ער פּועלט אַפֿילו אויס, אַז דרײַ טעג כּסדר זאָל מען אונז שיקן אין קיך שיילן בולבעס און בוריקעס. און דאָרטן קאָרמעט ער אונז מיט אויסגעצייכנעטע אָפֿיציר־קעסט.

אַזוי אַרום האָבן מיר איצט ווײַטער די ביידע זאַכן, וואָס אַ זעלנער האָט נויטיק, כּדי גליקלעך צו זײַן: גוט עסן און אָפּרו. בעת מען באַטראַכט זיך, איז דאָס ניט קיין סך. מיט אַ פּאָר יאָר צוריק וואָלטן מיר צוליב דעם געקוקט אַף זיך מיטן גרעסטן ביטול [**bitl**]. איצט זײַנען מיר כּמעט צופֿרידן. צו אַלץ ווערט מען געוווינט, אַפֿילו צו אָקאָפּעס.

די געוווינהייט איז די סיבה דערפֿון, וואָס לפֿנים פֿאַרגעסן מיר אַזוי גיך. מיט אַ פּאָר טעג צוריק זײַנען מיר נאָך געלעגן אין פֿײַער, הײַנט פֿאַרנעמען מיר זיך שוין מיט נאַרישקייטן און בלאָנקען זיך אַרום, מאָרגן גייען מיר ווײַטער אין די אָקאָפּעס. אין דערראמתן אָבער פֿאַרגעסן מיר גאָר נישט. כּל־זמן מיר זײַנען דאָ, ליגן אין אונז די פֿאַרגאַנגענע פֿראָנט־טעג, ווי די שטיינער, זיי זײַנען צו שווער. מען זאָל תּיכּף קאָנען טראַכטן וועגן זיי. וואָלטן מיר וועגן זיי נעמען טראַכטן, וואָלט אונז דאָס אינגאַנצן אָפּטויטן; ווײַל דאָס האָב איך געמערקט: דאָס גרויל קאָן מען אַריבערלעבן נאָר כּל־זמן מען בויגט פּשוט אײַן דעם רוקן; אָבער ווי נאָר מען הויבט אָן וועגן דעם זיך צו פֿאַרקלערן, הרגט דאָס אינגאַנצן אַוועק.

און פּונקט אַזוי, ווי מיר פֿאַרוואַנדלען זיך אין חיות, בעת מיר גייען אין פֿײַער, — ווײַל דאָס איז דאָס איינציקע, וואָס טראָגט אונז דורך, — אַזוי ווערן מיר לײַכטזיניקע קאַטאָוועס־טרײַבער און פּוסטעפּאָסניקעס, ווען מיר רוען זיך. מיר קאָנען אַנדערש ניט, מיר ווערן פּשוט געצוווּנגען דערצו. ווײַל מיר ווילן לעבן בכל־אופֿן: קאָנען מיר זיך דאָך ניט אָפּגעבן מיט אַזעלכע געפֿילן, וועלכע זײַנען אין אַנדערע צײַטן טאַקע אַ שײַנדל, אָבער דאָ זײַנ ען זיי לחלוטין פֿאַלש. קעמעריך איז טויט, האַיע וועסטוס שטאַרבט, מיט האַנס קראַמער וועלן די מלאכים באַ תּחית־המתים האָבן גרויס האָרעוואַניע, ווײַל זיי וועלן מוזן צוזאַמענקראַצן פֿון אַלע ווינקעלעך זײַנע איברים, וואָס זײַנען צעפּיצלט געוואָרן פֿון אַ שראַפּנעל, מאַרטענס האָט מער ניט קיין פֿיס, מאַיער איז טויט, מאַרקס איז טויט, באַיער איז טויט, העמערלינג איז טויט, הונדערט צוואַנציק מאַן ליגן צעזייט און פֿאַרוווּנדיקט, עס איז אַ פֿאַסקודנע מעשׂה, אָבער וואָס גייט אונז דאָס אָן, מיר לעבן דאָך. ווען מיר וואָלטן זיי קאָנען ראַטעווען, דעמאָלט איז גאָר אַן אַנדער זאַך, דעמאָלט וואָלט כּדאַי געווען אַ קוק צו טאָן, אַף וואָס מיר וואָלטן מסוגל געווען; פֿון קיין פּחד ווייסן מיר בכלל ניט — טויט־שרעק, דאָס קענען מיר יאָ, אָבער דאָס איז גאָר אַן אַנדער זאַך, דאָס איז פֿיזיש.

אָבער אונזערע חבֿרים זײַנען טויט, מיר קאָנען זיי ניט העלפֿן, זיי רוען שוין — ווער ווייס ווען, וואָס אונז שטייט נאָך פֿאָר; מיר ווילן זיך נאָר שלאָפֿן אָדער פֿרעסן, וויפֿיל מיר זײַנען נאָר בכּח אַרײַנצופּאַקן, שתּיהנען און רויכערן, כּדי די צײַט זאָל אונז ניט נודיען. דאָס לעבן איז קורץ.

***

ווי נאָר מיר דרייען אויס צום פֿראָנט דעם רוקן, פֿאַרשווינדט פֿאַר אונז תּיכּף זײַן גרויל, און מיר פּטרן אים אָפּ מיט גראָבע און בײַסיקע גלײַכווערטלעך; ווען עמיץ שטאַרבט, הייסט עס באַ אונז, אַז ער האָט "אײַנגעצויגן דעם הינטן" און אַזוי ריידן מיר מכּה אַלץ, דאָס ראַטעוועט אונז אַרויס פֿון משוגע־ווערן, און אָט אַזעלכע דיבורים גיבן אונז כּח אויסצוהאַלטן.

אָבער מיר פֿאַרגעסן קיין זאַך ניט. דאָס זײַנען אַלץ נאַרישקייטן, וואָס די בלעטער שרײַבן וועגן דער אויסגעצייכנטער שטימונג פֿון די סאָלדאַטן, און אַז ווי נאָר מיר קלײַבן זיך אַרויס פֿון דער פֿײַער־ליניע, פֿראַוועון מיר טענצלעך. מיר טאַנצן נים צוליב דעם, וואָס אונזער שטימונג איז אַזאַ גלענצנדע. נאָר ווײַל מיר מוזן זיך מאַכן שטימונג, אַניט וואָלט פֿון אונז געוואָרן אַ באַרג אַש. לאַנג וועט שוין אָבער די חתונה ניט אָנהאַלטן, פֿון טאָג צו טאָג ווערט אונזער שטימונג אַלץ ביטערער און פֿאַרביסענער.

און איך ווייס: אַלץ, וואָס בלײַבט איצט אין קריג אין אונז פֿאַרזונקען, ווי אַ שטיין, וועט נאָך דער מלחמה אופֿקומען, און דעמאָלט וועט זיך ערשט אָנהויבן דער קאָנפֿליקט אַף לעבן און טויט.

די אַלע טעג, וואָכן און יאָרן, וואָס מיר האָבן דאָ אָוועקגעלייגט, וועלן נאָך ווען ניט איז זיך אומקערן, און דעמאָלט וועלן אונזערע טויטע חבֿרים זיך אופֿהייבן און גיין צוזאַמען מיט אונז, אונזערע מחות וועלן קלאָר זײַן, מיר וועלן האָבן אַ ציל, און אַזוי וועלן מיר מאַרשירן, באַ אונזער זײַט די טויטע חבֿרים, הינטער אונז — די יאָרן אַפֿן פֿראָנט: קעגן וועמען, קעגן וועמען וועלן מיר יעמאָלט גיין?

118

ניט לאַנג צוריק איז אין דעם געגנט געווען אַ פֿראָנט־טעאַטער. אַף אַ ברעטערנעם פּאַרקן הייגען נאָך בונטע אַפֿישן פֿון די פֿאָרשטעלונגען. איך און קראָפּ באַקוקן זיי מיט גרויס חידוש. מיר קאָנען זיך גאָרניט פֿאָרשטעלן, אַז אַזעלכע זאַכן עקזיסטירן נאָך באמת. אַף איין אַפֿיש איז פֿאַראַן אַ בילד פֿון אַ מיידל אין אַ העלן זומער־קלייד, אַרום די לענדן טראָגט זי אַ רויטן לאַק־גירטל. איין האַנט האַלט זי אַף אַ פּאַרענטש, אין דער אַנדערער האָט זי אַ שטרוי־היט. זי טראָגט ווײַסע זאָקן און ווײַסע שיך, פֿײַנינקע שנאַל־שיכלעך אַף הויכע קנאַפּל. הינטער איר זעט זיך דער בלאָער ים מיט עטלעכע כוואַליעכלעך אַף זײַן אויבערפֿלאַך. דאָס איז אַ פּרעכטיק מיידל, מיט אַ שמאָלן נעזל, מיט רויטע ליפּן און מיט שלאַנקע פֿיס, זי איז אַזוי ריין און געקאָוועט, אַז מען קאָן דאָס גאָרניט אָפּמעלן; זי באָדט זיך בליי־ספֿק צוויי מאָל אַ טאָג, און אונטער די נעגל זײַנען באַ איר ניט פֿאַראַן קיין שוואַרצע פּאַסן. אפֿשר גאָר אַ פּאָר זאַמדעלעך פֿונם ים־ברעג קאָן מען דאָרטן געפֿינען.

באַ איר זײַט שטייט אַ מאַנסביל אין ווײַסע הויזן, אין אַ בלאָ יאַקל און מיט אַ מאַטראָסן־היטל, אָבער מיט אים אינטערעסירן מיר זיך שוין ווייניקער.

דאָס מיידל אַפֿן פּאַרקן איז פֿאַר אונז ממש אַ וווּנדער.

מיר האָבן שוין לחלוטין פֿאַרגעסן, אַז ס'איז נאָך פֿאַראַן אַזאַ מין, און איצט ווילן מיר נאָך אויך ניט גלויבן אונזערע אויגן. יעדנפֿאַלס האָבן מיר שוין זינט יאָרן ניט געזען אַזוינס, וואָס זאָל מיט איר מונטערקייט, שיינקייט און ליכטיקייט, לכל־הפּחות, כאָטש אַ ביסל ענלעך זײַן צו דער. מיר שפּירן אין אונזער גרויסער אופֿרעקונג, אַז דאָס איז דער פֿרידן, אַז אָט אַזוי מוז ער אויסזען.

"גיב נאָר אַ קוק אַף אָט די לײַכטע שיכעלעך, זי וואָלט דאָך אין זיי אַפֿילו קיין איין קילאָמעטער ניט קאָנען אָפּגיין," זאָג איך, און איך קום זיך תּיכּף פֿאָר, ווי אַ גרויסער שוטה, ווײַל ס'איז דאָך נאַריש צו שטיין באַ אַזאַ בילד און גאָר צו טראַכטן וועגן מאַרשירן.

"ווי אַלט קאָן זי זײַן?" פֿרעגט קראָפּ.

119

איך שאַץ: "העכסטנס צוויי־און־צוואַנציק, אַלבערט."

"אויב אַזוי, איז זי דאָך עלטער פֿון אונז. איך זאָג דיר, אַז זי איז ניט מער, ווי זיבעצן!"

אַ תּאַוהדיקער ציטער לויפֿט אונז אַריבער דעם רוקן. "ווי מיינסטו אַלבערט, ס'וואָלט געווען אַ פֿײַנער ביסן, האַ?"

ער שאָקלט צו מיטן קאָפּ. "אינדערהיים האָב איך אויך איבערגעלאָזן אַ פּאָר ווײַסע הויזן."

"ווײַסע הויזן," זאָג איך, "אָבער אַזאַ מיידל—"

מיר באַקוקן איינער דעם אַנדערנס בגדים. מיר האָבן ביידע אַף זיך נאָר אויסגעבליכענע, פֿאַרלאַטעטע און ברודיקע מונדירן. ס'איז אַ ברכה לבֿטלה אַפֿילו זיך צו פֿאַרגלײַכן מיט אָט דעם פּראַנט.

פֿריער פֿון אַלץ רײַסט קראָפּ אַראָפּ פֿון פּאַרקן דעם יונגנ־מאַן מיט די ווײַסע הויזן. ער רײַסט אים אַראָפּ פֿאָרזיכטיק, כּדי ניט אָנצוטאָן קיין שאָדן דעם מיידל. דאָס איז שוין אויך אַ שטיקל נצחון. נאָכדעם לייגט קראָפּ פֿאָר: "אייגנטלעך, האָבן מיר זיך איצט געדאַרפֿט גוט אויספּאַרענען."

איך בין ניט אינגאַנצן מסכּים דערמיט, ווײַל פֿון דער פּאַרעניש ליידן תּמיד שטאַרק די בגדים, אוך העלפֿן העלפֿט דאָס אויך ניט, ווײַל אין אַ פּאָר שעה אַרום פֿליאָדיען זיך שוין די לײַז ווײַטער אין די פֿאַלטן. אָבער נאָכדעם, ווי מיר האָבן זיך ווײַטער פֿאַרקוקט אַפֿן בילד, בין איך שוין אַף דעם אויך גרייט. איך גיי נאָך אַפֿילו ווײַטער. "ס'וואָלט גאָר קיין עולה ניט געווען, כ'לעבן, אַז מיר זאָלן זיך זען ערגעץ צו באַקומען אַ פֿריש העמד" –

"אָנוטשעס וואָלט נאָך נויטיקער געווען צו באַקומען," מיינט אַלבערט. מסתּמא האָט ער עפּעס אַ וויכטיקן גרונט דערצו.

"אפֿשר טאַקע אָנוטשעס אויך. לאָמיר גיין אַביסל ספּעקולירן."

דאָ קומען אַרײַן לעער און טיאַדען; זיי דערזעען דעם פּלאַקאַט, און זיי הויבן אָן שיטן מיט ניבול־פּה. לעער איז אין אונזער קלאַס געווען דער ערשטער, וועלכער איז געשטרויכלט געוואָרן מיט אַ פֿרויענצימער. אַחר־המעשׂה האָט ער דאָס אויסדערציילט מיט אַלע פּרטים [**prótim**]. ער ווערט אויך נתפּעל פֿון דעם בילד, אָבער שוין אַף זײַן אופֿן, און טיאַדען כאַפּט אים אין אַלץ אונטער.

מען קאָן ניט זאָגן, אַז עס זאָל אונז עקלען פֿון די דיבורים. ווער עס רעדט ניט קיין ניבול־פּה, דער איז קיין סאָלדאַט ניט. אָבער אין דער רגע איז אונזער שטימונג ניט דערבײַ, דעריבער גייען מיר אַוועק פֿון זיי און לאָזן זיך גיין צו דער באָד מיט אַזאַ געפֿיל, ווי דאָס וואָלט געווען אַן עלעגאַנטער מאָדע־קלייט.

***

די הײַזער, ווו מיר זײַנען אײַנפֿלאַצירט, ליגן נאָענט צום קאַנאַל. אַף יענער זײַט קאַנאַל זײַנען פֿאַראַן טײַכלעך, אַרומגערינגלט מיט טאָפּאָליעס; אַף יענער זײַט קאַנאַל זײַנען אויך פֿאַראַן פֿרויען.

די הײַזער אַף אונזער זײַט זײַנען ליידיק. אַף דער אַנדער זײַט זעט מען נאָך אָבער דאָ און דאָרטן אײַנוווינער.

אין אָוונט באָדן מיר זיך אין טײַך. אַפֿן ברעג באַווײַזן זיך דרײַ פֿרויען. זיי גייען פּאַמעלעך און קערן זיך ניט אָפּ, ניט געקוקט אַף דעם, וואָס מיר באָדן זיך אָן הײַזלעך.

לעער שרײַט צו זיי אַריבער. זיי שמייכלען און בלײַבן שטיין, כּדי זיך צוצוקוקן. מיר שרײַען זיי צו געבראָכענע פֿראַנצויזישע פֿראַזעס, אָן אַ זין, וואָס עס פֿאַלט אונז נאָר אײַן אין קאָפּ, נאָר זיי זאָלן ניט אַוועקגיין. אונזערע דיבורים זײַנען ניט שטאַרק איידל, אָבער פֿון וואַנען זאָלן מיר נעמען די איידעלע רייד.

איינע פֿון די פֿרויען איז אַ מאָגערע, אַ ברונעטע. אַז זי לאַכט, זעט מען, ווי אירע ציין בליאַשטשען. אירע באַוועגונגען זײַנען גיכע, דאָס קלייד פֿלאַטערט פֿרײַ אַרום אירע פֿיס. דאָס וואַסער איז שוין קאַלט, אָבער מיר זײַנען שטאַרק אופֿגעראַמט און מיר זוכן זיי צו פֿאַראינטערעסירן, זיי זאָלן בלײַבן. מיר פּרוּוון דערציילן וויצן, זיי ענטפֿערן אונז, אָבער מיר פֿאַרשטייען ניט זייערע ענטפֿערס; מיר לאַכן און ווינקען. טיאַדען פֿאַרשטייט שוין בעסער אַן עסק, ווי מיר. ער לויפֿט אַריבער אין שטוב, ברייגנגט פֿון דאָרטן אַ ברויט און האַלט דאָס הויך איבער זיך. דאָס האָט דערפֿאָלג. די פֿרויען שאָקלען מיט די קעפּ און ווינקען, מיר זאָלן אַריבערקומען. אָבער דאָס טאָרן מיר ניט. ס'איז אונז פֿאַרווערט אַריבערצוגיין אַף יענער זײַט. בײַ אַלע בריקן שטייען פּאַטרולן. אָן אַ דורכלאָז־צעטל קאָן מען ניט אַריבערקומען. מיר זאָגן זיי, זיי זאָלן צו אונז אַריבער; אָבער זיי ווײַזן אויך אַף די בריקן. זיי לאָזט מען אויך ניט דורך.

זיי קערן זיך אום, גייען פּאַמעלעך פּאַזשע ברעג פֿון קאַנאַל. מיר באַגלייטן זיי שווימענדיק. מיט אַ שטיקל ווײַטער קערן זיי זיך און ווײַזן אַף אַ הויז, וואָס קוקט אַרויס פֿון צווישן קוסטעס. לעער פֿרעגט, אויב זיי וווינען דאָרטן.

זיי לאַכן — יאָ, דאָרטן איז זייער הויז.

מיר גיבן זיי צו וויסן, אַז ווי נאָר די פּאַטרולן וועלן אונז ניט קאָנען דערזען, קומען מיר צו זיי אַריבער. באַנאַכט. די נאַכט.

אַלע דרײַ הייבן אוף די הענט, פֿאַררעקן זייערע פּנימער; זיי האָבן, הייסט עס, פֿאַרשטאַנען, אַז מיר װעלן קומען. די שלאַנקע ברונעטין מאַכט אַ פּאָר טענצלדיקע טריט. די בלאָנדע זאָגט מיט אַ פֿרײלעכער שטים: ״ברויט—גוט—״

מיר זאָגן זיי נאָכאַמאָל מיט צייכנס, אַז מיר װעלן מיטברײַנגען ברויט. אויך נאָך אַפֿולע גוטע זאַכן, מיר דרייען מיט די אויגן און װײַזן מיט די הענט. לעער װערט ניט דערטרונקען, בעת ער באַװײַזט זיי, װאָס פֿאַר אַ שטיק װוּרשט ער װעט ברײַנגען. װען ס׳װאָלט נויטיק געװען, װאָלטן מיר זיי צוגעזאָגט אַ גאַנצן פּראָװיאַנט־לאַגער. זיי גייען אַװעק און קוקן זיך אָפּט אַרום. מיר קריכן אַרויס אַף אונזער ברעג און קוקן, אויב זיי גייען טאַקע אַרײַן אין דעם הויז, אַף װעלכן זיי האָבן אָנגעװיזן, װײַל ס׳קאָן דאָך זײַן, אַז זיי נאַרן אונז אָפּ.

אָן אַ דורכלאָז־צעטל קאָן קיינער ניט אַריבער דעם בריק, דעריבער װעלן מיר באַנאַכט פשוט אַריבערשװימען. מיר זײַנען אין אַ געהייבענער שטימונג. פֿון אומגעדולד קאָנען מיר ניט אײַנזיצן אַף איין אָרט, און מיר גייען אין זעלנער־קרעמל. דאָרטן איז אָנגעקומען ביר און פּונש.

122

מיר טרינקען און דערציילן זיך איינער דעם אַנדערן משונהדיקע, אויסגעטראַכטע העלדישקייטן. מיר גלויבן איינער דעם אַנדערן און יעטװידער זוכט צו דערציילן אַלץ קנאַקעדיקערע זאַכן און אַריבערצוױאָגן דעם אַנדערן. מיר זײַנען נערװעיז, מיר פּיפּקען אָן אַ צאָל סיגאַרעטקעס, ביז קראָפּ זאָגט: ״אײגנטלעך, קאָנען מיר דאָך פֿאַר זיי אויך מיטנעמען עטלעכע סיגאַרעטקעס״. דעמאָלט הערן מיר אוף צו רויכערן און לייגן די איבערגעבליבענע סיגאַרעטן אַרײַן אין אונזערע היטלען.

דער הימל הויבט אָן גרין צו װערן, װי אַ ניט־פֿאַרטיקער עפּל. מיר זײַנען זאַלבעפֿירט, אָבער גיין קאָנען נאָר דרײַ; מיר מוזן װי עס אין פּטור װערן פֿון טיאַדען; און מיר שטעלן אים ביר און פּונש, ביז ער פֿאַלט פֿון די פֿיס. װען עס װערט טונקל, פֿירן מיר טיאַדענען אָפּ אַהיים. מיר ברענען פֿון אומגעדולד און פֿון חשק צו אַװאַנטיורעס. איך באַקום די ברונעטע, די מאָגערע, דאָס האָבן מיר שוין אָפּגערעדט צװישן זיך.

טיאַדען פֿאַלט אַװעק אַף זײַן שטרוי־זאַק און כראָפּעט. איינמאָל כאַפּט ער זיך אוף און קוקט אונז אָן מיט אַזאַ כיטרען געלעכטערל, אַז מיר דערשרעקן זיך שוין און מיינען, אַז ער האָט זיך נאָר פֿאַרשטעלט, און מיר האָבן אים אומזיסט געפּאָיעט מיט פּונש. אָבער ער שלאָפֿט תּיכּף װײַטער אײַן.

יעדער פֿון אונז נעמט אַ גאַנצן ברויט און װיקלט עס אײַן אין צײַטונג־פּאַפּיר. מיר פּאַקן נאָך דערצו אײַן סיגאַרעטקעס און לייגן צו אַחוץ דעם דרײַ גוטע פּאָרציעס לעבער־װוּרשט, װאָס מיר האָבן הײַנט אָװנט באַקומען בעת דער חלוקה [**xalúke**]. דאָס איז שוין אַ פֿײַנע מתּנה.

לעת־עתּה פּאַקן מיר דאָס אַלץ אַרײַן אין די כאָליעװעס, װײַל שטיװל מוזן מיר דאָך מיטנעמען, כּדי מיר זאָלן אַף יענער זײַט ניט אַרופֿטרעטן אַף דראָט אָדער אַף שערבלעך. אָבער אַחוץ דעם קאָנען מיר קיין שום בגדים ניט נעמען, װײַל מיר דאַרפֿן אַריבערשװימען דעם טײַך. עס איז דאָך פֿינצטער, און װײַט איז דאָס אויך ניט.

123

און אַזוי גייען מיר אַרויס און טראָגן די שטיװל אין די הענט. געשװינד גליטשן מיר זיך אַרײַן אין װאַסער, לייגן זיך אַף די רוקנס, שװימען און האַלטן הויך איבער אונזערע קעפּ די שטיװל, װוּ עס ליגן אונזערע מתּנות.

אַף יענעם ברעג קריכן מיר אַרויס אַף דער יבשה, נעמען אַרויס די פּעקלעך און טוען אָן די שטיװל. און אָט אין אַזאַ מין מצבֿ, נאַס, נאַקעט, נאָר מיט שטיװל אָנגעטאָן, לאָזן מיר זיך לויפֿן. דאָס הויז געפֿינען מיר תּיכּף. עס ליגט פֿאַרטאַיעט צװישן די קוסטעס. לעער טוט אַ פֿאַל איבער אַ װאָרצל און שלאָגט זיך אָפּ דעם עלנבויגן. ״עט, ס׳איז גאָרנישט״, זאָגט ער אין שטאַרקער אופֿגעראַמטקייט.

די פֿענסטער זײַנען פֿאַרדעקט מיט לאָדנס. מיר שלײַכן אַרום הויז און פּלײַסן זיך אַרײַנצוקוקן דורך די שפּאַרוניעס. מיר װערן אומגעדולדיק. קראָפּ הויבט זיך אָן קװײנקלען. ״און אויב באַ זיי זיצט אַ מאַיאָר, װאָס טוען מיר דעמאָלט?״

״דעמאָלט מאַכן מיר אַ ויברח [**vayívrex**]״, צעלאַכט זיך לעער, ״ער װעט קאָנען זען דעם נומער פֿון אונזער פּאָלק אָטאָדאָ״, און ער טוט זיך אַ פּאַטש איבערן געזעס.

די הויז־טיר איז אָפֿן. אַרײַנגייענדיק, מאַכן מיר מיט אונזערע שטיוואַלעס אַ גרויס געפּילדער. עס עפֿנט זיך אַ טיר, אַ ליכט־שטרײַף פֿאַלט אַף אונדז, אַ פֿרוי טוט אַ דערשראָקענעם געשריי. מיר זאָגן "שאַ, שאַ – גוטע פֿרײַנט" – און הייבן אוף אונזערע פּעקלעך, ווי ווײַלנדיק באַווײַזן אונזער פֿרײַנטשאַפֿט.

איצט זעט מען שוין די אַנדערע צוויי פֿרויען אויך, די טיר ווערט אינגאַנצן אופֿגעפּראַלט, מיר שטייען אין ליכט. זיי דערקענען אונדז, און זיי פּלאַצן **שיעור** ניט פֿון געלעכטער. זיי טרייסלען זיך פֿון געלעכטער און שאָקלען זיך אין טיר, ווי זאַנגען אין ווינט. ווי עלאַסטיש זיי באַוועגן זיך!

"איין מאָמענט". – זיי פֿאַרשווינדן און ברייינגען אונדז באַלד קאָלדרעס, אין וועלכע מיר פֿאַרוויקלען זיך. מיר גייען אַרײַן אין דעם צימער, ווו עס ברענט אַ קליין לעמפּל, עס איז וואַרים און עס שמעקט לײַכט מיט פּאַרפֿים. מיר פּאַקן אויס אונזערע **מתּנות** און גיבן זיי איבער די פֿרויען. זייערע אויגן ברענען מיט אַ זשעדנעם פֿלאַם, מען זעט, אַז זיי זײַנען אויסגעהונגערט.

אַ ווײַלע זײַנען מיר אין אַ פֿאַרלעגנהייט. מיר ווייסן ניט וואָס צו טאָן. לעער מאַכט אַ זשעסט, ווי ער וואָלט עסן. דעמאָלט ווערט ווײַטער לעבעדיק, זיי ברייינגען טעלערס און מעסערס און וואַרפֿן זיך אַף די שפּײַז, ווי די היישעריקן. יעדן פּענעצל וווּרשט באַקוקן זיי מיט **התפּעלות** פֿון אַלע זײַטן, איידער זיי נעמען אים אַרײַן אין מויל, און מיר זיצן דערבײַ, שטאַרק האָפֿערדיק.

זיי פֿאַרשיטן אונדז מיט רייד — מיר פֿאַרשטייען דערפֿון ניט קיין פֿולע, אָבער מיר באַגרײַפֿן, אַז דאָס זײַנען פֿרײַנטלעכע ווערטער. מעגלעך, אַז מיר האָבן אויך זייער יונגע **פּנימער**. די שוואַרצע גלעט מיר איבער די האָר און זאָגט, וואָס אַלע פֿראַנצויזישע פֿרויען זאָגן שטענדיק: "די **מלחמה** — אַ גרויס אומגליק אָרימע **בחורימלעך**—"

איך כאַפּ אָן איר האַנט און לייג צו מײַנע ליפּן צו איר האַנט־פֿלאַך. אירע פֿינגער נעמען אַרום מײַן **פּנים**. אירע אופֿרײַצנדיקע אויגן, די מילדע ברוינקייט פֿון איר הויט און די רויטע ליפּן ליגן האַרט איבער מיך. די לעפֿצן מורמלען ווערטער, וואָס איך פֿאַרשטיי זיי ניט. איך באַגרייף די אויגן אויך ניט, זיי זאָגן מער, וויפֿיל מיר האָבן דערוואַרט, **בעת** מיר זײַנען אַהער געגאַנגען.

דערבײַ זײַנען פֿאַראַן נאָך עטלעכע צימערן. אין פֿאַרבײַגיין זע איך לעערן, ער באַנעמט זיך מיט דער בלאָנדער **חוצפּהדיק** און דרײַסט. ער איז אַ **מאדים** [**máydim**] אַף דעם. אָבער איך — אין מיר איז אופֿגעקומען אַן אומבאַשטימט, ווײַט געפֿיל, עפּעס שטילס און אומרויִקס, איך האָב זיך אין אים אינגאַנצן פֿאַרלאָרן, און איך גיב זיך אים אונטער ביז **כּלות־הנפֿש**. אין מיר האָט זיך **משונהדיק** פֿאַרפֿלאָכטן **תּאווה** מיט אַ **מין** געפֿיל פֿון טרינקען זיך. פֿאַר די אויגן נעמט מיר שווינדלען, דאָ איז ניט פֿאַראַן, אָן וואָס זיך אָנצוהאַלטן. אונזערע שטיוול האָבן מיר געלאָזט שטיין פֿאַרן טיר, מען האָט אונדז געגעבן אָנצוטאָן שטוב־שיכלעך, און איצט האָב איך מער באַ זיך ניט קיין זאַך, וואָס זאָל מיר קאָנען אונטערגעבן זעלנערישן מוט און זיכערקייט: ניט קיין ביקס, ניט קיין גורט, ניט קיין מונדיר, ניט קיין היטל. איך לאָז זיך אָפּטונקען אין דאָס אומבאַשטימטע, זאָל קומען, וואָס עס קומט. ווײַל ניט געקוקט אַף אַלץ, האָב איך דאָך אַ ביסל **פּחד**.

די מאָגערע ברונעטין דרייט **בעתן** קלערן מיט די ברעמען; אָבער ווען זי רעדט, ליגן זיי רויִק איבער אירע אויגן. אַנדערעמאָל **אַפֿילו** ווערט דער קלאַנג פֿון איר שטים ניט פֿאַרוואַנדלט אין אַ **ממשותדיק** [**mamóśesdik**] וואָרט, און ער שטאַרבט אָפּ, אָדער ער פֿלאַטערט אַוועק איבער מיך נאָך ערשט אַ האַלב־פֿאַרטיקער, ווי אַ פֿײַל פֿון בויגן, ווי אַן אַוועקלויפֿנדיקער צוג, ווי אַ פֿליעדיקער שטערן. די קלאַנגען פֿון דער פֿרעמדער שפּראַך, וואָס איך באַגרייף, קוים־קוים, וויגן מיך אײַן אין עפּעס אַ האַלב־באַשטראַלטער ברוינקייט, אין וועלכער עס פֿאַרשווימט דאָס גאַנצע צימער, און נאָר דאָס **פּנים** איבער מיך לעבט און איז קלאָר — האָב איך דען פֿריער עפּעס געוווּסט וועגן דעם – און וואָס ווייס איך וועגן דעם איצט?

ווי פֿאַרשיידנאַרטיק ס׳איז דאָס **פּנים** פֿון אַ מענטשן, וועלכער איז נאָך מיט אַ **שעה** צוריק געווען אַ פֿרעמדער, און וועלכער איז איצט גרייט נאָענט צו ווערן מיט אַ נאָענטקייט, וואָס קומט ניט פֿון אים **גופֿא**, נאָר פֿון דער צונויפֿשמעלצונג אין אים פֿון נאַכט, וועלט און בלוט. אַלע אַרומיקע **חפֿצים** ווערן דורך דעם איבערגעאַנדערשט, זיי באַקומען עפּעס אַ באַזונדער אויסזען, און איך קריג **כּמעט דרך־ארץ** פֿאַר מײַן ליכטיקער הויט, אַף וועלכער עס פֿאַלט די שײַן פֿון לאָמפּ, און וואָס ווערט געצערטלט דורך אַ קילער, ברוינער האַנט.

עפּעס גאָר אַנדערש איז דאָ ווי אין די **בתּי־זונות**, וווּהין מיר גייען מיט באַזונדערע דערלויבענישן, און ווו מיר שטייען באַם אַרײַנגאַנג אין לאַנגע אָטשערעדן. איך וויל גאָר וועגן זיי זיך ניט דערמאָנען, אָבער ניט

ווילנדיק טו איך וועגן דעם אַ טראַכט. און איך ווער אַ פֿאַרציטערטער, ווײַל אפֿשר וועט מען שוין מער דאָס גאַנצע לעבן זיך ניט קאָנען באַפֿרײַען דערפֿון.

126

איך דערפֿיל די ליפּן פֿון דעם מיידל און איך רײַס זיך זיי אַנטקעגן, איך מאַך צו די אויגן, און צוזאַמען מיט דעם ווילט זיך מיר פֿאַרגעסן אַלץ, די מלחמה און די שוידערלעכקייטן און די גראָבקייטן, כּדי זיך אופֿצוכאַפּן אַ יונגער און אַ גליקלעכער; איך דערמאָן זיך אָן דעם מיידל אַף דער אַפּיש, און אַ רגע טראַכט איך, אַז מײַן לעבן הייגנט אָפּ פֿון דעם, צי איך וועל געווינען איר ליבע, צי ניט. — און איך טוליע זיך פֿעסט אין די אָרעמס, וואָס נעמען מיך אַרום, אפֿשר וועט געשען אַ נס.

– – – – – – – – – – – – – – – – – – – – – – – – – – – – – – – – – – – – – – – – – – – – – – – – – – – – –

נאָכדעם קלײַבן מיר זיך ווײַטער אַלע דרײַ צוזאַמען. לעער איז כוואַטסקע. מיר געזעגענען זיך האַרציק און קריכן ווײַטער אַרײַן אין אונזערע שטיוול. די נאַכטיקע לופֿט קילט אָפּ אונזערע צעהיצטע לײַבער. מאויִמדיק הויך זעען אויס אין דער פֿינצטער די רווישנדיקע טאָפּאָליעס. די לבֿנה קוקט פֿון הימל און שפּיגלט זיך אָפּ אין קאַנאַל. מיר לויפֿן ניט, מיר גייען איינער לעבן אַנדערן מיט גרויסע שפּרײַזן.

לעער זאָגט: "ס'איז כּדאַי געווען צו געבן דערפֿאַר אַ ברויט!"

איך קאָן ניט פּועלן באַ זיך, עפּעס צו זאָגן, איך בין גאָר אַפֿילו ניט האָפֿערדיק, ווי די אַנדערע.

מיר דערהערן טריט און בויגן זיך אײַן הינטער אַ קוסט.

די טריט קומען נעענטער, זיי גייען האַרט פֿאַרבײַ אונז. מיר דערזעען אַ נאַקעטן סאָלדאַט אין שטיוול, פּונקט אַזוי ווי מיר, ער האַלט אַ פּעקל אונטערן אָרעם און לויפֿט אין איין אָטעם. דאָס שפּרײַזט טיאַדען אין גרויס אײַלעניש.

מיר לאַכן. אָט וועט ער זיך דאָס מאָרגן זידלען.

דורך קיינעם ניט געמערקט קומען מיר צוריק צו אונזערע בעטלעך.

***

מען רופֿט מיך אַרײַן אין קאַנצעליאַריע. דער לייטענאַנט דערלאַנגט מיר אַן אורלויב־צעטל אַ בילעט אַפֿן באַן, און ער ווינטשט מיר אַ גוטע נסיעה. איך קוק זיך אײַן, וויפֿיל אורלויב מען האָט מיר געגעבן. זיבעצן טעג – פֿערצן אורלויב, דרײַ אַף דער נסיעה. דאָס איז ווייניק, און איך בעט, מען זאָל מיר געבן אַף דער נסיעה פֿינף טעג. בערטינק ווײַזט אַף מײַן צעטל. ערשט איצט זע איך, אַז נאָכן אורלויב דאַרף איך זיך ניט אומקערן תּיכּף אַפֿן פֿראָנט. איך דאַרף נאָך דורכמאַכן די דינסט־צײַט אין פֿעלד־לאַגער.

מען איז מיר מקנא. קאַט גיט מיר גוטע עצות, ווי איך זאָל פּרווו ן זיך אינגאַנצן אַרויסדרייען. "ווען דו וועסט נאָר זײַן אַ פֿלינקער חבֿרה־מאַן, קאַנסט דאָרטן בלײַבן אַף ווײַטער אויך."

מיר וואָלט זיך אייגנטלעך געוואָלט אָוועקפֿאָרן פֿון דאַנען ערשט אין אַכטאָג אַרום; ווײַל דאָ וועלן מיר נאָך זײַן אַ וואָך, און דאָ איז אונז גאָרניט שלעכט.—

פֿאַרשטייט זיך, אַז הײַנט מוז איך אויסצאָלן. מיר זײַנען אַלע שיכּורלעך. איך ווער אומעטיק; אמת, זעקס וואָכן וועל איך דאָ ניט זײַן, דאָס איז, פֿאַרשטייט זיך, אַ גרויס גליק, אָבער וואָס וועט זײַן, ווען איך וועל קומען צוריק? וועל איך זיי דאָ ווײַטער אַלעמען באַגעגענען? האַיע און קעמעריך זײַנען שוין מער ניטאָ — ווער ווועמענס ריי איז איצטער?

מיר טרינקען. און איך קיק אָן יעדן איינעם. אַלבערט זיצט באַ מײַן זײַט און רויכערט, ער איז מונטער, מיר האָבן זיך אַלעמאָל געהאַלטן צוזאַמען,— אַנטקעגן זיצט קאַט מיט די שיפּועדיקע פּלייצעס, מיט די ברייטע פֿינגער און מיטן געלאַסענעם קול, — מילער מיט די סטאַרטשנדיקע ציין און מיט דאָס האַווקעדיקע געלעכטער; — טיאַדען מיט די מײַזישע אויגן; – לעער מיטן בערדל, וואָס מאַכט אים אויסזען, ווי אַ פֿערציקער.

איבער אונזערע קעפּ שווימט אַרום אַ געדיכטער טאַבאַק־רויך. וואָס פֿאַר אַ פּנים וואָלט געהאַט דער זעלנער אָן טאַבאַק: דאָס זעלנער־קרעמל איז אַן עיר־מקלט, דאָס ביר איז מער ווי אַ שתיה, דאָס איז אַ סימן, אַז מען איז אויסער סכּנה און מען קאָן זיך רויִק אויסטשוכענען. מיר טוען דאָס טאַקע, די פֿיס האָבן מיר אויסגעצויגן, ווי ווײַט ס'איז נאָר מעגלעך, און מיר שפּײַען אַרום זיך, אַז ס'איז נאָר וואָס צו זען. מאָדנע קומט דאָס אַלץ פֿאַר דעם, וואָס דאַרף מאָרגן אָפּפֿאָרן פֿון דאַנען!

באַנאַכט זײַנען מיר נאָכאַמאָל אַף יענעם ברעג קאַנאַל. מיט באַהאַלטענעם פּחד דערצייל איך מײַן ברונעטקע, אַז איך פֿאָר אַוועק, און אַז ווען איך וועל קומען צוריק, וועלן מיר שוין געוויס שטיין ערגעץ אַנדערש ווו; אַז מיר וועלן זיך שוין, אַזוי אַרום, מער ניט זען. אָבער זי שאָקלט נאָר צו מיטן קאָפּ און קיין באַזונדערער פֿאַרדרוס מערקט זיך אַף איר ניט. אין אָנהויב קאָן איך ניט באַגרײַפֿן, פֿאַרוואָס דאָס איז אַזוי, נאָכדעם כאַפּ איך שוין טרעפֿן. לעער איז גערעכט: וואָלט איך געגאַנגען אַפֿן פֿראָנט, וואָלט איך ווײַטער געווען דאָס "אָרימע אינגל"; אָבער וויבאַלד איך גיי אַוועק אין אורלויב ,איז שוין דער ענין ניט אַזוי אינטערעסאַנט. מעג זי גיין צו אַלדי רוחות מיט איר גאַנצער פלאַפּלערײַ און זשומזשערײַ. מען גלויבט אין ניסים, און צום סוף לאָזט זיך אויס, אַז דאָס איז ניט מער, ווי אַ זעלנער־ברויט.

אַף מאָרגן פֿרי ווערן מײַנע בגדים אויסגעפּאַרעט און איך גיי צו דער סטאַנציע פֿון פֿעלד־אײַזנבאַן. אַלבערט און קאַט באַגלייטן מיך. אַף דער סטאַנציע דערוויסן מיר זיך, אַז ביזן אָפּפֿאָר וועט נאָך געדויערן אַ פּאָר שעה. זיי ביידע מוזן גיין צוריק. מיר געזעגענען זיך.

"זאָל דיר גוט גיין, קאַט; זײַ מצליח, אַלבערט."

זיי גייען אַוועק און ווינקן מיר צו נאָך אַ פּאָר מאָל. זייערע געשטאַלטן ווערן אַלץ קלענער. מיר איז גוט באַקאַנט יעדער טריט זייערער, יעדע תּנועה, אַף דעם גרעסטן מהלך וואָלט איך זיי שוין דערקענען. זיי פֿאַרשווינדן.

איך זעץ זיך אַף מײַן רענצל און וואַרט. מיטאַמאָל כאַפּט מיך אַרום אַ מין משוגענע אומגעדולד זיך פֿון דאַנען וואָס גיכער אָפּצוטראָגן.

129

***

בעת דער נסיעה וועלגער איך זיך אויס אַף אַסך סטאַנציעס; איך שטופּ זיך פֿאַר אַ פֿולע שפּײַז־קעסלען; איך ליג אַף אַסך הילצערנע ברעטער; — אָפּטמאָל מאַכט אַף מיר די לאַנדשאַפֿט אַ פֿאַרקלעמטן, שווערן און באַקאַנטן רושם [**róyšem**]. זי ציט זיך פֿאַרבײַ די בין־השמשותדיקע וואַגאָן־פֿענסטערלעך, מיט אירע דערפֿלעך, ווו שטרוי־דעכער ליגן ווי היטלען איבער געטינקעוועטע הײַזלעך, מיט קאָרן־פֿעלדער, וואָס שעמערירן, אין דעם באַלכסונדיקן ליכט, ווי פּערלמוטער, מיט פּירות־גאָרטנס און שטאָלן און אַלטע לינדבוימער.

די נעמען פֿון די סטאַנציעס פֿאַרוואַנדלען זיך אין באַגריפֿן, וואָס מאַכן אופֿציטערן מײַן האַרץ. די רעדער קלאַפּן, איך שטיי באַם פֿענסטער און האַלט זיך צו פֿאַר דאָס הילצערנע געשטעל. אין אָט די נעמען לעבט ווײַטער אוף מײַן יוגנט. נידעריקע לאָנקעס, פֿעלדער, געזינדן; — פֿאַראַלעל צו דער ליניע פֿון האָריזאָנט שלעפּט זיך איינזאַם איבערן שליאַך אַ פֿורל, אַן אַראָפּגעלאָזענער קווער־סלופּ, פֿאַר וועלכן פֿויערים שטייען און וואַרטן, קינדער, וואָס שפּילן פֿאַזשע דער אײַזנבאַן־דאַמבע, לאַנדישע שליאַכן, וועגן, גלאַטע ריינע שליאַכן, אָן אַרטילעריע.

עס איז אָוונט, און ווען דער צוג וואָלט איצט ניט נעקלאַפּט וואָלט איך געוויס געיאָמערט אינדערהויך. דאָס פֿלאַכלאַנד שפּרייט זיך ווײַט אויס, אין דער אופֿקומענדיקער אָוונטדיקער בלאָקייט הויבן אָן זיך אַרויסצושיילן די סילועטן פֿון די ווײַטע בערג. איך דערקען די אייגנאַרטיקע ליניע פֿון דעם "דאָלבענבאַרג", זײַן ציינערדיקן רוקן, וואָס ווערט מיטאַמאָל אָפּגעהאַקט דאָרטן, ווו עס פֿאַרשווינדט דער שייטל פֿונם וואַלד. הינטער דעם ליגט די שטאָט.

איבער דער וועלט צעשווימט זיך דאָס גאָלדיק־רויטע ליכט. דער צוג פֿליט דורך איין אויסבויג און אַ צווייטן, — און עפּעס ווי פֿאַרוואָרפֿן, צופֿעליק און טונקל, ווי געפֿורעמט פֿון שאָטן, פֿון ליכט און ביינקעניש, שטייען אין אַ לאַנגער שורה טאָפּאָליעס איינער הינטערן אַנדערן.

130

דאָס פֿעלד צוזאַמען מיט זיי דרייט זיך פּאַמעלעך אַוועק; דער צוג שלעפּט זיך פֿאַרבײַ די טאָפּאָליעס, די רוימען צווישן זיי ווערן אַלץ קלענער, און אין משך פֿון אַ רגע זע איך נאָר איין בוים, אָבער באַלד רוקן זיך אַלע ווײַטער אַרויס פֿון הינטער דעם ערשטן, און זיי שטעכן נאָך אַ קורצע צײַט דעם הימל, ביז די ערשטע זיך אָנרוקנדיקע הײַזער פֿאַרדעקן זיי.

אַ באַן־אַריבערפֿאָר. איך שטיי אַלץ באַם פֿענסטער און קען זיך ניט אָפּרײַסן. אַלע גרייטן שוין צו זייערע פעקלעך. איך מורמל שטיל פֿאַר זיך דעם נאָמען פֿון דער גאַס, וועלכע מיר שנײַדן איצט דורך — "ברעמער־שטראַסע" — "ברעמער־שטראַסע"—

אונטן זע איך וועלאָסיפּעדיסטן, פֿורן, פֿוסגייער; — די גאַס איז גראָ, דער ברוק איז גראָ; — דאָס אַלץ איז מיר אַזוי ליב און אַזוי רירנד, ווי דאָ וואָלט געוועזן מײַן מאַמע.

דער צוג שטעלט זיך אָפּ, אַנטקעגן קומט דער וואָקזאַל מיט זײַן געפּילדער, געשרייען און פּלאַקאַטן. איך טו אָן מײַן רענצל, שניר צו די רימענס, נעם מײַן ביקס אין האַנט און קריך אַראָפּ פֿון די טרעפּלעך.

אַפֿן פּעראָן קוק איך זיך אַרום. מיר איז ניט באַקאַנט קיין איינער פֿון די מענטשן, וואָס דרייען זיך דאָ אַרום. אַ באַרימהאַרציקע שוועסטער באָט מיר אָן עפּעס צו טרינקען. איך קער זיך אָפּ, ווײַל זי שמייכלט צו מיר מיט אַ נאַרישן פּנים, דורכגעדרונגען מיט דער וויכטיקייט פֿון איר שליחות, ווי זי וואָלט זאָגן: זעט, וואָס איך טו, איך גיב אַ סאָלדאַט קאַווע. — זי רופֿט מיך "חבֿר", דאָס האָט מיר נאָך אויסגעפֿעלט.

אַפֿן גאַס פֿאַרן וואָקזאַל רוישט פֿאַרבײַ דער טײַך, ער ברויזט אַרויס מיט אַ ווײַסן שוים פֿון אונטער די שלוזן פֿונם מיל־בריק. דערבײַ שטייט דער אַלטער פֿירקאַנטיקער טורעם, פֿאַר אים — דער גרויסער, פֿילפֿאַרביקער לינדבוים, און הינטער אים — דער אָוונט.

דאָ זײַנען מיר אָפֿט געזעסן — ווי לאַנג דאָס איז שוין; איבער דעם בריק זײַנען מיר געגאַנגען און האָבן אײַנגעאָטעמט דעם קילן, צוגעפֿוילטן ריח פֿון שטייענדיק וואַסער; מיר האָבן זיך אַריבערגעבויגן איבער דער רויִקער וואַסער־שפֿע [šéfe] פֿון יענער זײַט שלוז, איבער וועלכער ס'זײַנען פֿון די בריק־סלופּעס אַראָפּגעהאַנגען זומפּיקע וואַסער־פֿלאַנצן; — און פֿון דער זײַט שלוז האָבן מיר זיך אין די הייסע טעג געקליבן, הנאה געהאַט פֿון דעם שפּריצנדיקן שוים און האָבן דאָ באַרעדט אונזערע לערערס.

איך גיי איבערן בריק, איך קוק זיך אַרום רעכטס און לינקס; דאָס וואַסער איז נאָך אַלץ פֿול מיט זומפּ־געוויקסן, און עס פֿאַלט נאָך אַלץ אַראָפּ אין אַ ליכטיקן בויג; — אונטן, אין דעם טורעם־בנין, שטייען נאָך, ווי אַמאָל, די וועשערינס מיט די אַנטבלויזטע אָרעמס באַם פּלעטן גרעט, און די היץ פֿון די פּלעט־אײַזנס טראָגט זיך פֿון די אָפֿענע פֿענסטערן. איבערן שמאָלן געסל בלאָנקען זיך הינט, פֿאַר די טירן שטייען מענטשן און קוקן מיר נאָך, ווי איך שלעפּ זיך פֿאַרבײַ, אָנגעלאָדן און פֿאַרמיסטיקט.

אָט אין דער קאָנדיטאָרײַ האָבן מיר געגעסן געפֿראָרנס און האָבן זיך געלערנט רויכערן. אין דער גאַס, וואָס שנײַדט זיך דאָ דורך, קען איך יעדע הויז, דאָס שפּײַז־קרעמל, דעם אַפּטייק־קראָם, די בעקערײַ. און אָט שטיי איך שוין פֿאַר דער ברוינער טיר מיט דער אָפּגענוצטער קליאַמקע, און מײַן האַנט ווערט שווער, ווי בלײַ ,איך עפֿן די טיר, עס קומט מיר אַנטקעגן אַ מאָדנע פֿרישקייט, מײַנע אויגן זעען ניט גוט אין דעם האַלב־טונקל.

דער טרעפּ קרעכצעט אונטער מײַנע שטיוול. אויבן סקריפּעט אַ טיר, עמיץ קוקט אַראָפּ איבערן פּאָרענטש. דאָס האָט מען געעפֿנט די טיר פֿון קיך, זיי באַקן דאָרטן גראָד פּאַמפּעשקעס, איבער דאָס גאַנצע הויז טראָגט זיך זייער ריח ,הײַנט איז גראָד שבת, און די, וואָס האָט זיך אַריבערגעבויגן איבערן פּאָרענטש, איז געוויס מײַן שוועסטער. איך שעם זיך אינאָנהויב און לאָז אַראָפּ דעם קאָפּ, נאָכדעם נעם איך אַראָפּ דעם קיווער און קוק אַרויף. יאָ, דאָס איז מײַן עלטסטע שוועסטער.

"פּויל",טוט זי אַ געשריי, "פּויל!" –

איך שאָקל צו מיטן קאָפּ, מײַן רענצל קלאַפּט זיך אָפּ אָן פּאָרענטש, מײַן ביקס איז אַזוי שווער.

132

זי פּראַלט אויף אַ טיר און שרײַט אַרײַן: "מאַמע, מאַמע, פּויל איז דאָ".

איך קאָן זיך ניט רירן פֿון אָרט. מאַמע, מאַמע, פּויל איז דאָ.

איך שפּאַר זיך צי צום וואַנט און כאַפּ אַרום מײַן קיווער און מײַן ביקס. איך כאַפּ זיי אַרום מיט מײַן גאַנצן כּח, אָבער איך קאָן ווײַטער קיין טריט ניט טאָן, דער טרעפּ פֿאַרשווינדט פֿון מײַנע אויגן, איך שפּאַר אָן די קאָלבע אָן מײַנע פֿיס און כ'פּרעס אין צאָרן צונויף די ציין, אָבער איך קאָן גאָרנישט מאַכן קעגן דעם אויסגעשריי פֿון מײַן שוועסטער, מען קאָן גאָרנישט טאָן קעגן דעם, איך מאַטער זיך מיט אַלע כּוחות צו לאַכן און עפּעס צי זאָגן, אָבער איך קאָן קיין וואָרט ניט אַרויסברייינגען, און אַזוי שטיי איך אַלץ אַפֿן טרעפּ, אומגליקלעך, אומבאַהאָלפֿן, ווי פֿאַרקראַמפּט, און קעגן מײַן ווילן ווייקט זיך מײַן פּנים אין טרערן.

מײַן שוועסטער קומט אַראָפּ און פֿרעגט: "וואָס איז דאָס מיט דיר?"

דאָ נעם איך זיך שוין צוזאַמען און קריך אַרויף אַפֿן טרעפּ. מײַן ביקס שטעל איך אַוועק אין אַ ווינקל פֿאָדער־צימער, דאָס רענצל לייג איך אַוועק באַם וואַנט, און אַף דעם פּאַק איך אַרויף דעם קיוווער. אויך דאָס גירטל מיט די אַלע קלאַפּער־געצײַג וואַרף איך אַראָפּ פֿון זיך. נאָכדעם בייזער איך זיך אָן אַף איר: "גיב דאָך שוין אַהער אַ טיכל!"

זי נעמט מיר אַרויס אַ טיכל פֿון שאַף, און איך וויש מיר דערמיט אויס דאָס פּנים. איבער מיך הייגגט אַפֿן וואַנט אַ גלאָז־קאַסטן מיט בונטע זומער־פֿויגעלעך, וואָס איך האָב אין די פֿריערדיקע יאָרן אָנגעקליבן.

איצט הער איך די שטים פֿון מײַן מאַמען. זי דערגייט צו מיר פֿון שלאָף־צימער.

"ליגט זי דען?" פֿרעג איך מײַן שוועסטער.

"זי איז קראַנק", — ענטפֿערט זי.

133

איך גיי צו איר אַרײַן, דערלאַנג איר די האַנט און אַזוי געלאַסן, ווי איך קאָן נאָר: "אָט בין איך, מאַמעשי."

זי ליגט פֿאַרהיליעט אין בין־השמשות־ליכט. איך פֿיל, ווי איר בליק באַטאַפּט מיך, און זי פֿרעגט מיט שרעק: "ביסטו פֿאַרוווּנדיקט?"

"ניין, איך האָב באַקומען אורלויב".

מײַן מאַמע איז זייער בלייך. איך שעם מיך עפּעס אופֿצודרייען דאָס ליכט. "אָנשטאָט זיך צו פֿרייען", זאָגט זי, "ליג איך נאָר און וויין".

"ביסטו קראַנק, מאַמעשי?" פֿרעג איך.

"הײַנט וועל איך זיך אַביסל אופֿהייבן", זאָגט זי, און ווענדט זיך צו דער שוועסטער, וועלכע מוז כּסדר אַרײַנלויפֿן אין קיך אופֿפּאַסן, דאָס געקעכץ זאָל ניט אָנברענען: "עפֿן אוף די כּלי מיט די ברוקנעס־זאַפּט — דאָס האָסטו דאָך ליב?" פֿרעגט זי מיך.

"יאָ, מאַמע, איך האָב דאָס שוין טאַקע אַ לאַנגע צײַט ניט געגעסן."

"עפּעס פונקט ווי מיר וואָלטן געפֿילט, אַז דו דאַרפֿסט קומען", פֿרייט זיך די שוועסטער, "הײַנט האָבן מיר גראָד דײַן באַליבטן מאכל, פּאַמפּעשקעס, און דערצו נאָך מיט ברוקנעס."

"ס'איז דאָך שבת", ענטפֿער איך.

"זעץ זיך צו מיר", זאָגט די מאַמע.

זי קוקט מיך אָן. אירע הענט זײַנען, אין פֿאַרגלײַך מיט מײַנע, קריינקלעך און ווײַס און קליין. מיר ריידן נאָר געציילטע ווערטער, און אין האַרצן דאַנק איך איר שטאַרק, וואָס זי פֿרעגט נישט אויס. וואָס זאָל איך טאַקע זאָגן: ס'איז דאָך שוין געווען פֿאַרשיידנס. איך בין דורכגעקומען, און אָט זיץ איך איצט באַ איר. און אין קיך שטייט מײַן שוועסטער און גרייט צו דאָס אָוונט־עסן און זינגט זיך אינדערשטיל.

"מײַן טײַער אינגל", זאָגט מײַן מאַמעשי גאָר שטיל.

אין אונזער משפּחה האָבן מיר זיך קיינמאָל ניט געלאַשטשעט איינער צום אַנדערן. באַ אָרימעלײַט, וועלכע מוזן האָרעווען און וועלכע האָבן אַפֿולע דאגות, פֿירט זיך ניט אַזוי. זיי זוכן ניט צו באַווײַזן אַף יעדן טריט דאָס, וואָס זי ווייסן אין האַרצן גאַנץ גוט. ווען מײַן מאַמע זאָגט מיר "טײַער אינגל", באַטײַט דאָס שוין מער, ווי אַן אַנדערע וואָלט מי־יודע וואָס אָפּגעטאָן. איך בין זיכער, אַז די ברוקנעס האָלט זי שוין פֿאַר מיר זינט חדשים, פונקט אַזוי, ווי דאָס געבעקס, מיט וועלכן זי איז מיר איצט מכבד, און וואָס האָט שוין אַביסל אַ צוגעלעגענעם ריח. זי האָט דאָס מסתּמא באַקומען דורך אַ באַזונדערער געלעגנהייט, און האָט דאָס תּיכּף אָפּגעלייגט פֿאַר מיך.

איך זיץ באַ איר בעט, און אין פֿענסטער קוקן אַרײַן די ברוין־גאָלדנע קאַשטאַנען־בוימער פֿון דעם שכונותדיקן גאָרטן. איך עטעם טיף און פּאַמעלעך און איך זאָג זיך כּסדר: "ביסט אינדערהיים, אינדערהיים."

אָבער איך קאָן זיך נאָך אַלץ ניט באַפֿרײַען פֿון אַ מין געבונדנקייט, איך קאָן זיך עפּעס נאָך ניט אַרײַנלעבן. אָט איז מײַן מאַמע, אָט איז מײַן שוועסטער, אָט איז מײַן קאַסטן מיט די זומער־פֿויגעלעך, און אָט איז דאָס מאַהאַגאָניע־קלאַוויר — אָבער איך בין נאָך ניט אינגאַנצן דאָ. צווישן אונדז איז נאָך פֿאַרצויגן אַ שלייער, דער לעצטער טריט איז נאָך ניט געשטעלט.

דעריבער גיי איך איצט אַרויס, טראָג אַרײַן מײַן רענצל און פּאַק אַרויס אַלץ, וואָס איך האָב געבראַכט: אַ גאַנצן האָלענדער קעז, וואָס קאַט האָט מיר צוגעשאַרט, צוויי זעלנער־ברויטן, דרײַ־פֿערטל פֿונט פּוטער, צוויי שאַכטלען לעבער־ווורשט, אַ פֿונט שמאַלץ און אַ זעקל רײַז.

"דאָס וועט אײַך געוויס צונוץ קומען—"

זיי זײַנען מסכּים. "באַ אײַך איז דאָ מסתּמא ניט יום־טובדיק מיטן עסן?", פֿרעג איך.

"ניין, מען קאָן ניט זאָגן, אַז מיר זאָלן דאָ האָבן צופֿיל. און איר האָט דאָרטן גענוג?"

איך ווײַז מיט אַ שמייכל אָן אַף די געבראַכטע זאַכן. "אַזוי פֿיל איז אַפֿילו ניט שטענדיק פֿאַראַן, אָבער פֿעלן פֿעלט אונז נישט."

135

ערנאַ טראָגט אַרויס די לעבנסמיטל. די מאַמע כאַפּט מיטאַמאָל אָן מײַן האַנט און טוט אַ פֿרעג זיך פֿאַרהעקערנדיק: "איז דאָרטן שטאַרק שלעכט געווען, פּויל?"

מאַמעשי, וואָס זאָל איך דיר אַף דעם ענטפֿערן: דו וועסט דאָך דאָס ניט באַגרײַפֿן. דו דאַרפֿסט דאָס אויך קיינמאָל ניט פֿאַרשטיין. דו פֿרעגסט, אויב ס'איז געווען שלעכט.– מאַטע.– איך שאָקל מיטן קאָפּ אַף ניין און זאָג: "ניין, מאַמעשי, ניט באַזונדערש. מיר זײַנען דאָך צוזאַמען מיט נאָך אַסך, דעמאָלט איז שוין ניט אַזוי שלעכט".

"דאָ ניט לאַנג איז באַ אונז געווען הײַנריך ברעדעמייער און ער האָט דערציילט, אַז איצט טוט זיך דאָרטן אָפּ חושך מיטן גאַז און מיט די אַנדערע גרוילן."

דאָס אַלץ זאָגט מײַן מאַמעשי. זי זאָגט: מיטן גאַז און מיט די אַנדערע גרוילן. זי ווייס ניט, וואָס זי זאָגט, זי האָט נאָר פּחד צוליב מיר. זאָל איך דערציילן, ווי מיר האָבן איינמאָל אױפֿגעטראָפֿן דרײַ אָקאָפּעס מיט מענטשן, וועלכע זײַנען אינגאַנצן פֿאַרשטיינערט געוואָרן אַזוי ווי זיי זײַנען געזעסן, פֿאַר די וואַלן, אין די בלינדאַזשן,—— אומעטום זײַנען געשטאַנען און געלעגן פֿאַרשטיקטע מענטשן מיט בלאָע פּנימער.

"מאַלע וואָס מען רעדט, מאַמע", ענטפֿער איך, "ער פּלאַפּלט נאָר גלאַט אַזוי זיך, אָט דער ברעדעמייער. דו זעסט דאָך, אַז איך בין געזונט און אָפּגעקאָרמעט——"

אין מײַן מאַמעס ציטערדיקן זאָרגן וועגן מיר, געפֿין איך ווײַטער מײַן רו. איצט קאָן איך שוין אַרומגיין און שמועסן, ניט פּחד האָבנדיק ווײַטער געצווונגען צו זײַן זיך אָנשפּאַרן אָן וואַנט צוליב דעם, ווײַל די וועלט וועט ווייך, ווי גומיע, און די אָדערן מירביק, ווי טרוקענע שמאַטעס אָפּן פֿײַער.

די מאַמע וויל אופֿשטיין. איך גיי דערווײַל אַרויס אין קיך צו דער שוועסטער. "וואָס פֿעלט איר?" פֿרעג איך.

זי קוועטשט מיט די פּלייצעס: "שוין אַ פּאָר חדשים, ווי זי ליגט, מיר האָבן דיר ניט געוואָלט שרײַבן וועגן דעם. עס זײַנען שוין געווען באַ איר מערערע דאָקטוירים. איינער זאָגט, אַז דאָס הויבט זיך ווײַטער אָן דער קרעפּס."

***

איך גיי צום באַצירק־קאָמאַנדיר, זיך מעלדן באַ אים. פּאַמעלעך וואַנדל איך דורך די גאַסן. פֿון צײַט צו צײַט האַלט מיך עמיץ אָן און רעדט זיך פֿאַנאַנדער. איך געזעגן זיך אָבער באַלד, ווײַל עס ווילט זיך מיר קיין סך ניט ריידן.

בעת איך גיי צוריק פֿון קאַזאַרמע, רופֿט מיך עמיץ און מיט אַ געשריי. איך דריי זיך אויס פֿאַרטראַכט און איך זע, ווי פֿאַר מיר שטייט אַ מאַיאָר. ער פֿאַלט אַף מיר אַרוף: "זײַט איר חולה צו באַגריסן?"

"אַנטשולדיקט, הער מאַיאָר", זאָג איך צעטומלט, "איך האָב אײַך ניט געזען".

ער ווערט נאָכמער אופֿגעבראַכט: "ריידן, ווי אַ מענטש, קאָנט איר אויך ניט?"

מיר ווילט זיך אים אָנפּאַטשן אַ פֿולע שנוקע, אָבער איך נעם זיך צוזאַמען, ווײַל אַניט – איז אויס מיט מײַן אורלויב; איך שטעל זיך שטראַם אַוועק און זאָג: "איך האָב דעם הער מאַיאָר ניט געזען."

"טאָ גייט מיט אָפֿענע אויגן!" קאָכט ער זיך. "ווי הייסט איר?"

איך זאָג.

זײַן רויט, גראָב פּנים איז נאָך אַלץ שטאַרק אופֿגערעקט.

"פֿון וועלכער אָפּטיילונג?"

איך רוף אָן מײַן פּאָלק. אָבער פֿאַר אים איז דאָס נאָך ניט גענוג. "ווּ געפֿינט איר זיך?"

איך ווער אויסער זיך: „אַף דער פֿײַער־ליניע, הער מאַיאָר!“

ער ווערט אַביסל פֿאַרפֿלעפֿט. „ווי קומט איר אַהער?“

איך דערקלער אים, אַז מיט אַ שעה צוריק בין איך געקומען אַף אורלויב אַהיים, און כ׳מיין, אַז דערמיט האָב איך אים שוין אָפּגעפּטרט. אָבער איך האָב אַ טעות. ער ווערט נאָך אופֿגערייצטער; „איז ווילט איר דאָ אויך אײַנפֿירן די שיינע מנהגים פֿון פֿראָנט, וואָס? דאָס וועט ניט גיין! דאָ איז נאָך פֿאַראַן אָרדענונג, דאַנק גאָט!“

ער באַפֿוילט: „צוואַנציק טריט הינטערווײַלעכס, מאַרש!“

אין מיר ברויזט אַ טעמפּער צאָרן. אָבער איך קאָן גאָרנישט טאָן קעגן אים, ווען ער וויל נאָר, לאָזט ער מיך תּיכּף אַרעסטירן. איך גיי אָפּ הינטערווײַלעכס די צוואַנציק טריט, לייג צו מײַן האַנט צום היטל, גיי שטראַם אַף אים און לאָז אַראָפּ די האַנט ערשט ווען איך בין שוין צוואַנציק טריט הינטער אים.

ער רופֿט מיך ווײַטער צו און איז מיר מיט גרויס לײַטזעליקייט מודיע [**moydíe**], אַז ער לאָזט דאָסמאָל אָפּ פֿון דער שטרייַנגקייט פֿון דין און איז מיר מיט גרויס חסד מוחל מײַן פֿאַרברעך. איך ווײַז אים, אַז איך בין זייער דאַנקבאַר. „איר קאָנט גיין,“ קאָמאַנדירט ער.

איך האַק די מיליטערישע באַגריסונג און כ׳לויף אינדערגיך אַוועק.

דער גאַנצער אָוונט גייט מיר שוין מער ניט אײַן. איך לויף געשווינד אַהיים, רײַס אַראָפּ פֿון זיך דעם מונדיר און טו אים אַ שלײַדער ווײַט אין ווינקל. איך נעם אַרויס מײַן ציווילן גאַרניטער און טו אים אָן.

איך בין שוין גאָר אָפּגעוווינט דערפֿון. דער גאַרניטער איז מיר קורץ און שמאָל, איך בין אויסגעוואַקסן. פֿון קאָלנער און פֿון שליפּס האָב איך גרויסע צרות, ביז מײַן שוועסטער בינדט מיר ענדלעך אויס דעם שלייף. ווי לײַכט אַזאַ מין קאָסטיום איז דאָס. מען פֿילט זיך, פּונקט ווי מען וואָלט זײַן אָנגעטאָן נאָר אין אונטערוועש.

איך גיי צו צום שפּיגל. פֿון דאָרטן קוקט אַף מיר מיט גרויס חידוש אַן אָפּגעברענט בר־מצוה־בחורל [**bar-mícve**], וואָס איז אַרויסגעוואַקסן פֿון זײַנע בגדים.

מײַן מאַמע פֿרייט זיך וואָס זי זעט מיך ווײַטער אין ציווילע בגדים. אין דעם בין איך איר עפּעס נעענטער. מײַן פֿאָטער אָבער וואָלט מער חשק געהאַט, איך זאָל טראָגן דעם מונדיר, און אַזוי וויל ער מיך אַרומפֿירן בײַ זײַנע באַקאַנטע. איך וויל דאָס אָבער ניט.

***

עס איז אַזוי ווויל ערגעץ שטיל צו זיצן, אַ שטייגער, אין שכנותדיקן קאַפֿע־גערטעלע. אונטער די קאַשטאַנען, באַם קעגלבאַן. אַפֿן טיש און אַף דער ערד פֿאַלן בלעטער, דערווײַל זייער ווייניק, בלויז די ערשטע. פֿאַר מיר שטייט אַ גלאָז ביר, אין מיליטער־דינסט האָט מען זיך שוין אויסגעלערנט טרינקען. דאָס גלאָז איז נאָר ביזן העלפֿט אויסגעטרונקען, אַזוי אַרום, האָב איך נאָך אַ פּאָר מחיהדיקע, קילע זופּן, און אַחוץ דעם, אויב איך וויל נאָר, קאָן איך מיר באַשטעלן אַ צווייטע און אַ דריטע. ניטאָ קיין אויסרוף און קיין קרייץ־פֿײַער, דעם באַלעבאָס קינדער שפּילן זיך אַפֿן קעגל־באַן, און דער הונט לייגט מיר זײַן שנוקע אַף די קניען. דער הימל איז בלאָ, פֿון צווישן דער קאַשטאַנען־סוכּה קוקט זיך דורך דער גרינער טורעם פֿון אַ קירך.

דאָס אַלץ איז גוט און איך האָב דאָס ליב. אָבער מיט די מענטשן קאָן איך בשום אופֿן ניט פֿאַרטיק ווערן. די איינציקע, וואָס שטעלט ניט קיין קשיות, איז די מאַמע. אָבער מיט דעם טאַטן איז שוין גאָר אַנדערש. ער וואָלט וועלן, איך זאָל עפּעס דערציילן פֿון פֿראָנט, ער האָט צו מיר סענטימענטאַלע און נאַרישע טענות, און איך האָב ניט צו אים די געהעריקע באַציִונג. ער וואָלט כּסדר געוואָלט הערן מעשׂות. איך פֿאַרשטיי, ער ווייס ניט, אַז אַזוינס לאָזט זיך ניט דערציילן, און איך וואָלט אים בלײַ־ספֿק וועלן טאָן די טובֿה; אָבער איך שטיי פֿאַר אַ גרויסער סכּנה, ווען איך זאָל זיך פּרוּוון דאָס איבערצוגעבן מיט ווערטער, איך האָב מורא, אַז זיי וועלן זיך מוראדיק פֿאַנאַנדערוואַקסן און זיך מער ניט לאָזן באַמעכטיקן. ווּ וואָלטן מיר דען געבליבן, ווען אַלץ, וואָס ס׳קומט דאָרט פֿאָר, וואָלט קלאָר און בולט אופֿגעשטאַנען פֿאַר אונזערע אויגן?

139

און איך באַגרענעץ זיך נאָר דערמיט, וואָס איך דערצייל אים עטלעכע לוסטיקע מעשׂות. ער פֿרעגט מיך אָבער, אויב איך האָב שוין דורכגעמאַכט אַ געפֿעכט פּנים־אל־פּנים. איך ענטפֿער אים, אַז נאָך ניט, און איך הייב זיך אוף, כּדי צו גיין אַביסל אין גאַס.

אָבער דאָס העלפֿט מיר אויך ניט. נאָכדעם, ווי כ׳האָב אין גאַס זיך עטלעכע מאָל איבערגעשראָקן, ווײַל דאָס גרילצן פֿון טראַמוואַי אַף די רעלסן האָט מיך דערמאָנט אָן פֿליענדיקע גראַנאַטן. קלאַפּט מיך עמיץ אָן אין פּלייצע. דאָס איז מײַן לערער פֿון דײַטש, וועלכער באַפֿאַלט מיך תּיכּף מיט די סקאַרבאָווע קשיות; ״נו, וואָס הערט זיך עפּעס אַפֿן פֿראָנט? שווידערלעך, ניט אמת? יאָ, ס׳איז טאַקע שרעקלעך, אָבער מיר מוזן דאָס אויסהאַלטן. איר האָט דאָרטן, לכל־הפּחות, גוטע קעסט, ווי איך האָב געהערט. איר זעט אויס זייער גוט, פּויל, זייער מונטער. דאָ איז, פֿאַרשטייט זיך, ערגער, און אַזוי מוז עס אויך זײַן: דאָס בעסטע דאַרף גיין פֿאַר אונזערע סאָלדאַטן!״

ער שלעפּט מיך אַרײַן אין אַ קאַפֿע, צו אַ טישל. איך באַקום דאָרטן אַ גרויסאַרטיקן קבלת־פּנים, אַ דירעקטאָר דערלאַנגט מיר די האַנט און זאָגט: ״איר קומט פֿון פֿראָנט, האַ? ווי איז דאָרטן דער גײַסט פֿון דער אַרמיי? אַ געהייבענער, אַ געהייבענער, ניט אמת?״

איך דערצייל, אַז יעדער רײַסט זיך צו קומען אַהיים.

ער שיסט אויס מיט אַ הילכיקן געלעכטער: ״יאָ, יאָ, דאָס גלויב איך אײַך! אָבער פֿריער מוזט איר גוט אָנרײַבן אַ מאָרדע דעם פֿראַנצויזל! איר רויכערט? אָט, רויכערט אָן. קעלנער, ברייגנט פֿאַר אונזער יונגן העלד אַ גלאָז ביר״.

צום באַדויערן האָב איך גענומען די ציגאַר, דעריבער מוז איך בלײַבן. אַלע ווערן זיי פּשוט צעשמאָלצן פֿון נחת, קעגן דעם איז נישט צו מאַכן. אָבער איך בין דאָך צערייצט און איך פּיפּקע, ווי גיך עס לאָזט זיך נאָר. כּדי כאָטש עפּעס צו טאָן, טרינק איך אויס דאָס גאַנצע גלאָז ביר מיט איין זופּ, תּיכּף באַשטעלט מען פֿאַר מיר נאָך אַ גלאָז; זיי ווייסן, די לײַט, ווי זיי מוזן זיך באַגיין מיט אַ סאָלדאַט. זיי אַמפּערן זיך וועגן דעם. וואָס מיר זאָלן אָפּנעמען באַ די שׂונאים. מער פֿון אַלעמען וויל דער דירעקטאָר מיטן אײַזערנעם זייגער־קייטל אַפֿן בויך: ער וויל גאַנץ בעלגיען, די פֿראַנצויזישע קוילן־געביטן און גרויסע חלקים פֿון רוסלאַנד. ער גיט אָן וויכטיקע סיבות, צוליב וואָס מיר דאַרפֿן דאָס אַלץ האָבן, און ער לאָזט זיך בשום־אופֿן ניט בויגן, ביז די אַנדערע גיבן אים סוף־כּל־סוף נאָך. דעמאָלט הויבט ער אָן אַרויסצוזאָגן זײַן מיינונג, ווו מען דאַרף דורכברעכן דעם פֿראַנצויזישן פֿראָנט, און אגבֿ ווענדט ער זיך אויך צו מיר מיט אַן עצה; ״מאַכט שוין אַמאָל אַ סוף צו אײַער אייביקן שטיין אַף איין אָרט. טוט זיך אַ ריר, וואַרפֿט אַרויס די חבֿרה פֿון זייערע פּאָזיציעס, דעמאָלט וועט קומען דער שלום.״

איך ענטפֿער, אַז לויט אונזער מיינונג איז איצט אַ פֿראָנט־דורכרײַס אוממעגלעך. זיי האָבן דאָרטן צו גרויסע רעזערוון. אַחוץ דעם, זעט די מלחמה בכלל ניט אַזוי אויס, ווי מען שטעלט זיך דאָס פֿאָר.

ער לאָזט זיך ניט נעמען און באַווײַזט, קוקנדיק אַף מיר פֿון אויבן אַראָפּ, אַז איך פֿאַרשטיי גאָרנישט אין די ענינים. ״דאָס איז נאָר די מיינונג פֿון יחידים״, זאָגט ער, ״אָבער דאָ רעדט זיך דאָך וועגן כּלל. איר קאָנט דאָס ניט אַזוי זען. איר זעט נאָר אײַער קליינעם סעקטאָר, און דעריבער האָט איר ניט קיין איבערבליק. איר טוט אײַער חובֿ, איר שטעלט אײַער לעבן אין קאָן, און דערפֿאַר קומט אײַך טאַקע אַ גרויסער יישר־כּח — יעדער פֿון אײַך איז ווערט צו באַקומען דאָס אײַזערנע צלם, – אָבער קודם־כּל מוז דורכגעריסן ווערן דעם שׂונאס פֿראָנט אין פֿלאַנדערן.״

ער פּרײַכט און ווישט זיך די באָרד. ״אַ תּל מוז פֿון דעם פֿראָנט געמאַכט ווערן. און נאָכדעם — מאַרש אַף פּאַריז.״

איך וואָלט וועלן וויסן, ווי ער שטעלט זיך דאָס פֿאָר, און כ׳גיס אין זיך אַרײַן אַ דריטע גלאָז ביר. ער הייסט תּיכּף ברייגנען אַ פֿערטע.

141

אָבער איך הייב זיך אוף, ער פּאַקט מיר אַרײַן אין קעשענע נאָך עטלעכע ציגאַרן, און מיט אַ פֿרײַנטלעכן פּאַטשן אין פּלייצע לאָזט ער מיך אָפּ. ״אַלדאָס גוטס! לאָמיר האָפֿן, אַז אינגיכן וועלן מיר באַקומען צו הערן פֿון אײַך עפּעס רעכטס.״

* * *

איך האָב זיך מײַן אורלויב אַנדערש פֿאָרגעשטעלט. פֿאַראַיאָרן איז ער טאַקע געווען אַנדערש. ווי עס שײַנט, האָב איך פֿאַר דער צײַט זיך איבערגעאַנדערשט. צווישן הײַנט און דעמאָלט ליגט אַ תּהום. דעמאָלט האָב איך נאָך ניט געקענט דעם קריג .מיר זײַנען געשטאַנען אין רויִקערע מקומות.

הײַנט מערק איך שוין, אַז איך ווייס נאָר אַליין ניט, אַף וויפֿיל איך בין צעברעקלטער געוואָרן. איך געפֿין דאָ שוין פֿאַר מיר מער קיין אָרט ניט, ס'איז אַ פֿרעמדע וועלט. אַנדערע פֿרעגן, אַנדערע פֿרעגן ניט, און מען זעט נאָך זייערע פּנימער, אַז זיי פֿרעגן ניט דערפֿאַר, ווײַל זיי זײַנען צו שטאָלץ. אָפּטמאָל זאָגן זיי דאָס אַפֿילו מיט אַ מינע פֿון מענטשן, וואָס פֿאַרשטייען אַלץ אַז וועגן דעם איז ניטאָ וואָס צו ריידן. זיי מאַכן דעם אָנשטעל.

בעסער פֿון אַלץ האָב איך האָלט צו זײַן אַליין, קיינער זאָל מיך ניט שטערן. ווײַל פֿון אַלע דיבורים קומט מען שטענדיק נאָר אַף אײנס: ווי שלעכט עס איז, און ווי גוט עס איז, איינער געפֿינט אײַן אַזוי, דער צווייטער אַנדערש, אָבער שטענדיק קומען זיי באַם שמועס תּיכּף צו די ענינים, וועלכע בילדן דעם אינטערעס פֿון זייער אייגענעם לעבן. פֿריער האָב איך דאָך, בלי־ספֿק, אויך אַזוי געלעבט, אָבער איצט בינדט מיך מער גאָרנישט דערמיט צונויף.

זיי ריידן צופֿיל. זיי האָבן אַ וועלט מיט דאגות, צילן, פֿאַרלאַנגען, און איך קאָן דאָס בשום אופֿן ניט באַטראַכטן מיט זייערע אויגן. אַנדערעמאָל זיץ איך מיט עמיצן פֿון זיי אין דעם קליינעם גערטנדל און פּרווו אים אויפֿצוקלערן, אַז אָט אַזוי שטיל צו זיצן, דאָס איז אייגנטלעך אַלץ, מער דאַרף מען שוין גאָרנישט, זיי פֿאַרשטייען דאָס טאַקע, זײַנען מסכּים מיט מיר, געפֿינען דאָס אויך אײַן, אָבער נאָר מיט ווערטער, נאָר מיט ווערטער – זיי נעמען דאָס אוף נאָר אַף אַ העלפֿט, זייער אמתער מהות [**mehús**] איז גאָר אין עפּעס אַנדערש פֿאַרטיפֿט, זיי זײַנען שוין אַזוי צעטיילט, קיינער נעמט דאָס ניט אוף מיט זײַן גאַנץ לעבן; איך גופֿא קאָן אויך ניט ריכטיק אַרויסזאָגן, וואָס איך מיין.

ווי איך זע זיי אַזוי, אין זייערע שטיבער, אין זייערע קאָנטאָרן, אין זייערע פּראָפֿעסיעס, ציט דאָס מיך אויך צו זייער שטאַרק, מיר ווילט זיך אויך זײַן אין דעם און פֿאַרגעסן אָן דער מלחמה; אָבער דאָס שטויסט מיך תּיכּף ווײַטער אָפּ, דאָס אַלץ איז אַזוי שמאָל, ווי קאָן דען דאָס אויספֿילן אַ לעבן, ווי קאָן דען דאָס אַלץ אַזוי זײַן אין דער צײַט, וואָס אַפּֿן פֿראָנט זשומען די שראַפּנעלן איבער די טרעכטערס, און די ראַקעטעס טאַנצן אונטערן הימל, ווו מען שלעפּט די פֿאַרוווּנדיקטע אַף טראָגבעטלעך, און ווו מײַנע חבֿרים ליגן אין די אָקאָפּעס! — דאָ זײַנען גאָר אַנדערע מענטשן, מענטשן, וואָס איך פֿאַרשטיי זי גאָרנים ריכטיק, וואָס איך בין זיי מקנא און איך פֿאַראַכט זיי. איך טראַכט כּסדר וועגן קאַט און אַלבערט, און מילער, און טיאַדען, ווער ווייס, וואָס זיי טוען איצט? אפֿשר זיצן זיי אין דעם זעלנער־קרעמל, אָדער זיי שווימען — באַלד מוזן זיי דאָך שוין גיין צוריק אין פֿײַער.

***

אין מײַן צימער, לעבן וואַנט, שטייט אַ ברוינער לעדערנער דיוואַן, איך זעץ מיך אַף אים.

פֿון די ווענט קוקן אַראָפּ פֿאַרשיידענע בילדלעך, וואָס איך האָב פֿריער אויסגעשניטן פֿון זשורנאַלן. צווישן זיי פּאָסט־קאָרטלעך און צייכענונגען, וואָס זײַנען מיר געפֿעלן געוואָרן. אין ווינקל שטייט אַ קליינער אײַזערנער אויוועלע. באַ דער קעגנאיבערדיקער וואַנט שטייט אַן עטאַזשערקע מיט מײַנע ביכער.

143

אין דעם צימער חאָב איך געלעבט, איידער איך בין געוואָרן אַ סאָלדאַט. די ביכער האָב איך זיך ביסלעכווײַז אײַנגעקויפֿט פֿאַר דעם געלט, וואָס איך האָב זיך אָנפֿאַרדינט מיט געבן שעהן. אַפֿולע ביכער האָב איך געקויפֿט געניצטע, אַלע קלאַסיקער, אַ שטייגער, יעדער באַנד האָט געקאָסט אַ מאַרק מיט צוואַנציק פֿעניג, און איז געבונדן אין אַ שטײַפֿן בלאָען לײַנענעם אײַנבאַנד. איך האָב געקויפֿט נאָר פֿולשטענדיקע אויסגאַבעס, ווײַל איך בין געווען גרינטלעך, באַ געקליבענע ווערק האָב איך ניט געגלויבט די אַרויסגעבער, אַז זיי זאָלן טאַקע האָבן אויסגעקליבן דאָס בעסטע פֿון דעם מחבר. דעריבער האָב איך געקויפֿט נאָר "אַלע כּתבֿים." געלייענט האָב איך זיי מיט ערלעכער התמדה [**hasmóde**], אָבער צום גרעסטן טייל האָבן זיי באַ מיר ניט באַזונדערש נושׂא־חן געווען. אַפֿולע מער האָב איך געהאַלטן פֿון די אַנדערע ביכער, די מאָדערנערע, וועלכע האָבן אָבער אויך אַסך טײַערער געקאָסט. צו עטלעכע פֿון זיי בין איך אַפֿילו געקומען אַף אַ ניט ערלעכן אופֿן, איך האָב זיי געבאָרגט באַ עמיצן און צוריק ניט אָפּגעגעבן, ווײַל איך האָב זיך מיט זיי ניט געקאָנט שיידן.

איין פֿאָליצע איז פֿאַרנומען מיט לערן־ביכער. זיי זײַנען ווייניק געשאַנעוועט און שטאַרק אָפּגענוצט, גאַנצע זײַטן פֿעלן, מען ווייס, פֿאַרוואָס זיי זײַנען אַרויסגעריסן. און אונטן ליגן אָנגעפּאַקט העפֿטן, פּאַפּירן, בריוו, צייכענונגען.

איך וויל זיך אַרײַנלעבן אין יענע צײַטן. זיי עטעמען נאָך אין דעם צימער, איך דערפֿיל דאָס תּיכּף, זיי זײַנען אײַנגעזאַפּט אין די ווענט. מײַנע הענט ליגן אַפֿן אָנשפּאַר פֿון דיוואַן; איך מאַך זיך באַקוועם און צי אויך אַרוף אינדערהויך די פֿיס, אָט אַזוי זיץ איך זיך געמיטלעך אין ווינקעלע, אין די אָרעמס פֿון דעם ברייטן דיוואַן. דאָס קליינע פֿענסטערל איז אָפֿן, דורך אים זע איך דאָס באַקאַנטע בילד פֿון דער גאַס מיטן קירך־טורעם פֿון ווײַטן. אַפֿן טיש שטייען אַ פּאָר בלומען. פֿען־האַלטערס, בלײַ־פֿענעס, אַ ים־שקעטעלע אַרופֿצולייגן אַף די פּאַפּירן, דער טינטער — אַלץ, ווי געווען.

144

אַזוי וועט עס אויך זײַן, ווען דאָס מזל וועט מיר צושפּילן, ווען דער קריג וועט זיך פֿאַרענדיקן און איך וועל קומען צוריק אַף אַלעמאָל. איך וועל אויך פּונקט אַזוי זיצן און באַקוקן מײַן צימער און וואַרטן אַף עפּעס.

איך בין אופֿגערעקט; אָבער דאָס איז קעגן מײַן ווילן, איך טאָר דאָס ניט. איך וויל ווײַטער אַריבערלעבן יענעם שטילן פֿאַרכאַפּט־זײַן, יענעם העפֿטיקן דראַנג, פֿאַר וועלכן ס'איז נאָר קיין נאָמען ניטאָ, וואָס איך האָב אַריבערגעלעבט פֿריער, בעת איך פֿלעג צוגיין צו מײַנע ביכער. דער פֿלאַטער פֿון די ווונטשן, וועלכער איז שטענדיק אופֿגעקומען פֿון די בונטע ביכער־רוקנס, זאָל מיך ווידער אײַנטוליען, ער זאָל צעשמעלצן דאָס שווערע טויטע שטיק בלײַ, וואָס ליגט אין מיר, און זאָל מיר ווײַטער ברײנגען דאָס אומגעדולדיקע וואַרטן אַף דער צוקונפֿט, זאָל אין מיר פֿונדאָסנײַ וועקן די שׂמחה וואָס די געדאַנקען־וועלט רופֿט אַרויסן — ער זאָל מיר צוריק אומקערן דאָס פֿאַרלאָרענע שטענדיק־גרייט־זײַן פֿון מײַן יוגנט.

איך זיץ און וואַרט.

איך דערמאָן זיך, אַז איך מוז צוגיין צו קעמעריכס מאַמען; מיטעלשטעטן וואָלט איך אויך געדאַרפֿט באַזוכן, ער איז געוויס אין קאַזאַרמע. איך קוק אַרויס פֿון פֿענסטער: — הינטער דאָס זון־באַשטראַלטע בילד פֿון דער גאַס שווימט אוף אין לײַכטן פֿאַרטושטן נעפּל אַ קייט פֿון בערגלעך, פֿאַרוואַנדלט זיך אין אַ ליכטיקן האַרבסטיקן טאָג, און איך זיץ צוזאַמען מיט קאַט און מיט אַלבערט באַם פֿײַער און מיר עסן געבראָטענע קאַרטאָפֿל.

איך וויל אָבער וועגן דעם ניט טראַכטן, איך טרײַב אָפּ דאָס בילד פֿון זיך. איך וויל, דאָס צימער זאָל ריידן, עס זאָל מיך אַרײַנכאַפּן און טראָגן, איך וויל הערן און שפּירן, אַז איך באַלאַנג אַהער, כּדי ווען איך קום ווײַטער אַפֿן פֿראָנט, זאָל איך וויסן: באַלד, ווי נאָר די כוואַליע פֿון אומקערן זיך אַהיים וועט אָנקומען, וועט דער קריג אונטערגיין און אַוועק אַף אייביק, ער וועט אונז ניט צעפֿרעסן, ער האָט איבער אונז געהאַט נאָר אַן אויסערלעכע שליטה, אָבער ניט מער!

די ביכער־רוקנס שטימען איינער לעבן אַנדערן. איך קען זיי נאָך גוט, איך געדיינק, ווי איך האָב זיי אויסגעשטעלט. איך בעט זיך באַ זיי מיט די אויגן: רעדט דאָך צו מיר, — נעמט מיך אוף — נעם מיך אוף, דו פֿריערדיק לעבן, — דו זאָרגלאָז, שיין לעבן — נעם מיך אוף פֿונדאָסנײַ". –

איך וואַרט, איך וואַרט.

בילדער גייען פֿאַרבײַ, זיי ציען זיך גאָר לײַכט פֿאַרבײַ, דאָס זײַנען נאָר שאָטנס און זכרונות.

מער נישט.

מײַן אומרויִקייט וואַקסט.

אין מיר קומט פּלוצלונג אוף אַ מוראדיק געפֿיל פֿון אָפּגעפֿרעמדקייט. איך קאָן ניט געפֿינען צוריק דעם וועג, איך בין אויסגעשלאָסן, וויפֿיל איך בעט אויך ניט און שטריינג זיך ניט אָן, באַוועגט זיך קיין זאַך ניט, איך זיץ דאָ אומעטיק און אָפּגעלאָזן, ווי אַ פֿאַרמשפּטער, און דער עבֿר קערט זיך פֿון מיר אָפּ. איך שפּיר אויך אַ שטיקל פּחד, אים צו שטאַרק צו באַשווערן, ווײַל איך ווייס ניט, וואָס עס קאָן דערפֿון אַרויסקומען. איך בין דאָך אַ זעלנער, און איך טאָר דאָס ניט פֿאַרגעסן.

איך הייב זיך אוף אַ מידער און קוק אַרויס פֿון פֿענסטער. נאָכדעם נעם איך אַרויס אַ בוך און בלעטער אין אים. אָבער איך שטעל דאָס באַלד אַוועק און נעם אָן אַנדערן. דאָרט זײַנען פֿאַראַן אונטערשטרייכלטע ערטער. איך נישטער, בלעטער, נעם נײַע ביכער. לעבן מיר ליגט שוין אַ גאַנצער פּאַק. געשווינד קומען נאָך צו — בלעטער, העפֿטן, בריוו.

אַנטשטומט שטיי איך פֿאַר דעם, ווי פֿאַר אַ בית־דין.

אָן מוט.

ווערטער, ווערטער, ווערטער — זי דערגייען נישט צו מיר.
146
פֿאַמעלעך שטעל איך די ביכער צוריק אַוועק אַף זייערע ערטער.
ס׳איז פֿאַרבײַ.
שטילערהייט גיי איך אַרויס פֿון צימער.
***
אָבער איך גיב זיך נאָך ניט אונטער. אין מײַן צימער גיי איך שוין אַפֿילו מער ניט אַרײַן, אָבער איך טרייסט זיך דערמיט, אַז עטלעכע טעג קאָנען נאָך קיין סוף ניט באַטײַטן. איך האָב נאָך — שפּעטער — גאַנצע יאָרן אַף אומצוקערן דעם עבֿר. לעת־עתּה גיי איך אין קאַזאַרמע צו מיטעלשטעטן, און מיר זיצן דאָרטן. די קאַזאַרמע־לופֿט האָב איך ניט ליב, אָבער איך בין שוין צוגעוווינט צו איר.
מיטעלשטעטע האָט פֿאַר מיר אַ נײַס, וואָס עלעקטריזירט מיך תּיכּף. ער דערציילט מיר, אַז קאַנטאָרעק איז צוגענומען געוואָרן אין מיליטער, ווי אַ לאַנדשטורמיסט, ״שטעל זיך פֿאָר,״ זאָגט ער, און נעמט אַרויס אַ פּאָר גוטע ציגאַרן, ״איך קום פֿון לאַזאַרעט אַהער און איך טרעף אים דאָ. ער ציט מיר אויס אַנטקעגן זײַן לאַפּע און קוואַקעט, ווי אַ פֿראָש: ״זע נאָר, מיטעלשטעטע, ווי גייט עס?״ — איך קוק אים שטרייַנג אָן און ענטפֿער: ״לאַנדשטורמיסט קאַנטאָרעק, דינסט איז דינסט און שנאַפּס איז שנאַפּס, דעם כּלל דאַרפֿט איר בעסער פֿון עמיצן אַנדערן וויסן. — שטעלט זיך אַוועק שטראַם, בעת איר רעדט מיט אַן עלטערן,״ – דו האָסט געדאַרפֿט זען זײַן פּנים: אַ ריכטיקע זויערע אוגערקע. ער האָט נאָכאַמאָל אויך געמאַכט אַ פּרווו זיך מיט מיר צו חבֿרן. דעמאָלט האָב איך אים נאָך אַ שאַרפֿערע גאָב דערלאַנגט. צום סוף איז ער אַרויס מיט זײַן גרעסטן טרומף און האָט מיר געפֿרעגט: ״האַלט איר שוין אפֿשר באַם אָפּגעבן אײַער נויטווענדיקייט־עקזאַמען?״ ער האָט מיך געוואָלט, פֿאַרשטייסטו, דערמאָנען. דאָ האָט אין מיר אויסגעבראָכן דער צאָרן און איך האָב אים אויך דערמאָנט. ״לאַנדשטורמיסט קאַנטאָרעק, פֿאַר צוויי יאָר אין דער צײַט האָט איר אונז אַזוי פֿאַרדרשנט, אַז מיר זײַנען פֿרײַוויליק אַוועק אַף מלחמה; צווישן אונז איז אויך געווען יאָזעף בעם, וועלכער האָט שטאַרק ניט געוואָלט גיין. ער איז געפֿאַלן מיט דרײַ חדשים פֿריער, ווי ער האָט אייגנטלעך געדאַרפֿט אַוועק אין מיליטער. ווען ניט איר, וואָלט ער נאָך אפֿשר געלעבט. און איצט: מעגט איר גיין. מיר וועלן זיך נאָך זאָל איך ווערן דער לייטענאַנט פֿון דער ראָטע, ווו ער דינט, און דאָס ערשטע, וואָס כ׳האָב געטאָן, איז געווען אים צו פֿאַרזאָרגן מיט גרויסאַרטיקע בגדים. דו וועסט אים באַלד זען.״
מיר גייען אַרויס אין הויף. די ראָטע איז שוין אויסגעשטעלט. מיטעלשטעטע באַפֿעלט פֿאַרבײַמאַרשירן און באַקוקט יעטווידן.
מיטאַמאָל דערזע איך קאַנטאָרעקן און קוים־קוים, וואָס כ׳האַלט זיך אײַן פֿון לאַכן. ער איז אָנגעטאָן אין אַ מין שוואַלבן־ראָק פֿון אָפּגעבליאָקעוועטן בלאָען שטאָף. אין דעם רוקן און אין די אַרבל זײַנען אַרײַנגענייט גרויסע טונקעלע לאַטעס. דעם ראָק האָט פֿריער געוויס געמוזט טראָגן אַ ריז. אָבער ווי גרויס דער אויבער־בגד איז, אַזוי קורץ זײַנען די אָפּגעריבענע שוואַרצע הײַזלעך; זיי דערגרייכן אים נאָר ביז צו דער העלפֿט ליטקע. אָבער די שיך זײַנע זײַנען מאָוימדיק גרויס, פֿאַרהאַרטעוועט, שוין פֿון מלך סאָבעצקיס יאָרן, מיט הויך־אַרויסגעבויגענע שפּיצן, צו פֿאַרשנירן פֿון דער זײַט. און דאָס היטעלע ווידער זײַנס איז קליין, איז עפּעס באַטערכעט און נעבעכדיק. דער גאַנצער אײַנדרוק איז מאָדנע־רחמנותדיק.
מיטעלשטעטע שטעלט זיך פֿאַר אים אָפּ: ״לאַנדשטורמיסט קאַנטאָרעק, אָט אַזוי פּוצט מען דאָס אויס קנעפּ? ווי עס שײַנט, וועט איר די דאָזיקע תּורה קיינמאָל ניט באַנעמען. ניט גוט, קאַנטאָרעק, ניט גוט״—
אין זיך ברום איך פֿון הנאה. פּונקט מיט די ווערטער און מיט דעם טאָן פֿלעגט קאַנטאָרעק אויסריידן מיטעלשטעטן אין שול: ״ניט גוט, מיטעלשטעט, ניט גוט״—
148
מיטעלשטעטע טאַדלט ווײַטער: ״קוקט זיך צו צו בעטכערן, אָט פֿון אים קאָנט איר זיך באמת אַראָפּנעמען אַ משל, פֿון אים קאָנט איר זיך עפּעס אָפּלערנען.״
איך גלויב מײַנע אויגן ניט. בעטכער איז אויך דאָ, בעטכער, אונזער שול־שווייצאַר. און ער איז דאָס דער משל! קאַנטאָרעק וואַרפֿט מיר צו אַ בליק, ווי ער וואָלט מיך געוואָלט אופֿעסן. איך קוק אים אָבער אָן מיט אומשולדיקן שפּאָט, אַזוי ווי איך וואָלט אים גאָרניט געקענט.

ווי אידיאָטיש ער זעט אויס, אין זײַן היטעלע און אין זײַן מונדיר! און פֿאַר אַזאַ מין נפֿש האָבן מיר דאָס פֿריער געציטערט, ווי בלעטער, ווען ער האָט זיך געשטעלט באַם קאַטעדער און האָט געטײַטלט מיטן בלײַ־פֿען בעתן אײַנהזרן די ניט־רעגלמעסיקע פֿראַנצויזישע צײַט־ווערטער, וועלכע האָבן אונז נאָכדעם אין פֿראַנקרײַך סײַ ווי ניט גענוצט, וואָס אַ האָר ווערט איז. דאָס איז דאָך געווען ערשט מיט צוויי יאָר צוריק,

— — און איצט שטייט דאָ דער לאַנדשטורמיסט קאַנטאָרעק, מיטאַמאָל איז פֿון אים אַראָפּ דער גאַנצער גלאַנץ און כּישוף, מיט קרומע קניען און אָרעמס, ווי הענטלעך פֿון אַ טעפּל, מיט ניט־אויסגעפּוצטע קנעפּ און אין אַן אומבאַהאָלפֿענער האַלטונג, ניט קיין זעלנער — נאָר אַ פּנים פֿון הוזק. איך קאָן אים בשום אופֿן מער ניט צונויפֿבינדן מיט דאָס שטרייַנגע בילד באַם קאַטעדער, און איך וואָלט טאַקע באמת וועלן וויסן, ווי איך וואָלט זיך באַנעמען, ווען דער לעקיש וואָלט מיך, דעם אַלטן זעלנער, ווײַטער אַמאָל אויסרופֿן און זאָגן: ״באָימער, ווי ווערט זײַן די פֿאָרמע **Imparfait** פֿונם צײַט־וואָרט **aller**.

מיטעלשטעט נעמט זיך אײַנלערנען מיט זײַנע זעלנער פֿעכטן. אין זײַן גוטסקייט באַשטימט ער קאַנטאָרעקן פֿאַרן אָנפֿירער פֿון אַ גרופּע.

דאָס ווערט געטאָן מיט אַ געוויסער כּוונה. באַם פֿעכטן מוז דער אָנפֿירער שטענדיק שטיין אַף אַ מהלך פֿון צוואַנציק טריט פֿון זײַן גרופּע: ווען מען גיט אָפּ דאָס באַפֿעל: זיך אומקערן! דרייט זיך די גאַנצע ליניע זעלנער נאָר אום, אָבער דער אָנפֿירער וועלכער געפֿינט זיך שוין איצט מיט צוואַנציק טריט הינטער זײַן גרופּע, מוז דעריבער לויפֿן אין איין אָטעם, כּדי ווײַטער צו פֿאַרנעמען זײַן אָרט צוואַנציק טריט פֿאַר זײַן גרופּע. סך־הכּל הייסט עס, מוז ער בעתן באַפֿעל דורכלויפֿן פֿערציק טריט. אָבער קוים איז ער אָפּגעלאָפֿן די פֿערציק טריט, ווערט תּיכּף פֿונדאָסנײַ אָפּגעגעבן דאָס באַפֿעל ״זיך אומקערן!״ און איידער ער האָט זיך נאָך באַוויזן אָפּצועטעמען פֿון די ערשט־דורכגעלאָפֿענע פֿערציק טריט, מוז ער זיך שוין ווײַטער אַ לאָז טאָן צוריק. און אַזוי אַרום דרייט זיך די גאַנצע גרופּע געלאַסן אַהין און צוריק, שטענדיק אַף איין אָרט, און איר פֿירער מוז די גאַנצע צײַט שמאַיען אַהין און צוריק, ווי אַ פֿאַרסמטע מויז. דאָס איז איינער פֿון הימעלשטאָסעס אויסגעפּרוּווטע קונצן.

קאַנטאָרעק קאָן אייגנטלעך, גאָרניט וואַרטן אַף קיין אַנדער באַציִונג צו זיך מצד מיטעלשטעט, ווײַל אין שול האָט ער אים ניט איין מאָל געפּײַניקט און ניט אַריבערגעהויבן אין דעם העכערן קלאַס. מיטעלשטעט וואָלט געווען אַ גרויסער שוטה, ווען ער וואָלט פֿאַרן אַוועקגיין אַפֿן פֿראָנט, ניט אויסגענוצט די געלעגנהייט זיך נוקם צו זײַן. עס גייט זיך פּשוט גרינגער אַוועק פֿון דער וועלט, נאָך דעם, ווי מען האָט זיך פֿאַרשאַפֿט אָט אַזאַ מין נחת־רוח.

דערווײַל לויפֿט קאַנטאָרעק אַרום אַהין און צוריק, אַזוי ווי אַ צעשראָקענער און געהעצטער האָז. נאָך אַ היפּשער ווײַלע הייסט מיטעלשטעט אופֿהערן, און איצט הויבט זיך אָן דער באַזונדערש וויכטיקער לימוד פֿון פֿויזשן, און האַרט לעבן אונדז קריכט אין זאַמד פֿאַרבײַ קאַנטאָרעקס פּרעכטיקע געשטאַלט אַף די קניען און עלנבויגנס, שלעפּנדיק מיט זיך זײַן ביקס. ער סאָפּעט שטאַרק, און זײַן סאָפּן קלינגט, ווי מוזיק.

מיטעלשטעט גיט אים אונטער היץ, און קאָרמעט אָן אופֿהער דעם זעלנער קאַנטאָרעק מיט די פֿראַזעס פֿון דעם לערער קאַנטאָרעק: ״לאַנדשטורמיסט קאַנטאָרעק,״ זאָגט ער צום פֿויזשענדיקן זעלנער, ״אַף אונזער גורל איז אויסגעפֿאַלן דאָס גליק, צו לעבן אין אַ גרויסער צײַט, דעריבער מוזן מיר זיך אַלע אונטערגאָרטלען און אַריבערלעבן אַפֿילו דאָס ביטערסטע.״

קאַנטאָרעק שפּײַט אַרויס אַ שטיק האָלץ, וואָס איז אים אַרײַן אין מויל בעתן פֿויזשען, און ער שוויצט, ווי אַ ביבער.

מיטעלשטעט בויגט זיך צו צו אים, און טענהט ווײַטער אײַנדרינגלעך: ״און צוליב קלייניקייטן טאָר מען קיינמאָל ניט פֿאַרגעסן די גרויסע געשעענישן, לאַנדשטורמיסט קאַנטאָרעק!״

מיך נעמט פּשוט אַ חידוש, אַז קאַנטאָרעק טראָגט דאָס אַלץ אַריבער, באַזונדערש אין דער טורן־שעה, וואָס קומט איצט, בעת מיטעלשטעט מאַכט מיט אַלע פּיטשעווקעס נאָך דעם אַמאָליקן קאַנטאָרעק, ער כאַפּט אים פֿאַרן הינטן, דרייט אים איבערן קוווער־שטאַנג, מאַטערט אים, און דערצו שיט ער נאָך אָן אופֿהער מיט מוסר און מיט לעבנס־חכמות, פּונקט דאָסזעלביקע האָט קאַנטאָרעק אין פֿריערדיקע צײַטן געטאָן מיט אים.

נאָך דעם אַלעמען ווערן פֿאַרטיילט די ווײַטערדיקע אַרבעטן.

״קאַנטאָרעק און בעטכער זאָלן גיין אָפּנעמען דאָס ברויט! נעמט מיט דאָס האַנט־וועגעלע!

אין אַ מינוט אַרום גייט שוין דאָס פּאָרל אַרויס מיטן האַנט־װעגל. קאַנטאָרעק האַלט טיף אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ אין גרויס צאָרן. דער שווייצאַר איז מלא־שׂמחה, וואָס ער האָט באַקומען אַ לײַכטע אַרבעט.

די ברויט־פֿאַבריק געפֿינט זיך אין אַנדער עק שטאָט, אַף אַזאַ אופֿן מוזן זיי ביידע דורכפֿאָרן אַהין און צוריק, דורך גאַנץ שטאָט.

"שוין עטלעכע טעג ,ווי איך שיק זיי אַהין," הוזקט מיטעלשטעט. "עס זײַנען שוין אַפֿילו פֿאַראַן מענטשן, וואָס וואַרטן יעדן טאָג אַף דעם, כּדי זיי ביידן זען צוזאַמען."

"ס'איז גרויסאַרטיק," זאָג איך, "האָט ער זיך דען אָבער נאָך ניט באַקלאָגט?"

151

"יאָ, ער האָט געפּרוּווט! וועןן אונזער קאָמאַנדיר האָט געהערט די גאַנצע מעשׂה, האָט ער זיך געהאַלטן פֿאַרן בויך לאַכנדיק. ער האָט פֿײַנט מלמדים. אַחוץ דעם, דריי איך זיך נאָך אַרום זײַן טאָכטער."

"ער וועט דיר אָנטאָן צרות מיטן עקזאַמען."

"לאַך זיך אויס," ענטפֿערט מיטעלשטעט געלאַסן. "זײַן באַקלאָגן זיך האָט קיין ווירקונג ניט געהאַט אויך צוליב דעם, ווײַל איך האָב באַוויזן, אַז איך האָב אים געגעבן אַלץ לײַכטע מלאכות."

"קאַנסטו אים ניט ווי געהעריק נעמען אַפּן צימבל און אים מאַכן פֿאַר אַ מענטשן?" פֿרעג איך.

"צו דעם איז ער מיר אַ צו גרויסער לעקיש", ענטפֿערט מיטעלשטעט מיט אַ מין ברייטקייט און ביטול.

***

וואָס איז אַזוינס אורלויב? — דאָס איז מער ניט, ווי אַ ווײַלע ליידיקגיין, וואָס נאָך דעם, ווערט נאָך שווערער. שוין איצט מישט זיך אין מײַנע טעג אַרײַן דער אָפּשייד. מײַן מאַמעשי קוקט מיך שווײַגנדיק אָן; — איך ווייס, אַז זי ציילט די טעג; – יעדן פֿרימאָרגן איז זי אומעטיק. ווײַטער שוין מיט אַ טאָג ווייניקער. זי האָט באַהאַלטן מײַן זעלבנער־רענצל, זי וויל ניט, ער זאָל איר ברייגנגען אַף רעיונות.

ווען מען פֿאַרטיפֿט זיך אין געדאַנקען, לויפֿט די צײַט גיך. איך וויקל מיך אַרויס פֿון די מחשבות, און גיי מיט מײַן שוועסטער. זי גייט אין שלאַכט־הויז, כּדי דאָרטן צו באַקומען אַ פּאָר פֿונט ביינער. דאָס איז אַ גרויסע טובֿה, און פֿון באַגינען שטייען שוין דאָרטן מענטשן און מען וואַרט. עס טרעפֿט, אַז מען פֿאַלט אין חלשות, וואַרטנדיק.

מיר האָבן ניט קיין מזל. נאָכדעם, ווי מיר זײַנען דרײַ שעה אומזיסט געשטאַנען, דערוויסן מיר זיך, אַז קיין ביינער זײַנען מער ניט פֿאַראַן.

152

נאָך גוט, וואָס איך באַקום מײַן פּאָרציע שפּײַז. איך טראָג עס אָפּ מײַן מאַמען, און מיר האָבן אַלע עפּעס אין מויל צו נעמען.

אַלץ שווערער ווערן די טעג, מײַן מאַמעס אויגן ווערן אַלץ אומעטיקער. נאָך פֿיר טעג זײַנען געבליבן. איך מוז אַרײַנגיין צו קעמעריכס מאַמען.

***

מען קאָן דאָס גאָר ניט באַשרײַבן. די יאָמערנדקע פֿרוי, וואָס טרייסלט מיך און שרײַט: "און פֿאַרוואָס ביסטו גאַנץ, אַז ער איז טויט!", וועלכע גיסט איבער מיך טרערן און טענהט: "און פֿאַרוואָס זײַט איר בכלל דאָ, אַזעלכע קינדער, ווי איר—", וועלכע זינקט אין אַ שטול און וויינט: "האָסטו אים געזען? האָסטו אים נאָך געזען? ווי איז ער געשטאָרבן?"

איך זאָג איר, אַז מען האָט אים אַרײַנגעשאָסן אין האַרצן און ער איז תּיכּף געשטאָרבן.זי קוקט מיך אָן, גלויבט ניט: "דו לײַגסט. איך ווייס דאָס בעסער. איך האָב געפֿילט, מיט וואָס פֿאַר אַ יסורים ער איז געשטאָרבן. איך האָב געהערט זײַן שטים, זײַן טויט־שרעק האָב איך געשפּירט אין די נעכט,— זאָג דעם אמת, איך וויל דאָס וויסן. איך מוז דאָס וויסן."

"ניין", זאָג איך, "איך בין געווען דערבײַ בײַ אים. ער איז תּיכּף אַפּן אָרט געשטאָרבן."

איר שטים איז הוילע תּחנונים [**taxnúnim**], זי בעט זיך שטיל: "זאָג מיר אויס. דו מוזט. איך ווייס, אַז דו ווילסט מיך דערמיט טרייסטן, אָבער זעסטו דען ניט, אַז דו פּײַניקסט מיך מיט דעם ליגן נאָך מער, ווי מיטן אמת? איך קאָן ניט אַריבערטראָגן די אומבאַשטימטקייט, זאָג מיר, ווי עס איז פֿאָרגעקומען, זאָג מיר אַלץ, אַפֿילו דאָס גרויליקסטע. דאָס וועט אַלץ בעסער זײַן ווי דאָס, וואָס איך מוז זיך פֿאָרשטעלן אין די געדאַנקען."

איך וועל דאָס ניט זאָגן, זי מעג מיר אַפּילו האַקן אין קאָפּ. איך האָב אַף איר רחמנות, אָבער זי קומט מיר אויך פֿאַר אַ היפּש ביסל נאַריש. קעמעריך איז דאָך שוין טויט, אַזוי, אָדער אַזוי, — הײַנט צוּוואָס דאַרף זי דאָס נים אַנדערש וויסן? ווען מען האָט געזען אַזוי פֿיל טויטע, ווי איך, קאָן מען שוין גאָרניט באַנעמען אַזוי פֿיל צער און טרערן נאָך איין טויטן. איך זאָג אַביסל אומגעדולדיק: "ער איז תּיכּף אָפּגעשטאָרבן. ער האָט דאָס אַפּילו ניט געפֿילט. זײַן פּנים איז געבליבן גאָר רויִק און געלאַסן."

זי שווײַגט. נאָכדעם פֿרעגט זי פּאַמעלעך: "קאָנסטו מיר שווערן, אַז ס'איז טאַקע געווען אַזוי?"

"יאָ."

"באַ אַלץ, וואָס ס'איז דיר הייליק?"

נו יאָ, וואָס איך האָב שוין פֿאַר הייליקייטן! – זיי בײַטן זיך באַ אונדז זייער גיך.

"יאָ. ער איז תּיכּף געשטאָרבן."

"וועסט מיר שווערן באַ דײַן צוריקקומען פֿון פֿראָנט, אַז דו האָסט מיר געזאָגט דעם אמת?"

"גוט, איך זאָל ניט צוריקקומען פֿון פֿראָנט, אויב ער איז תּיכּף אַף אָן אָרט ניט געשטאָרבן."

איך וואָלט מי־יודע־וואָס [mi-yedeye] אַף זיך גענומען. אָבער, ווי עס שײַנט, גלויבט זי מיר שוין איצט. זי קרעכצעט און וויינט. איך זאָל איר דערציילן, ווי ס'איז צוגעגאַנגען, און איך טראַכט אויס אַ באָבע־מעשׂה, אין וועלכער איך אַליין הויב שוין אויך כּמעט אָן צו גלויבן.

פֿאַרן גיין, גיט זי מיר אַ קוש און שיינקט מיר זײַן בילד.

אַף דעם בילד שטייט ער אין זעלנער־מונדיר. אָנגעשפּאַרט אָן אַ טיש פֿון ניט־אָפּגעשיילטע בעריאָזע־צווײַגן. הינטער אים איז אַ געמאָלענע דעקאָראַציע, וואָס שטעלט פֿאָר אַ וואַלד. אַפֿן טיש שמייט אַ ביר־קובל.

***

דער לעצטער אָוונט אינדערהיים. אַלע שווײַגן. איך לייג זיך פֿרי אין בעט, איך כאַפּ אַרײַן די קישנס, דריק זיי פֿעסט צו זיך צו, און גראָב אײַן אין זיי מײַן קאָפּ. ווער ווייס, אויב איך וועל נאָכאַמאָל ווען ניט־איז ליגן אין פֿעדער־בעט!

שפּעטער קומט אין מײַן צימער אַרײַן מײַן מאַמע. זי מיינט, אַז איך שלאָף, — און איך מאַך זיך טאַקע שלאָפֿנדיק, עס איז שווער צו ריידן, אוף צו זײַן.

זי זיצט כּמעט ביז פֿאַרטאָג, ניט געקוקט, וואָס זי האָט יסורים און וואָס זי בויגט זיך אָפּטמאָל אונטער זייער שווערקייט. איך קאָן שוין מער ניט, און איך מאַך דעם אָנשטעל, ווי כ'וואָלט זיך אופֿגעכאַפּט.

"גיי שלאָפֿן, מאַמעשי, דו וועסט זיך דאָ נאָך פֿאַרקילן."

זי זאָגט. "צו שלאָפֿן האָב איך נאָך גענוג צײַט."

איך טו זיך אַ הייב. "איך גיי ניט תּיכּף אַפֿן פֿראָנט, מאַמע. פֿריער מוז איך אָפּגיין פֿיר וואָכן אין לאַגער. אפֿשר וועל איך נאָך אַרויסכאַפּן אַ זונטיק און אַריבערקומען פֿון דאָרטן." זי שווײַגט. נאָכדעם פֿרעגט זי שטיל: "שרעקסטו זיך?"

"ניין, מאַמעשי."

"איך וויל דיר אײנס זאָגן: דו זאָלסט זיך היטן פֿון די פֿראַנצויזישע פֿרויען. זיי זײַנען אויסוווּרפֿן."

מאַמעשי מײַנס! פֿאַר דיר בין איך אַ קינד, — פֿאַרוואָס זאָל איך ניט לייגן מײַן קאָפּ אין דײַן שויס און זיך אויסוויינען? פֿאַרוואָס דאַרף איך דאָס אַלץ זײַן דער שטאַרקערער און העלדישערער, מיר ווילט זיך דאָך אויך אַמאָל וויינען און געטרייסט ווערן, איך בין דאָך באמת ניט מער, ווי אַ קינד, אין אַלמער הייגען דאָך נאָך מײַנע קורצע אינגלשע הײַזלעך — ס'איז דאָך ערשט אַזאַ קורצע צײַט אַוועק זינט יעמאָלט, פֿאַרוואָס איז דען דאָס פֿאַרבײַ?

איך זאָג רויִק, ווי נאָר איך בין בכּח: "דאָרטן, ווּ מיר געפֿינען זיך, מאַמעשי, זײַנען קיין פֿרויען ניט פֿאַראַן."

"און פּאַס זיך אוף אַפֿן פֿראָנט, פּויל."

מאַמעשי, מאַמעשי: פֿאַרוואָס זאָל איך דיך ניט אַרומכאַפּן אין מײַנע אָרעמס, און מיר זאָלן אַזוי ביידע אָפּשטאַרבן. וואָס פֿאַר אַ ביטער עלנט עס איז אַף אונדז ביידן!

155

"יאָ, מאַמע, דאָס וועל איך געוויס טאָן."

"איך וועל יעדן טאָג בעטן גאָט פֿאַר דיר, פּויל".

מאַמעשי, מאַמעשי: לאָמיר אַוועקגיין פֿון דאַנען, צורק אַוועקגיין צו די אַלע פֿאַרגאַנגענע יאָרן, ביז אָט דאָס גאַנצע אומגליק וועט שוין מער ניט הויערן איבער אונז, לאָמיר זיך אומקערן צוריק צו דיר און צו מיר אַליין, מאַמע!

"אפֿשר וועסטו באַקומען עפּעס אַן אַרבעט, וואָס זאָל ניט אַזוי פֿאַרבונדן זײַן מיט סכּנה".

"יאָ ,מאַמע, אפֿשר באַקום איך אַרבעט אין קיך, דאָס קאָן זייער מעגלעך זײַן."

"נעם די אַרבעט, קימער זיך ניט וועגן דעם, וואָס די אַנדערע ריידן—"

"וועגן דעם קימער איך זיך ניט, מאַמעשי—"

זי זיפֿצט. איר פּנים איז אַ ווײַסע שײַן אין דעם אַרומיקן חושך.

"דו מוזט איצט גיין שלאָפֿן, מאַטעשי."

זי ענטפֿערט נישט. איך הייב זיך אויף און לייג איר אַריבער איבער די פּלייצעס מײַן קאָלדרע. זי שפּאַרט זיך אָן אָן מײַן אָרעם, זי האָט יסורים. און אַזוי פֿיר איך זי אַוועק. אַ ווײַלע בלײַב איך נאָך באַ איר.

"מאַמעשי, ווען איך וועל קומען צוריק, מוז איך דיך שוין געפֿינען אַ געזונטע."

"יאָ ,יאָ, מײַן קינד".

"איר דאַרפֿט מיר ניט שיקן קיין פּעקלעך, מאַמע. מיר האָבן גענוג צו עסן. אײַך וועט דאָס דאָ בעסער צוניץ קומען."

ווי עלנט זי ליגט אין איר בעט, זי, וועלכע ליבט מיך מער פֿון אַלץ. ווען איך קלײַב זיך שוין אַוועקצוגיין, זאָגט זי אַף גיך: "איך האָב נאָך צוגעגרייט פֿאַר דיר צוויי פּאָר אונטערהויזן. ס'איז פֿון גוטן וואָל. אין זיי וועט דיר זײַן וואַרים. פֿאַרגעס נאָר ניט, זיי מיטצונעמען."

איך ווייס, מאַמעשי, וויפֿיל דיר איז אויסגעקומען זיך צו דערנידעריקן און אַרומצולויפֿן, כּדי צו באַקומען די אונטערהויזן. מאַמעשי, טײַערע מאַמע, ווי קאָן מען דאָס גאָר באַגרײַפֿן, אַז איך מוז פֿון דיר אַוועק, ווער, אַחוץ דיר, האָט דען אַ רעכט אַף מיך. דערווײַל זײַ איך נאָך דאָ, און דו ליגסט דאָרט, מיר האָבן זיך נאָך אַזוי פֿיל צו זאָגן, אָבער מיר זײַנען ניט בכּח דאָס צו טאָן.

"אַ גוטע נאַכט, מאַמעשי."

"אַ גוטע נאַכט, מײַן קינד."

דאָס צימער איז טונקל. עס שוועבט אין אים דער אָטעם פֿון מײַן מאַמען. דאָס טיק־טאַק פֿון זייגער מישט זיך דערמיט צוניף. אין דרויסן, פֿאַר די פֿענסטער, ווייט אַ ווינט. די קאַשטאַנעס רוישן.

אין פֿאָדער־שטוב שטרויכל איך זיך איבער מײַן רענצל, וועלכער ליגט שוין פֿאַרטיק פֿאַרפּאַקט, ווײַל איך מוז אַוועק מאָרגן גאָר פֿרי.

איך בייס מײַן קישן, איך קלעם מײַנע פֿויסטן אַרום די אײַזערנע שטיינגלעך פֿון בעט. איך האָב ניט געדאַרפֿט קומען אַהער. אַפֿן פֿראָנט בין איך געווען גלײַכגילטיק און האָפֿנונגסלאָז; – איצט וועל איך שוין מער ניט קאָנען זײַן אַזוי. איך בין געווען אַ זעלנער. און איצט בין איך גאָר אַ קנויל יסורים פֿאַר זיך אַליין, פֿאַר מײַן מאַמען, פֿאַר אַלץ, וואָס איז אַזוי ווייטיקדיק, און וואָס ציט זיך אָן אַ סוף.

איך האָב בשום אופֿן ניט געטאָרט גיין אין אורלויב.

.8

איך קען זיי נאָך גוט, די באַראַקעס אינם פֿעלד־לאַגער. דאָ איז דאָס טיאַדען "דערצויגן" געוואָרן דורך הימעלשטאָסן. איצט אָבער קען איך דאָ קיין איינעם ניט; ווי שטענדיק זײַנען שוין אַלע אָפּגעשיקט געוואָרן, און אַף זייער אָרט זײַנען געקומען נײַע. נאָר עטלעכע פֿון די היגע האָב איך פֿריער שוין אויך אַזוי אַגבֿדיק געזען.

157

דעם זעלנער־דינסט טו איך אָפּ ריין מעכאַניש. די אָוונטן פֿאַרברענג איך שטענדיק אין סאָלדאַטן־קלוב. דאָרטן זײַנען פֿאַראַן פֿאַרשיידענע בלעטער, אָבער איך לייען זיי ניט; עס שטייט דאָ אַ קלאַוויר, אַף וועלכן איך שפּיל מיט גרויס חשק. עס באַדינען אונז צוויי מיידלעך, איינע פֿון זיי איז גאָר אַ יונגינקע.

דער לאַגער איז אַרומגעצוימט מיט אַ הויכן דראָטענעם פּאַרקן. אַז מיר קערן זיך אום שפּעט צוריק פֿון קלוב, מוזן מיר שוין האָבן דורכלאָז־צעטלען, די יעניקע, וואָס זײַנען אופֿגעטראָגן מיטן פּאַטרול, גייען פֿאַרשטייט זיך, אַזוי אויך דורך.

מיר מושטירן זיך יעדן טאָג אַפֿן פֿעלד, צווישן בעריאָזע־וועלדלעך און בערעלעך־קוסטעס. ווען מען פֿאָדערט נאָר ניט פֿון אונז קיין נײַסן, וואָלט דאָס נאָך זײַן צום דערטראָגן. מיר לויפֿן, מיר וואַרפֿן זיך מיטאַמאָל אַנידער, און פֿון אונזער אָטעם בויגן זיך די שטיינגלעך פֿון די פֿעלד־בלימלעך, ווען מען קוקט ליגנדיק זיך צו צום קלאָרן זאַמד, איז ער ריין, ווי אין אַ לאַבאָראַטאָריע, און באַשטייט פֿון אומצייליקע פּיטשינקע זעמדלעך. אַ משונהדיקער כּח ציט עפּעס אײַנצוגראָבן אין דעם די האַנט.

שענער פֿון אַלץ זײַנען אָבער די וועלדער מיט זייערע בעריאָזעווע ראַנדן. יעדע רגע בײַטן זיי אום זייערע פֿאַרבן. אָט לײַכטן די שטאַמען אין בליענדיק־ווײַסן קאָליר, און צווישן זיי שוועבט לופֿטיק, ווי אַ זײַדן־געוועבס, דאָס מילדע גרין פֿון די בלעטער; — אין אַ מאָמענט אַרום באַקומט אַלץ אַן אָפּאַל־בלאָע פֿאַרב ,וואָס גליטשט זיך זילבערדיק פֿון דעם ראַנד און פֿאַרבײַט דאָס גרין; — אָבער ווען די זון ווערט פֿאַרשטעלט דורך אַ וואָלקנדל, ווערט דאָס גאַנצע וועלדל תּיכּף פֿאַרזונקען אין אַ טיפֿן, כּמעט שוואַרצן שאָטן. דער שאָטן גנבֿעט זיך ווי אַ געשפּענסט אַרום צווישן די שטאַמען, וואָס זײַנען איצט גראָ ווי אַש, ער לויפֿט ווײַטער איבער דער לאָנקע, צום האָריזאָנט צו, — און דערווײַל שטייען שוין די בעריאָזעס ווײַטער ווי יום־טובֿדיקע פֿאָנעס אַף ווײַסע שטאַנגען אונטערן רויט־גאָלדענעם פֿלאַקער פֿון זייערע, זיך פֿונדאָסנײַ פֿאַרפֿאַרבנדיקע, בלעטער.

158

איך פֿאַרקוק זיך אָפֿטמאָל אַף דאָס שפּיל פֿון דעם צאַרטן ליכט און דורכזיכטקע שאָטנס, כ׳פֿאַרקוק זיך אַזוי, אַז איך דערהער כּמעט מער ניט די באַפֿעלן: — ווען מען איז איינזאַם, הויבט מען אָן זיך צו פֿאַרטיפֿן אין דער נאַטור און זי ליב צו באַקומען. און איך האָב דאָ ניט קיין סך באַקאַנטשאַפֿט, איך וויל דאָס אויך ניט. מען קען צו ווייניק איינער דעם אַנדערן, און ס׳בלײַבט איבער נאָר צו פּלאַפּלען און אין די אָוונטן צו שפּילן אין אַן איין־און־צוואַנציק אָדער אין חזירימלעך.

לעבן אונזערע באַראַקעס געפֿינט זיך אַ גרויס לאַגער פֿאַר געפֿאַנגענע רוסן. עס איז אַפֿילו אָפּגעטיילט פֿון אונז מיט אַ דראָט־פֿאַרקן, אָבער די געפֿאַנגענע געלינגט דאָך זיך אַריבערצוכאַפּן צו אונז. זיי שײַנען אַלע צו זײַן פּחדניש און דערשלאָגן, זי זײַנען כּמעט אַלע באַבערדיקט און זײַנען גרויס־געוואַקסן; זיי זעען אויס ווי אָנגעשלאָגענע, הכנעהדיקע הינט.

זיי דרייען זיך אַרום אונזערע באַראַקעס און זוכן אין די אָפּפֿאַל־פֿעסער. מען קאָן זיך שוין אויסמעלן [אויסמאָלן], וואָס זיי געפֿינען דאָרטן. באַ אונז איז דאָס עסן זייער קנאַפּ און קודם־כּל שלעכט, מיר באַקומען בוריקעס, געקאָכט אין וואַסער און צעשניטן אַף זעקס הלקים, ברודיקע, ניט־אָפּגעשאַבטע מייערלעך; דורכגעפֿוילטע בולבעס זײַנען שוין אַ נאַשערײַ ,און דאָס בעסטע, וואָס מיר באַקומען, איז אַ שיטערע זופּ פֿון רײַז, אין וועלכער ס׳שווימען ווו ניט־ווו אַרום צעברעקלטע אָדערן פֿון רינד־פֿלייש. אָבער זיי זײַנען אַזוי שטאַרק צעפּיצלט, אַז מען קאָן זיי גאָר כּמעט ניט געפֿינען.

פֿאַרשטייט זיך, אַז ניט געקוקט אַף דעם, ווערט אַלץ אויפֿגעגעסן. און ווען עמיץ קאָן זיך פֿאַרגינען עפּעס אַן אַנדער זאַך צו קויפֿן, ניט צו עסן די פּוסטע זופּ ,שטייען שוין אַרום אים צען אַנדערע, וועלכע וואַרטן נאָר, ער זאָל זיי אַוועקגעבן זײַן פּאָרציע. נאָר די רעשטלעך, צו וועלכע מען קאָן שוין מער מיט די לעפֿלען ניט דערגרייכן, ווערן אויסגעשווייקט און אַרויסגעוואָרפֿן אין די פֿעסער. דערצו וואַרפֿט מען נאָך אָפֿטמאָל אַרויס אַ פּאָר שטיקלעך בוריקעס־שאָלעכץ, אַ פֿאַרשימלטע ברויט־קאָרקע און כּל־ערליי אָפּפֿאַל.

159

און צו אָט דעם שיטערן, ברודיקן און פֿאַסקודנעם וואַסערל רײַסן זיך דאָס די געפֿאַנגענע. זיי שעפּן דאָס אַלץ זשעדנע אַרויס פֿון די עיפּושדיקע [ípešdik] פֿעסלען און טראָגן דאָס אַוועק אונטער זייערע העמדלעך.

עס איז מאָדנע, בעת מיר זעען אַזוי נאָענט פֿון זיך אונזערע שׂונאים. אַז מען זעט זייערע פּנימער, מוז מען זיך פֿאַרטראַכטן. דאָס זײַנען אַלץ גוטע פּויערשע פּנימער, מיט ברייטע שטערנס, ברייטע נעזער, ברייטע ליפּן, ברייטע הענט, פֿאַרקאָלטנטע האָר. זיי דאַרפֿן גיין מיטן אַקער־אײַזן, זיי דאַרפֿן נאָר קאָסיען די פֿעלדער און קלײַבן עפּל פֿון די בוימער. זיי זעען נאָך אויס גוטמוטיקער פֿון אונזערע פֿריסלענדער פּויערים.

ס׳איז זייער טרויעריק צוצוזען זייערע תּנועות, זייער פֿאַרהונגערטקייט און זייער כּסדרדיק בעטלען עפּעס צו עסן. זיי זײַנען אַלע אָפּגעשוואַכט, ווײַל זיי באַקומען עסן נאָר אַזוי פֿיל, וויפֿיל ס׳איז נויטיק, כּדי ניט אויסצוגיין פֿון הונגער. מיר אַליין באַקומען שוין אויך פֿון אַ צײַט ניט אָפּצועסן צו זאַט. זיי קריינקען מיט דעזינטעריע, מיט צעשראָקענע בליקן באַווײַזן אונז אַנדערע פֿון זיי בשתּיקה [bištíke] זייערע

פֿאַרבלוטיקטע העמדער. זייערע רוקנס און זייערע קאַרקן זײַנען אויסגעקרימט, די קניען זײַנען אײַנגעבויגן, און בעת זיי ציִען אויס די האַנט און בעטלען, קוקן זייערע פּנימער קרום פֿון אונטן אַרויף. זיי בעטלען אַף די עטלעכע טײַטשישע ווערטער, וואָס זיי ווייסן, און מיט ווייכע, שטילע באַס־שטימען, וועלכע דערמאָנען אָן אַ היימישער שטוב און אָן אַ וואַרימען אויוון.

פֿאַראַן אַזעלכע, וואָס ענטפֿערן זיי נאָך מיט אַ בריק, אַז זיי פֿאַלן; — אָבער דאָס זײַנען נאָר געציילטע. דער גרעסטער טייל אונזעריקע טוט זיי נישט, גייט פֿאַרבײַ, און מאַכט זיך גאָרנישט זעענדיק. זיי שטייען אָבער שטאַרק צו מיט זייערע רחמנותדיקע קולות, ווערט מען צאָרנדיק און מען טוט זיי אַ שטויס. זיי וואָלטן לכל־הפּחות ניט אַזוי אָנקוקן, — וואָס פֿאַר אַן אומעדיק עלנט עס קאָן דאָס אַרויסקוקן פֿון אויגן, פֿון צוויי קליינינקע אויגעלעך, וועלכע מען קאָן שוין מיט אַ פֿינגער פֿאַרדעקן.
160
אינאַוונט גייען זיי אַרײַן אין די באַראַקעס און האַנדלען. זיי בײַטן אַף ברויט אַלץ, וואָס זיי פֿאַרמאָגן. אָפֿטמאָל מאַכן מיר געשעפֿט, ווײַל זיי האָבן גוטע שטיוול, — אונזערע שטיוול זײַנען פּראָסטע, דאָס לעדער פֿון זייערע כאָליעוועס איז מאָדנע ווייך. די פּויערשע זינדלעך צווישן אונז, וועלכע באַקומען פֿונדערהיים צוגעשיקט פֿעטע ביסנס, בײַטן מיט די רוסן. דער מקח פֿון אַ פּאָר שטיוול איז בערך צוויי — דרײַ ברויטן, אָדער אַ ברויט און אַ מיטל־גרויסער האַרטער טיי־וווּרשט.

אָבער כּמעט אַלע רוסן האָבן שוין פֿון לאַנג אויסגעביטן אַלץ, וואָס זיי האָבן פֿאַרמאָגט. איצט ברייננגען זיי צוטראָגן פֿאַרשיידענע נעבעכדיקע חפֿצים, און זיי זוכן אויסצובײַטן אַף ברויט, שניצערײַען און צאַצקעס, וואָס זיי האָבן אויסגעמאַכט פֿון שראַפּנעל־שפּליטערס און פֿון שטיקלעך קופּערנע גראַנאַט־רינגען. קלאָר, אַז קיין גרויסע גליקן ברייננגען אָט די צאַצקעס ניט אײַן, און ניט געקוקט אַף דער האָרעוואַניע, וואָס די געפֿאַנגענע האָבן אַוועקגעלייגט אַף דעם, גיבן זיי דאָס אָפּ פֿאַר אַ פּאָר פּענעצעס ברויט. אונזערע פּויערים זײַנען אײַנגעשפּאַרט און כיטרע בעתן האַנדל. זיי האַלטן אַזוי לאַנג פֿאַרן רוסנס נאָז דאָס שטיקל ברויט אָדער קעלבאַס, ביז ער ווערט בלאַס פֿון זשעדנעקייט און ער הויבט אָן ווילד גלאָצן מיט די אויגן, — דעמאָלט איז אים שוין אַלץ איינס. נאָכדעם פֿאַרפּאַקן אוניערע די מציאות מיט דער גאַנצער גרינטלעכקייט, אַף וועלכער זיי זײַנען נאָר מסוגל, נעמען אַרויס זייער גראָבן טאַשן־מעסער, שנײַדן אָפּ פּאַמעלעך און מיט כּוונה [kavóne] פֿאַר זיך אַ שטיק ברויט פֿון זייער זאַפּאַס, און דערצו טוען זיי נאָך בײַ יעדן ביסן אַ רעכטן כיטכע פֿון דעם גוטן קעלבאַס און פּיכלען, אַף וואָס די וועלט שטייט. עס רעקט פּשוט אויף, בעת מען זעט זיי אַזוי רײַבנדיק די סעודה, עס ווילט זיך זיי צעברעכן זייערע פֿעטע פּרצופֿים. זעלטן ווען זיי זײַנען מכבד מיט עפּעס. מען קאָן זיך צו ווייניק איינער מיטן אַנדערן, כּדי אַזוינס צו טאָן.

***

איך שטיי אָפּט פּאַטרול בײַ די רוסן. אין דעם חושך זעט מען זייערע געשטאַלטן, וואָס בלאָנקן אַרום, ווי גרויסע, קראַנקע באָטשאַנעס. זיי גייען צו האַרט צו די גראַטעס און לייגן צו זייערע פּנימער. די פֿינגער דראַפּן זיי אַרײַן אין די דראָט־פּעטליעס. אָפֿטמאָל שטייט אַזוי אַ גאַנץ געזעמל. אָט אַזוי עטעמען זיי אַרײַן דעם ווינט, וואָס בלאָזט פֿון דעם פֿעלד און פֿון די וועלדער.

זייריידן גאָר זעלטן, און דעמאָלט אויך נאָר עטלעכע ווערטער. זיי באַציִען זיך איינער צום אַנדערן מענטשלעכער, מיר דאַכט זיך אַפֿילו, אַז ברידערלעכער, ווי מיר. אפֿשר אָבער איז דאָס נאָר צוליב דעם, ווײַל זיי פֿילן זיך אומגליקלעכער פֿון אונדז. און פֿאַר זיי אייגנטלעך, איז דאָך שוין דער קריג פֿאַרענדיקט. אָבער זיצן און וואַרטן אַף דער דעזינטעריע, איז אויך ניט קיין לעבן.

די זעלנער, וואָס זײַנען געשטעלט זיי צו היטן, דערציילן, אַז די ערשטע צײַט זײַנען זיי געווען לעבעדיקער. ווי שוין אין די ערטער, האָבן זיי אַפֿילו געפּראַוועט מיאוסע שטיק איינער מיטן אַנדערן, און מען האָט זיך דערבײַ געממיתט מיט מעסערן און פֿויסטן. איצט זײַנען זיי שוין געוואָרן אָפּגעטעמפּט און גלײַכגילטיק, זיי האָבן אַפֿילו אופֿגעהערט צו אָנאַנירן, אַזוי אָפּגעשמאַכט זײַנען זיי.

זיי שטייען בײַ די גראַטעס; אַנדערעמאָל, ווען עמיץ שלעפּט זיך אַוועק, פֿאַרנעמט זײַן אָרט תּיכּף אַן אַנדערער. דאָס רובֿ זײַנען זיי שטיל; נאָר ווען ניט ווען, בעט דער אָדער יענער אַ מונדשטיק פֿון אַן אויסגערויכערטן סיגאַרעט.

איך זע זייערע טונקעלע געשטאַלטן. זייערע בערד פֿלאַטערן אין ווינט. איך ווייס וועגן זיי גאָרנישט, אַחוץ דעם, וואָס זיי זײַנען געפֿאַנגענע, און דאָס דערשיטערט מיך טאַקע. זייער לעבן האָט פֿאַר מיך ניט קיין

נאָמען און ניט קיין שולד; — אָבער ווען כ'וואָלט געוווּסט וועגן זיי עפּעס מער, ווי מען רופֿט זיי ,ווי זיי לעבן, אַף וואָס זיי האָפֿן, וואָס זיי מאַטערט, וואָלט שוין מײַן דערשיטערונג געהאַט אַ צוועק און וואָלט פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין רחמנות. איצט אָבער פֿיל איך אין זיי נאָר דעם ווייטיק פֿון לעבעדיקע באַשעפֿענישן, די גרויליקע פֿאַרביינקטקייט פֿון לעבן און די אַכזריות פֿון מענטשן.

162

לויט אַ באַפֿעל זײַנען אָט די שטילע געשטאַלטן געוואָרן אונזערע שונאים; און לויט אַ באַפֿעל קאָנען זיי אויך ווערן אונזערע פֿרײַנט. ערגעץ אַף אַ טיש האָבן עטלעכע פֿאַרשוינען, וואָס מיר קענען זיי לחלוטין ניט, אונטערגעשריבן עפּעס אַ כתבֿ, און צוליב דעם ווערט אַף גאַנצע יאָרן אַ ציל פֿון אונזער לעבן דוקא אָט דאָס, צו וואָס מענטשן באַציִען זיך אין אַן אַנדער צײַט מיט דער גרעסטער פֿאַראַכטונג, און וואָס זיי באַשטראָפֿן מיט דער גרעסטער שטראָף. ווער קאָן דען דאָ נאָך מאַכן אַ חילוק צווישן פֿרײַנט און שונאים, בעת מען זעט אָט די מענטשן מיט די קינדישע פּנימער און מיט די פּאַטריאַרכן־בערד! יעדער אונטעראָפֿיציר איז אַ גרעסערער שונא דעם רעקרוט, און יעדער לערער האָט מער פֿײַנט זײַן שילער, ווי זיי אונז. אָבער ניט געקוקט אַף דעם, ווי נאָר מען וואָלט זיי באַפֿרײַט, וואָלטן זיי ווײַטער געשאָסן אַף אונז, און מיר אַף זיי.

איך דערשרעק זיך; דאָ טאָר איך שוין מער ניט טראַכטן. דער וועג פֿירט אין תּהום. ס'איז נאָך ניט געקומען די צײַט דערצו; אָבער איך וויל דעם געדאַנק ניט אָנווערן, איך וויל אים באַ זיך באַהאַלטן, אײַנשליסן אין זיך, ביז צו דער מלחמה וועט נעמען אַ סוף. דאָס האַרץ קלאַפּט מיר: איז דאָס טאַקע דאָס גרויסע ציל, וואָס מען דערגרייכט נאָר איינמאָל אין לעבן, וועגן וועלכן איך האָב אַזוי פֿיל געטראַכט, ליגנדיק אין שוץ־גראָבן. דאָס, וואָס איך האָב באַטראַכט, ווי די איינציקע לעבנס־מעגלעכקייט נאָך אָט דער גרויסער מפּלה פֿון אַלץ, וואָס מענטשלעך איז, איז דאָס אַ שליחות פֿאַר דאָס שפּעט ערדיקע לעבן, אַ שליחות, וואָס זאָל אויסקויפֿן די אַלע גרויליקע יאָרן?

איך נעם אַרויס מײַנע סיגאַרעטן, צעברעך יעדע פֿון זיי אַף העלפֿט און צעטייל זיי צווישן די רוסן. זיי פֿאַרבויגן זיך פֿאַר מיר און רויכערן זיי אָן. אַף עטלעכע פּנימער פֿלאַמען איצט אויף רויטע פּונקטן. זיי זײַנען פֿאַר מיך אַ טרייסט, זיי זעען אויס ווי קליינע פֿענסטערלעך אין טונקעלע דאָרפֿישע הײַזלעך, וועלכע דערציילן מיט זייער ליכט, אַז הינטער זיי זײַנען פֿאַראַן צימערן, פֿול געמיטלעכער באַהעלטעניש.

***

די טעג גייען. אין אַ נעפּלדיקן פֿרימאָרגן באַגראָבט מען ווײַטער אַ רוסן; כּמעט יעדן טאָג שטאַרבט עמיץ פֿון זיי. בעת מען איז אים מקבר, שטיי איך גראָד פּאַטרול. די געפֿאַנגענע זינגען אַ כאָראַל, עס זינגען אַ פֿולע שטימען, און עס קלינגט אָפּ גאָרניט ווי מענטשן וואָלטן דאָס געזונגען, נאָר ווי דאָס וואָלט געשפּילט אַן אָרגל ערגעץ ווײַט אין פֿעלד.

די באַגרעבעניש גענדיקט ניט לאַנג.

אינאָוונט שטייען זיי ווײַטער באַ די גראַטעס, און דער ווינט פֿון די בעריאָזע־וועלדער גרייכט צו זיי. די שטערנס פֿינקלען קאַלט.

איך קען איצט עטלעכע פֿון זיי, וואָס קאָנען זיך גאַנץ גוט צוזאַמענריידן אַף טײַטשיש. צווישן זיי איז פֿאַראַן אַ כּלי־זמר, ער דערציילט, אַז ער איז געווען אַ פֿידלער אין בערלין. ווען ער הערט, אַז איך שפּיל אַביסל קלאַוויר, ברייגגט ער זײַן פֿידל און שפּילט פֿאַר מיר.

די אַנדערע זעצן זיך און שפּאַרן זיך אָן מיט די רוקנס צו די גראַטעס. ער שטייט און שפּילט, אָפֿט באַקומט זײַן פּנים יענעם פֿאַרלאָרענעם אויסדרוק פֿון די שפּילער, בעת זיי מאַכן צו די אויגן, נאָכדעם באַוועגט ער זײַן פֿידל צום טאַקט און קוקט מיך אָן מיט אַ שמייכל.

ער שפּילט געוויס פֿאָלקס־לידער; וויל די אַנדערע מרוקענען מיט. זיי זעען אויס ווי טונקעלע בערגלעך, וואָס ערגעץ אונטער זייער אויבערפֿלאַך זשומט עס. איבער די בערגלעך הייבט זיך די פֿידל, ווי אַ שלאַנקע מיידל, איר געשטאַלט איז ליכטיק און איינזאַם. דאָס געזאַנג הערט אויף, און עס בלײַבט נאָר די שטים פֿון פֿידל – אין דער נאַכט טיילט זי זיך אויס אַזוי דין, כּדי זי צו הערן, מוז מען האָרט דערבײַ שטיין, אין אַ צימער וואָלט דאָס בעסער געקלונגען;— דאָ אין דרויסן קומט אוף אַן אומעט, בעת מען הערט זי אַזוי אַליין אַרומבלאָנדשענדיק.

***

די זונטיקס לאָזט מען מיך ניט אָפּ ,ווײַל איך בין אָקאָרשט געקומען פֿון אַ גרעסערן אורלויב. אין דעם לעצטן זונטיק פֿאַר מײַן אָפּפֿאָר באַזוכן מיך מײַן פֿאָטער און מײַן עלטסטע שוועסטער. דעם גאַנצן טאָג זיצן מיר אין זעלנער־קלוב. וווּהין זאָלן מיר דען גיין, אין באַראַק ווילן מיר ניט בלײַבן. שפּעטער גייען מיר זיך אויס איבערן פֿעלד.

דאָס זײַנען געמאַטערטע שעהן; מיר ווייסן גאָרניט, וועגן וואָס מיר זאָלן אָנהויבן ריידן. מיר ריידן וועגן דער מאַמעס קרייִנק. ס'איז שוין קיין סוד ניט, אַז ס'איז קרעפּס, זי ליגט שוין אין שפּיטאָל און וועט באַלד געשניטן ווערן. די דאָקטוירים האָפֿן אַפּילו, אַז זי וועט ווערן געזונט, אָבער מיר האָבן נאָך ניט געהערט, מען זאָל זיך אויסהיילן פֿון אַ קרעפּס.

"ווּ ליגט זי דען?" פֿרעג איך.

"אין לויִזן־שפּיטאָל," זאָגט מײַן פֿאָטער.

"אין וועלכן קלאַס?"

"אין דריטן. מיר מוזן אויסוואַרטן, וואָס די אָפּעראַציע וועט קאָסטן. זי האָט אַליין געוואָלט ליגן אין דריטן. דאָרטן וועט איר זײַן היימלעכער, זאָגט זי. עס קאָסט אויך אַסך ביליקער."

"זי ליגט דאָרטן מיט אַזוי פֿיל קראַנקע צוזאַמען. ווער ווייס, אויב זי קאָן שלאָפֿן אין די נעכט."

מײַן פֿאָטער איז מסכּים מיט מיר. זײַן פּנים איז אויסגעמאַטערט און צעקנייטשט. מײַן מאַמע האָט זייער לאַנג געקרייִנקט; אין שפּיטאָל איז זי אַפּילו געגאַנגען נאָר איצט, אין דער לעצטער רגע, אָבער איר קרייִנק האָט אונז אַסך געלט אָפּגעקאָסט, און מײַן פֿאָטער האָט זיך מקריבֿ געווען.

"ווען איך וואָלט נאָר געוווּסט, וויפֿיל די אָפּעראַציע וועט קאָסטן," זאָגט ער.

165

"האָט איר דען נים געפֿרעגט?"

"מען קאָן דאָך ניט פּשוט שטעלן אַזאַ פֿראַגע — מען קאָן דערמיט אײַנערגערן דעם דאָקטאָר, און דאָס טויג ניט, ווײַל ער מוז דאָך אָפּערירן דער מאַמען."

אָט אַזוי זײַנען מיר, טראַכט איך מיט ביטערניש, אָט אַזוי זײַנען די אָרימעלייט. זיי האָבן ניט די העזה [hóze] זיך נאָכצופֿרעגן אַפֿן מקח, און זיי גייען גיכער אײַן אַף פֿײַנלעכע ספֿיקות, אָבער פֿאַר די יעניקע, וועלכע דאַרפֿן דאָס ניט טאָן, פֿאַר זיי איז זעלבסטפֿאַרשטענדלעך פֿריער צו פֿרעגן אַפֿן פּרײַז. אַף זיי וועט שוין דער דאָקטאָר ניט זײַן ברוגז.

"אַחוץ דעם, זײַנען די פֿאַרבאַנדן אויך אַזוי טײַער", זאָגט מײַן פֿאָטער.

"גיט דען די קראַנקען־קאַסע ניט צושטײַער", פֿרעג איך.

"די מאַמע קרייִנקט שוין צו לאַנג".

"האָט איר דען עפּעס געלט?"

ער שאָקלט מיטן קאָפּ. "ניין. אָבער איך האָב איצט ווײַטער אַ מעגלעכקייט צו אַרבעטן איבער־שעהן."

איך ווייס: ער וועט ביז צוועלף באַנאַכט שטיין באַם טיש און קנייטשן און קלעפּן און שנײַדן. אום אַכט אַזייגער וועט ער כאַפּן אַ פּאָר ביסנס פֿון יענער שוואַכער קעסט, וואָס זיי באַקומען לויט קאָרטן. נאָכדעם וועט ער אײַננעמען אַ פּראָשעק קעגן קאָפּווייטיק און וועט זיך ווײַטער נעמען צו דער אַרבעט.

כּדי אים אַ קאַפּעטשקע אופֿצומונטערן, דערצייל איך אים עטלעכע מעשׂות, וואָס פֿאַלן מיר גראָד אַרײַן אין קאָפּ, זעלנער־גלײַכווערטלעך און קאַטאָוועסלעך וועגן גענעראַלן און פֿעלדפֿעבלס, וואָס מען האָט זיי אָפּגעטאָן שפּיצלעך.

נאָכדעם פֿיר איך זיי ביידן אָפּ צום וואָקזאַל. זיי לאָזן מיר איבער אַ באַנקע אײַנגעמאַכץ און אַ פּעקל פּאַמפּעשקעס, וואָס די מאַמע האָט נאָך אויסגעבאַקן פֿאַר מיך.

נאָכדעם פֿאָרן זיי אָפּ, און איך גיי צוריק אַוועק.

166

אינאָוונט באַשמיר איך אַ פּאַמפּעשקע מיט מאַרמעלאַד און עס. איך געפֿין אין דעם קיין טעם ניט. איך גיי אַרויס פֿון באַראַק, כּדי צו פֿאַרטיילן די פּאַמפּעשקעס צווישן די רוסן. נאָכדעם דערמאָן איך זיך, אַז די מאַמע האָט זיי געבאַקן מיט אירע אייגענע הענט, און אַז זי האָט נאָך אפֿשר געהאַט ווייטיקן, בעת זי איז געשטאַנען באַם הייסן פּליט. איך לייג דאָס פּעקל צוריק אַרײַן אין מײַן רענצל און נעם דערפֿון אַרויס נאָר צוויי שטיק פֿאַר די רוסן.

9.

מיר פֿאָרן עטלעכע טעג. אַפֿן הימל באַווײַזן זיך די ערשטע פֿליערס. עס ציען זיך פֿאַרבײַ טראַנספּאָרט־צוגן. האַרמאַטן, האַרמאַטן. מיר גייען אַריבער אין דעם פֿעלד־אײזנבאַן. איך זוך מײַן פּאָלק. קיינער ווייס ניט, ווו ער געפֿינט זיך. איך בלײַב ערגעץ איבערנעכטיקן. אינדערפֿרי באַקום איך ערגעץ פּראָוויאַנט און פֿאַרנעפּלטע אָנווײַזונגען. און אַזוי, שלעפּנדיק אַף זיך דאָס רענצל און דעם ביקס, לאָז איך זיך ווײַטער אין וועג.

ווען איך קום אָן, איז שוין אין דעם צעשאָסענעם פּלאַץ קיינער פֿון אונזעריקע מער ניטאָ. איך דערוויס זיך, אַז מיר זײַנען פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ באַוועגלעכער דיוויזיע, וועלכע ווערט אַריבערגעהייבן אומעטום, ווו נאָר עס שמעקט מיט פּולווער. מען קאָן ניט זאָגן, אַז די ידיעה [yedíe] זאָל מיך שטאַרק דערפֿרייען. מען דערציילט מיר וועגן גרויסע אָנווערן, וואָס מיר זאָלן האָבן געהאַט. איך פֿרעג זיך נאָך אַף קאַט און אַלבערט. קיינער ווייס גאָרנישט וועגן זיי.

איך לאָז זיך ווײַטער זוכן און בלאָנדזשע אַרום, דאָס איז אַ מאָדנער געפֿיל. שוין אין משך פֿון עטלעכע נעכט ליג איך אַפֿן פֿרײַען פֿעלד, ווי אַן אינדיאַנער. צום סוף באַקום איך שוין זיכערע ידיעות און איך דערשײַן אין דער קאַנצעלאַריע פֿון מײַן אָפּטייל.

167

דער פֿעלדפֿעבל לאָזט מיך דאָ איבער. די ראָטע וועט קומען אַהער אין צוויי טעג אַרום. דעריבער לוינט זיך שוין ניט מיר נאָכצושיקן. "ווי איז עס געגאַנגען אין אורלויב?" פֿרעגט ער. "שיין, שיין, האַ?"

"טיילוויַיז", זאָג איך.

"יאָ, יאָ", זיפֿצט ער זיך אָפּ. ס'וואָלט גוט געווען, ווען מען זאָל ניט דאַרפֿן צוריק אַוועק. די צווייטע העלפֿט פֿון אורלויב ווערט שוין פֿאַרביטערט צוליב דעם."

איך דריי זיך אַרום אָן אַרבעט, ביז די ראָטע קומט אָן. די סאָלדאַטן זײַנען גראָ, שמוציק, פֿאַרדראָסיק, כמורנע. איך שטופּ זיך צווישן זיי אַרײַן, איך נישטער מיט די אויגן, דאָ איז טיאַדען, דאָרטן שטייט מילער און פּרײַכט, אָט זײַנען אַוועק קאַט און קראָפּ. מיר לייגן אונזערע שטרוי־זעק אויס איינער באַם אַנדערן. אַז איך קוק זיי אָן, פֿיל איך זיך עפּעס שולדיק לגבי זיי, אָבער איך האָב דאָך גאָרניט קיין גרונט דערצו. פֿאַרן שלאָפֿן גיין, נעם איך אַרויס די נאָכגעבליבענע פּאַמפּעשקעס און אײַנגעמאַכץ, כּדי זיי זאָלן אויך פֿאַרזוכן דעם טעם דערפֿון.

די ביידע אויבערשטע זײַנען שוין אַביסל באַדעקט מיט שימל, מען קאָן זיי נאָך אָבער עסן. איך נעם זיי פֿאַר זיך, און די פֿרישערע גיב איך אַוועק קאַט און קראָפּ.

קאַט קײַט און פֿרעגט: "דאָס איז אַוודאי פֿון דער מאַמען?"

איך גיב צו.

"זיי זײַנען באַטעמט", זאָגט ער, "מען דערפֿילט דאָס טאַקע תּיכּף."

מיר ווילט זיך וויינען. איך דערקען מער ניט זיך אַליין.

אָבער עס וועט שוין ווערן בעסער, דאָ, מיט קאַט און אַלבערט און די איבעריקע, וועט שוין אָנגיין. איך באַלאַנג אַהער.

"דו האָסט מזל", שעפּטשעט מיר קראָפּ באַם אײַנשלאָפֿן, "מען זאָגט, אַז מיר גייען קיין רוסלאַנד."

קיין רוסלאַנד. דאָרטן איז שוין מער ניטאָ קיין מלחמה.

168

פֿונדערווײַטן דונערט דער פֿראָנט. די ווענט פֿון די באַראַקעס ציטערן.

***

מען נעמט אונז ריכטיק אין דער אַרבעט. איין אויסרוף קומט נאָכן אַנדערן. מען באַקוקט אונז פֿון אַלע זײַטן. אונזערע צעריסענע בגדים ווערן אומגעביטן אַף נײַע. איך כאַפּ דערבײַ אַן אויסגעצייכנטן נײַען רעקל, באַ קאַטן, פֿאַרשטייט זיך, בלײַבט אַ פּולשטענדיק נײַע אויסמונדירונג. עס קומט אויף אַ קלאַנג, אַז ס'איז שוין שלום, אָבער, עס גלויבט זיך מער אין דער אַנדער סבֿרה: אַז מיר ווערן אָפּגעשיקט קיין רוסלאַנד. אָבער צוּוואָס דאַרפֿן מיר האָבן פֿאַר רוסלאַנד בעסערע בגדים? צום סוף קומט אַרויס דער אמת: דער קיסר קומט אונז באַקוקן. דערפֿאַר האָט מען זיך געמוטשעט מיט אונז אַזוי פֿיל.

אין משך פֿון אַכטאָג האָט עס אויסגעזען באַ אונז, ווי אין אַ רעקרוטן־קאַזאַרמע, אַזוי טיכטיק האָבן מיר געמוזט אַרבעטן און זיך מושטירן. אַלע זײַנען פֿאַרדראָסיק און נערוויִיז, ווײַל דער קאָפּ ליגט אונז גאָר ווייניק אין דעם שטאַרקן פּוצן זיך און אין די פּאַראַד־מאַרשן. אַזעלכע זאַכן ערגערן דעם סאָלדאַט נאָך מער, ווי די אָקאָפּע.

ענדלעך איז געקומען די רגע. מיר שטייען שטראַם, און דער קיסר גייט פֿאַרבײַ. מיר זײַנען זייער נײַגעריק צו זען, וואָס פֿאַר אַ פּנים ער האָט. ער גייט דורך די גאַנצע שורה, און איך בין, אייגנטלעך, אַביסל אַנטוישט: ווערליק די בילדער, האָט ער מיר געשײַנט צו זײַן העכער און מעכטיקער, קודם־כּל – מיט אַ דונערדיקער שטים.

ער טיילט פֿאַנאַנדער אײַזערנע צלמימלעך און וואַרפֿט זיך איבער אַ וואָרט מיט דעם און מיט יענעם. מען לאָזט אונז אָפּ.

נאָכדעם שמועסן מיר צווישן זיך. טיאַדען זאָגט פֿאַרחידושט: "דאָס איז דאָך שוין דער העכסטער פֿון אַלעמען. פֿאַר אים מוז דאָך יעדער איינער שטיין אין פֿראָנט, אָן אויסנאַם! ער פֿאַרטראַכט זיך: "הינדענבורג אַליין שטייט דאָך אַוודאי אויך פֿאַר אים, האַ?"

"געוויס", באַשטעטיקט קאַט.

טיאַדען איז נאָך ניט פֿאַרטיק. ער קלערט לאַנג, און נאָכדעם פֿרעגט ער: "און ווי איז מיט אַ קעניג? ער מוז אויך שטיין שטראַם פֿאַר אַ קיסר?"

קיינער ווייס דאָס ניט באַשטימט, אָבער מיר האַלטן, אַז ס'איז ניט אַזוי. זיי זײַנען ביידע אַזעלכע הויכגעשטעלטע לײַט, אַז צווישן זיי קאָן שוין גאָר מער קיין רייד ניט זײַן וועגן שטיין שטראַם.

"וואָס בריסטו דאָרטן אויס פֿאַר אַ שטותים", זאָגט קאַט. "דער עיקר איז דאָך, אַז דו אַליין מוזט שטיין שטראַם, און וועגן אַנדערן זאָלסטו זיך ניט זאָרגן."

אָבער טיאַדען איז אינגאַנצן ווי פֿאַרפֿלאָכטן אין אַ ראָמאַנטישער נעץ. זײַן שטענדיק טרוקענע פֿאַנטאַזיע האָט זיך איצט פֿאַנאַנדערגעאַרטלט. "איך קאָן דאָס בשום אופֿן ניט באַגרײַפֿן", טענהט ער, "אַז אַ קיסר זאָל אויך גיין אין בית־הכּסא [**beys-hakise**], פּונקט ווי, איך."

"אין דעם קאָנסטו גאַנץ זיכער זײַן", לאַכט קראָפּ.

"בקיצור, טיאַדען, איך זע, אַז דו ביסט משוגע", זאָגט קאַט, "אַ לויז איז דיר אַרײַנגעקראָכן אין מוח; לויף דו נאָר אַליין וואָס גיכער אין בית־הכּסא, כּדי דו זאָלסט באַקומען אַ קלאָרן קאָפּ און ניט ריידן, ווי אַ חדר־אינגל."

טיאַדען פֿאַרשווינדט.

"איין זאַך וואָלט איך אָבער געוואָלט וויסן", הויבט אַלבערט אָן צו ריידן, "אויב ס'וואָלט געווען אַ מלחמה אויך דעמאָלט, ווען דער קיסר וואָלט געזאָגט ניין."

"געוויס וואָלט געווען", זאָג איך,—" ער האָט דאָך אינאָנהויב טאַקע ניט געוואָלט."

"נו, גוט, אויב ניט ער אַליין, וואָלט אָבער אפֿשר דאָך דערצו ניט געקומען, ווען אַ צוואַנציק, דרײַסיק מאַן אין גאָר דער וועלט וואָלטן זיך אײַנגעשטעלט."

"דאָס יאָ", גיב איך צו, "אָבער זיי האָבן דאָס גראָד געוואָלט."

"עס איז באמת אַ קאָמעדיע, בעת מען טראַכט זיך אין דעם אַרײַן", זאָגט קראָפּ ווײַטער, "מיר זײַנען דאָך דאָ כּדי צו פֿאַרטיידיקן אונזער פֿאָטערלאַנד. אָבער די פֿראַנצויזן זײַנען דאָך דאָ אוי ך כּדי צו פֿאַרטיידיקן זייער פֿאָטערלאַנד. ווער איז אייגנטלעך דער גערעכטער!"

"אפֿשר זײַנען ביידע גערעכט", זאָג איך, און איך גלויב אַליין ניט אין מײַנע רייד.

"לאָמיר זאָגן, אַז ס'איז טאַקע אַזוי", וויל מיך אַלבערט צושפּאַרן צום וואַנט, "אָבער אונזערע פּראָפֿעסאָרן און די גלחים און די בלעטער טענהן דאָך אין איין קול, אַז נאָר מיר זײַנען די גערעכטע, און האָפֿנטלעך, וועט זיך דאָס טאַקע אַזוי אַרויסווײַזן; – אָבער די פֿראַנצויזישע פּראָפֿעסאָרן און גלחים און בלעטער שרײַען ווידער, אַז נאָר זיי זײַנען גערעכט, איז ווי וועט דאָס טאַקע זײַן דערמיט?"

"דאָס ווייס איך ניט", זאָג איך, "ווי עס זאָל אָבער ניט זײַן — די מלחמה בושעוועט און עס שטייען כּסדר צו איר צו אַלץ נײַע מלוכות."

טיאַדען קומט ווײַטער אָן. ער איז נאָך אַלץ האָפֿערדיק און ער מישט זיך תּיכּף אַרײַן אין דעם שמועס. קודם־כּל וויל ער וויסן, ווי אַזוי עס קומט בכלל צו אַ מלחמה.

"דאָס רובֿ הויבט זיך דאָס אָן דערמיט, וואָס איין לאַנד באַליידיקט שטאַרק די אַנדערע", ענטפֿערט אַלבערט מיט אַ מינע פֿון אַן עלטערן.

טיאַדען מאַכט זיך דאָס אָבער ניט באַגרײַפֿנדיק. "אַ לאַנד? דאָס פֿאַרשטיי איך ניט. אַ דײַטשער באַרג קאָן דאָך ניט באַליידיקן קיין פֿראַנצויזישן באַרג. אָדער אַ טײַך, אָדער אַ וואַלד, אָדער אַ פֿעלד.

171

"ביסטו טאַקע אַזאַ גולם, אָדער דו מאַכסט זיך נאַר?" בורטשעט קראָפּ. "איך מיין דאָך דאָס ניט אַזוי. איין פֿאָלק באַליידיקט דאָס אַנדערע" —

"אויב אַזוי, האָב איך דאָ ניט וואָס צי טאָן", ענטפֿערט טיאַדען, "איך פֿיל זיך לחלוטין ניט באַליידיקט."

"מען קאָן דען מיט דיר ריידן, ווי מיט אַ מענטשן, דו פֿערדישער מח?", ווערט קראָפּ ברוגז. "וועגן דעם אויב דו ביסט באַליידיקט, אָדער ניט, פֿרעגט דיר דאָך קיינער ניט."

"אויב אַזוי, קאָן איך דאָך געוויס גיין אַהיים", שפּאַרט זיך טיאַדען אײַן, און אַלע לאַכן זיך פֿאַנאַנדער.

"בהמה איינע, דאָס מיינט מען דאָך דאָס פֿאָלק, ווי אַ גאַנצן כּלל, דאָס מיינט מען די מלוכה" — שרײַט מילער.

"מלוכה, מלוכה" — טיאַדען טוט אַ ביטולדיקן קנאַק מיט די פֿינגער און פֿינטלט כּיטרע צו — פֿעלד־זשאַנדאַרן, פּאָליציי, שטײַערן, אָט דאָס איז אײַער מלוכה. אויב דו מיינסט טאַקע דאָס, קומט דיר דאָך אַדאַנק אין נאָז."

"אמת", זאָגט קאַט, "דאָס ערשטע מאָל האָסטו געזאָגט אַ ריכטיקע זאַך, טיאַדען. מלוכה און היימלאַנד, צווישן די ביידע זאַכן איז אַ גרויסער חילוק."

"אָבער זיי האָבן דאָך אַ נאָענטע שייכות איינער צום אַנדערן", מיינט קראָפּ. "קיין היימלאַנד אָן אַ מלוכה איז דאָך ניט פֿאַראַן."

"דו ביסט גערעכט, אָבער דערמאָן זיך, אַז מיר אַלע זײַנען דאָך גאָר פּשוטע מענטשן. און אין פֿראַנקרײַך זײַנען דאָך ס'רובֿ מענטשן אויך אַרבעטער, בעלי־מלאכות אָדער קליינע אָנגעשטעלטע. פֿאַרוואָס אייגנטלעך זאָל אַ פֿראַנצויזישער שלאָסער אָדער שוסטער אונדז וועלן טאָן שלעכטס? ניין, דאָס זײַנען נאָר די רעגירונגען. ביז איך בין געקומען אַהער, האָב איך נאָך קיינמאָל קיין פֿראַנצויז אין די אויגן ניט געזען, און מיט דעם גרעסטן טייל פֿון די פֿראַנצויזן איז אויך מסתּמא דאָסזעלביקע. באַ זיי פֿרעגט מען פּונקט אַזוי ווייניק, ווי באַ אונדז."

172

"איז פֿאַרוואָס האַלט מען בכלל מלחמה?" פֿרעגט טיאַדען.

קאַט קוועטשט מיט די פּלייצעס. "ס'זײַנען בלײַ־ספֿק פֿאַראַן מענטשן, וועמען דער קריג לוינט זיך."

"נו, איך באַלאַנג געוויס ניט צו די־אָ," לאַכט טיאַדען ביטער.

"דו ניט, און קיינער ניט פֿון אונדז."

"ווער דען?", שטייט טיאַדען צו, "דעם קיסער ברענגט ער דאָך אויך ניט קיין נוצן. אים פֿעלט דאָך סײַ־ווי גאָרנישט."

"זאָג דאָס ניט," קלערט אים קאַט אויף, "קיין מלחמה האָט ער נאָך ביז איצט ניט געהאַט. און יעדער חשובֿערער קיסר מוז פֿירן לכל־הפּחות כאָטש איין קריג, אַניט ווערט ער ניט באַרימט. טו נאָר אַ קוק אין דײַנע שול־ביכער."

"גענעראַלן ווערן אויך באַרימט דורך מלחמות," זאָגט דעטערינג.

"נאָך באַרימטער פֿון די קיסרים," באַשטעטיקט קאַט.

"געוויס זײַנען נאָך אין דעם אַרײַנגעמישט אַנדערע פֿאַרשוינען, וואָס ווילן אַרויסשלאָגן ריווח [révex] פֿון קריג," וואָרטשעט דעטערינג.

"מיר דאַכט, אַז גיכער ווי אַלץ איז דאָס אַ מין קריינק," זאָגט אַלבערט. "קיינער וויל ניט קיין מלחמה, און מיטאַמאָל פּלאַצט זי דאָך אַרויס. מיר האָבן דעם קריג ניט געוואָלט, די אַנדערע טענהן דאָסגלײַכן – און ניט געקוקט אַף דעם אַלעמען, איז אַ האַלבע וועלט פֿאַרוויקלט אין דעם."

"זיי האַקן אָבער מער שקרים [škórim], ווי מיר," זאָג איך," דערמאָנט זיך נאָר אָן די פֿלוג־בלעטלעך, וואָס די געפֿאַנגענע האָבן געהאַט באַ זיך ווי דאָרטן איז געזאָגט געוועוען, אַז מיר פֿרעסן בעלגישע קינדער. מען האָט געדאַרפֿט אויסהיינגען אָט יענע, וואָס שרײַבן אַזעלכע זאַכן. זיי זײַנען דאָס די אמתע שולדיקע."

מילער הייבט זיך אויף. "יעדנפֿאַלס איז בעסער, וואָס די מלחמה קומט פֿאָר דאָ. קוקט נאָר אָן די חרובֿע און צעריבענע פֿעלדער!"
173
"דאָס איז אמת," גיט אים טיאַדען געערכט. "אָבער נאָך בעסער וואָלט געווען, ווען ס'וואָלט גאָר ניט געווען קיין קריג."
ער גייט אַוועק שטאָלץ, ווײַל ער האָט ווי נויטיק איז, אײַנגעקנעלט מיט אונז, מיט די געבילדעטע.
אַלבערט לייגט זיך צו אין גראָז און זאָגט פֿאַרדראָסיק: "בעסער איז שוין גאָרניט צו ריידן וועגן דעם גאַנצן ענין."
"מיטן ריידן וועלן מיר סײַ־ווי גאָרנישט אויספֿירן," גיט אויך קאַט צו.
ווי אַ צוגאָב צו אונזערע צרות מוזן מיר נאָך צוריק אָפּגעבן אונזערע נײַע בגדים און צוריק אַרומשלעפּן אַף זיך די פֿאַרטשאָבעטע שמאַטעס. די גוטע בגדים זײַנען נאָר געווען פֿאַרן פֿאַראַד.
***
אָנשטאָט רוסלאַנד, טרײַבט מען אונז ווײַטער אַפֿן פֿראָנט, אַף אונזער וועג גייען מיר דורך אַ שיטערן וועלדל מיט צעשאָסענע בוימער און מיט צעריעטער ערד. אין עטלעכע ערטער זײַנען פֿאַראַן מוראדיקע גריבער. "דער רוח זאָל דאָס נעמען, דאָס הייסט אַרײַנגעקלאַפּט," זאָג איך צו קאַטן.
"מינע־וואַרפֿערס," ענטפֿערט ער און ווײַזט אינדערהויך.
אַף די צווײַגן הייגנען הרוגים. אַ נאַקעטער זעלנער ליגט פֿאַרטשעפּעט אין אַ צווײַגן־געפֿלעכט, אַף זײַן קאָפּ איז אָנגעטאָן דער קיווער, אָבער אַחוץ דעם האָט ער אַף זיך גאָרנישט. נאָר אַ העלפֿט פֿון אים זיצט אויבן, אַ גוף אָן פֿיס.
"וואָס באַטײַט דאָס?" פֿרעג איך.
"די מינע האָט אים אַרויסגעשטופּט פֿון זײַנע קליידער," וואָרטשעט טיאַדען.
קאַט זאָגט: "ס'איז אַ מאָדנע זאַך, מיר האָבן דאָס שוין אַ פּאָר מאָל צוגעזען. ווען אַזאַ מינע טוט אַ זעץ, ווערט מען פּשוט אַרויסגעשטופּט פֿון די קליידער. דאָס איז צוליבן לופֿט־דרוק."
174
איך זוך ווײַטער, ס'איז טאַקע אַזוי. דאָ הייגנען צעריסענע מונדירן, דאָרטן זעט מען אַ בלוטיקע קאַשע, וואָס אַמאָל זײַנען דאָס געווען מענטשלעכע אבֿרים. אָט ליגט אַ קערפּער, מיט איין פֿוס אָנגעטאָן אין אַן אונטערהויז, און אַפֿן האַלדז איז נאָך געבליבן דער קאָלנער פֿון מונדיר. אַחוץ דעם איז ער נאַקעט. זײַנע בגדים הייגנען אַף די צווײַגן. ביידע אָרעמס זײַנען ווי אַרויסגעשרויפֿט געוואָרן פֿון לײַב. איינעם פֿון זיי האָב איך געזען אין די קוסטעס מיט אַ צוואַנציק טריט ווײַטער.
דער מת ליגט אַפֿן פּנים. די ערד אונטער אים איז שוואַרץ פֿון בלוט. דאָס גראָז אונטער זײַנע פֿיס איז צעריבן, עס שײַנט, אַז דער פֿאַרווונדיקטער האָט זיך שטאַרק געצאַפּלט.
"איין קלייניקייט," מאַך איך צו קאַט.
"אַ גראַנאַט־שפּליטער אין בויך איז אויך וואָס ווערט," ענטפֿערט ער, ציענדיק מיט די פּלייצעס.
"נאָר ניט צעקראָכן ווערן," וואָרנט אונז טיאַדען.
מסתּמה האָט דאָס גאָר ניט לאַנג פֿאַסירט, דאָס בלוט איז נאָך פֿריש. ווײַל אַלע, וועמען מיר זעען דאָ, זײַנען שוין טויט, האַלטן מיר זיך ניט אויף, מיר מעלדן וועגן דעם אין נאָענטסטן סאַניטאַרן־פּונקט. סוף־כּל־סוף איז דאָך ניט אונזער אויפֿגאַבע אָפּצונעמען אַ שטיקל אַרבעט בײַ די דאָזיקע טרעגערס.
***
עס איז נויטיק אַרויסצושיקן אַ פּאַטרול, כּדי אויסצוגעפֿינען, ווי ווײַט עס ציען זיך דעם שׂונאס פּאָזיציעס. אין צוזאַמענהאַנג מיט מײַן אורלויב האָב איך עפּעס אַ מין שולד־געפֿיל לגבי מײַנע חבֿרים, און דעריבער רוף איך זיך אַרויס מיטצוגיין מיטן פּאַטרול. מיר ריידן אָפּ דעם פּלאַן, קריכן דורך די דראָטן און גייען זיך דעמאָלט פֿאַנאַנדער, כּדי ווײַטער צו פּויזשען איינציקווײַז. אין אַ ווײַלע אַרום געפֿין איך אויס אַ פּלאַטשיקן טרעכטער, אין וועלכן איך קריך אַרײַן. פֿון דאַנען לוג איך אַרויס.
דער גאַנצער שטח ווערט באַשאָסן דורך קוילן־וואַרפֿערס. דאָס פֿײַער פּענזלט פֿון אַלע זײַטן, אַפֿילו ניט צי שטאַרק, אָבער דאָך געפֿערלעך גענוג, און מען דאַרף זיך היטן צו אָפּן אַרויסצושטעלן דאָס פּעקל ביינער.

עס פֿליט אויף אַ שירעם־ראַקעט, און דער גאַנצער שטח ווערט אָפּגעגאָסן מיט אַ בלאַסן ליכט. נאָכדעם, ווי עס פֿאַרלעשט זיך, ווערט עס נאָך טונקעלער. באַ אונז אין גראָבן האָט מען דערציילט, אַז איצט שטייען קעגן אונז שוואַרצע זעלנער. דאָס איז ניט גוט, מען קאָן זיי שלעכט דערזען, מען קאָן זיי שלעכט דערזען, אַחוץ דעם זײַנען זיי זייער פֿלינקע אויסקוקער. אָפּטמאָל זײַנען זיי אָבער מאָדנע ניט־באַרעכנט; — אַזוי האָבן קאַט און קראָפּ איינמאָל אַראָפּגעשאָסן אַ שוואַרצן פּאַטרול דערפֿאַר, ווײַל יענע זײַנען זייער להוט אַף סיגאַרעטן און האָבן גערויכערט. קאַט און אַלבערט האָבן זיך געצילעוועט אין די גלימערנדיקע פֿינטעלעך פֿון די סיגאַרעטן.

דערבײַ לעבן מיר שלאָגט אײַן אַ קליין גראַנאַטל. איך האָב גאָרניט געהערט, ווי ער קומט, און איך דערשרעק זיך שטאַרק. צוגלײַך כאַפּט מיך אָן אַ משוגענער פּחד. איך בין דאָ אַליין און כמעט גאָר אָן הילף אין אַרומיקן חושך. — אפֿשר קוקן מיך שוין נאָך פֿון אַ טרעכטער אַ פּאָר פֿרעמדע אויגן, און אַ האַנט־גראַנאַט ליגט שוין גרייט מיך צו טרעפֿן און צערײַסן. איך פּרוּוו זיך אויסגלײַכן. דאָס איז ניט מײַן ערשטער פּאַטרול, און אויך ניט קיין באַזונדערש געפֿערלעכער. אָבער איצט, נאָכן אורלויב, איז דאָס פֿאַר מיך דער ערשטער, און דערצו איז מיר נאָך די געגנט פֿרעמד.

איך רייד זיך אַליין אײַן, אַז מײַן אופֿרעקונג האָט ניט קײַן גרונט, אַז אין דעם אַרומיקן חושך לאָקערט קיינער נישט, ווײַל אַניט וואָלט מען דאָך ניט געשאָסן אַזוי פֿלאַך איבער דער ערד.

אומזיסט. אין אַ ווילדן געמיש זשוזשען מיר אין מח די געדאַנקען — איך הער די וואָרנענדיקע שטים פֿון מײַן מאַמען, איך זע, ווי די רוסן מיט די פֿלאַטערנדיקע בערד שפּאַרן זיך אָן די גראַטעס. איך שטעל מיר אַף אַ ווונדערלעך בולטן אופֿן פֿאָר אַ זעלנער־קרעמל מיט שטילכלעך, אַ קינאָ ערגעץ אין וואַלאַנסיען, אין מײַן אײַנבילדונג זע איך פּײַנלעך און מוראדיק, ווי עס גלאָצט מיר אַנטקעגן לאָקערנדיק און גרויזאַם אַ מויל פֿון אַ האַרמאַט, און ווּהין איך דריי ניט מײַן קאָפּ, שטייט מיר דער האַרמאַט אַלץ אַנטקעגן: איך בין אינגאַנצן אויסגעווייקט פֿון שווייס.

איך ליג נאָך אַלץ אין מײַן מולטער. איך טו אַ קוק אַפֿן זייגער; עטלעכע מינוטן זײַנען ערשט אַוועק, מײַן שטערן איז פֿאַרשוויצט, מײַנע אויגן זײַנען נאַס, די הענט ציטערן, און איך פּרײַך שטיל. דאָס איז מיך געוויס באַפֿאַלן אַ שטאַרקער פּחד, אַ מין הינטישע, טויט־שרעק אַרויסצושטעקן דעם קאָפּ און צו פּויזשען ווײַטער.

מײַן שפּאַנונג פֿאַרוואַנדלט זיך אין דעם איין פֿאַרלאַנג, ליגן צו בלײַבן. מײַנע גלידער זײַנען אָנגעקלעפּט צו דער ערד, איך מאַך אַן אומזיסטיקן פּרוּוו; — זיי ווילן זיך ניט אָפּקלעפּן. איך דריק זיך צו דער ערד, איך קאָן ניט קריכן פֿאָרויס, איך באַשליס צו בלײַבן ליגן.

אָבער עס פֿאַרכאַפּט מיך תּיכּף אַן אַנדער כוואַליע, אַ כוואַליע פֿון בושה, חרטה און אויך פֿון ווערלן ראַטעווען מײַן לעבן. איך טו זיך אַביסל אַ הייב, כּדי זיך אַרומצוקוקן. איך קוק אַזוי שאַרף אַרײַן אין דעם חושך, אַז מײַנע אויגן נעמען ברענען. אַ ראַקעט הייבט זיך אויף; — איך טופּע זיך ווײַטער אײַן.

איך האָב אויסצושטיין אַ משוגענעם, ווילדן קאַמף, איך וויל אַרויס פֿון מולטער, און איך גליטש זיך ווײַטער אַרײַן אַהין, איך זאָג זיך: "דו מוזט דאָס טאָן, עס רעדט זיך דאָך ניט וועגן עפּעס אַ נאַרישן פּוסטן באַפֿעל, עס האַנדלט זיך דאָך וועגן דײַנע חבֿרים," — און באַלד אַן ענטפֿער; "וואָס גייט דאָס מיך אָן, איך לעב דאָך נאָר איין מאָל אַף דער וועלט" —

דאָס מאַכט אַלץ דער אורלויב, פֿאַרטיידיק איך זיך מיט אַ ביטערניש. אָבער איך גלויב אַליין ניט אין דעם, איך דערפֿיל, אַז איך האָב מער קיין כּח ניט, איך הייב זיך פּאַמעלעך אויף און שפּאַר זיך אָן אַף די הענט, איך צי דעם רוקן, ווי אַ שלאַנג, און איצט ליג איך שוין האַלב אַפֿן ראַנד פֿון טרעכטער.

177

מיטאַמאָל דערהער איך אַ רעש און כ'צי זיך צוריק. צווישן די קלעפּ הערט מען נאָך פֿאַרדעכטיקע גערוישן. איך הער זיך אײַן; — דאָס גערויש טראָגט זיך הינטער מיר. דאָס זײַנען אונזערע. זיי גייען דורכן גראָבן. איצט הער איך אויך פֿאַרשטיקטע שטימען. לויטן קול קאָן דאָס זײַן קאַט, דער וואָס רעדט איצט.

מיט איין מאָל שטראָמט מיך דורך אַן אויסטערלישע וואַרימקייט. אָט די שטימען, די עטלעכע, שטילע ווערטער, די גנבֿישע טריט אין גראָבן הינטער מיר, רײַסן מיך מיט איין זעץ אַרויס פֿון דער מוראדיקער אײַנזאַמקייט, פֿון טויט־שרעק. זיי באַטײַטן מער, ווי מײַן לעבן, די דאָזיקע שטימען, זיי באַטײַטן מער, ווי אַ מאַמעס צערטלעכקייט און ווי פּחד, זיי זײַנען דאָס שטאַרקסטע און דאָס באַשיצנדיקסטע, וואָס מען קאָן זיך בכלל פֿאָרשטעלן; דאָס זײַנען די שטימען פֿון מײַנע חבֿרים.

איך בין שוין ניט מער אַ ציטערדיק שטיקעלע לעבן אַליין אין דעם חושך — איך באַלאַנג צו זיי און זיי צו מיר, מיר האָבן אַלע די גלײַכע מורא און דאָס גלײַכע לעבן, מיר זײַנען פֿאַרקניפּט איינער מיטן אַנדערן מיט פּשוטע און פֿאַרפֿלאָנטערטע פֿעדים. עס ווילט זיך מיר אײַנגראָבן מײַן פּנים אין זיי, אין די פּאָר ווערטער, וועלכע האָבן מיך גערעטעוועט און וועלכע וועלן מיר נאָך בײַשטיין.

***

מיט גרויס פֿאָרזיכט כאַפּ איך זיך אַריבער איבערן ראַנד און פּויזשע ווי אַ וואָרים ווײַטער. איך שלעפּ זיך אַף אַלע פֿיר; עס גייט גוט, איך מעסט מיט די אויגן די ריכטונג, קוק זיך אַרום און מערק זיך אָן דאָס בילד פֿון דעם האַרמאַטן־פֿײַער, כּדי איך זאָל קאָנען געפֿינען דעם וועג צוריק. נאָכדעם פּרווו איך זיך פֿאַרבינדן מיט די אַנדערע.

איך האָב נאָך אַלץ פּחד, אָבער דאָס איז אַ שׂכלדיקער פּחד, אַן אויסטערליש פֿאַרשטאַרקטע פֿאָרזיכטיקייט. די נאַכט איז ווינטיק, און שאָטנס וואַקלען זיך אַהין און צוריק באַ יעדן אויפֿפֿלאַקערן פֿון אַ שאָס. צוליב דעם זעט מען אי צו ווייניק, אי צו פֿיל. אָפֿט ווער איך, ווי פֿאַרשטיינערט, אָבער ס'איז נאָך אַלץ ניט דאָס. אָט אַזוי פּויזשע איך אַוועק אַ היפּשן מהלך פֿאָרויס און איך פֿאַרקירעווע אַף צוריק. די פֿאַרבינדונג האָב איך ניט געפֿונען. וואָס נעענטער איך קום צו אונזער גראָבן, אַלץ זיכערער בין איך, און אַלץ גיכער פּויזשע איך. איצט וואָלט זיך דאַך שוין לחלוטין ניט שיקן, מען זאָל מיך דערשיסן.

אַ נײַער שרעק נעמט מיך מיטאַמאָל דורך. איך דערקען ניט מער דעם וועג. שטיל גליטש איך זיך אַרײַן אין אַ טרעכטער, און פּרווו זיך פֿון דאָרטן אָריענטירן. ס'איז שוין אַסך מאָל פֿאָרגעקומען, אַז מען איז מיט שׂמחה אַרײַנגעשפּרונגען אין אַן אָקאָפּע, און נאָכדעם האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ס'איז ניט די ריכטיקע.

איך הויב זיך ווײַטער אָן צוצוהערן. איך ווייס נאָך אַלץ ניט, ווו איך בין. דער פּלאָנטער פֿון די טרעכטערס און גריבער פֿירט מיך גאָר אַראָפּ פֿון ריכטיקן וועג, און פֿון אויפֿרעקונג ווייס איך שוין בכלל ניט, וווהין איך זאָל זיך פֿאַרנעמען. אפֿשר פּויזשע איך גאָר פּאַראַלעל מיט אונזערע אָקאָפּעס, דעמאָלט וועט דאָך גאָר קיינמאָל דערצו קיין סוף ניט נעמען. דעריבער פֿאַרקערעווע איך זיך נאָכאַמאָל.

די פֿאַסקודנע שירעם־ראַקעטעס! מיר שײַנט, אַז זיי שײַנען שעהנלאַנג, איך קאָן קיין באַוועגונג ניט מאַכן, אַניט — וועלן תּיכּף אָנהויבן פֿײַפֿן גראַנאַטן אַרום מיך.

אָבער עס לאָזט זיך ניט אַנדערש, איך מוז אַרויס. איך קריך פֿאָרווערטס מיט הפּסקות, פּויזשע הינטערווײַלעכס און צעשנײַד זיך די הענט אָן די שפּיציקע שפּליטערס, וואָס זײַנען שאַרף, ווי גאָל־מעסערס. אַנדערעמאָל שײַנט מיר, אַז דער הימל ווערט אַפֿן האָריזאָנט אַביסל ליכטיקער, אָבער דאָס איז נאָר אַן אײַנריידעניש. איך זע אָבער אײַן, אַז איצט גיי איך אַפֿן טויט.

179

אַ גראַנאַט שלאָגט אײַן. תּיכּף קומען אָן צוויי אַנדערע. און אַזוי הויבט זיך דאָס אָן. אַ פֿײַער־אָנפֿאַל. קוילן־וואַרפֿערס קנאַקן. לעת־עתּה איז ניטאָ קיין אַנדער אויסוועג, ווי נאָר בלײַבן ליגן. עס שײַנט, אַז דאָ קומט אַן אַטאַקע. אומעטום הייבן זיך ראַקעטעס, אָן אויפֿהער.

איך ליג פֿאַרדרייט אין אַ גרויסן טרעכטער, די פֿיס ווייקן זיך אין וואַסער ביזן בויך. ווען די אַטאַקע וועט זיך אָנהויבן וועל איך אינגאַנצן זיך אַרײַנוואַרפֿן אין וואַסער, וויפֿיל ס'וועט זיך נאָר לאָזן , כּדי ניט דערשטיקט צו ווערן, דאָס פּנים וועל איך אײַנגראָבן אין קויט. איך וועל מוזן זיך פֿאַרשטעלן פֿאַר אַ מת.

מיטאַמאָל דערהער איך, ווי דאָס פֿײַער ווערט אַריבערגעהייבן. תּיכּף גליטש איך זיך אַראָפּ אונטערן וואַסער, דעם קיווער פֿאַררוק איך אינגאַנצן אַפֿן קאַרק, די מויל שטעל איך אַרויס גאָר אַף אַזוי פֿיל, כ'זאָל קאָנען עטעמען.

איך ליג אָן באַוועגונג; — ווײַל ערגעץ הויבט שוין אָן עפּעס צו בראַזגען, מען רוקט זיך און מען טראַמפּלט אַלץ נעענטער, — אַלע נערוון אין מיר ווערן אָנגעצויגן, דאָס בלוט ווערט פֿאַרקילט. דאָס בראַזגען איבער מיך דערווײַטערט זיך, די ערשטע טרופּע איז שוין אַוועק. מײַן מח עגבערט נאָר איין געדאַנק: וואָס וועסטו טאָן, אויב עמיץ וועט אַרײַנשפּרינגען צו דיר אין טרעכטער? — איך טו אַ גיכן ריס מײַן מעסער, נעם אים פֿעסט אָן און גראָב מײַן האַנט ווײַטער אײַן אין בלאָטע. אין קאָפּ האַמערט מיר אַ געדאַנק, אַז ווי נאָר עמיץ שפּרינגט אַרײַן, וועל איך תּיכּף שטעכן, אים תּיכּף דורכשנײַדן דעם גאָרגל, כּדי ער זאָל ניט קאָנען שרײַען, אַנדערש קאָן מען דאָ גאָרנישט מאַכן, ער וועט זיך אויך איבערשרעקן, פּונקט

אַזוי ווי איך, און שוין פֿון שרעק אַליין ווען מיר אַרופּפּאַלן איינער אָפּן אַנדערן, דעריבער מוז איך זײַן דער ערשטער.

איצט הויבן אָן אונזערע באַטאַרייעס שיסן. אַ גראַנאַט שלאָגט אײַן גאָר ניט ווײַט פֿון מיר בײַ דעם גערדאַנק, אַז איך וועל פֿאַלן פֿון די אייגענע קוילן, ווער איך גאָר משוגע און ווילד: איך שילט און סקריפּע מיט די ציין אין דעם קויט; דאָס איז אַן אויסברוך פֿון גרימצאָרן, ווען ער שטילט זיך אײַן, הויב איך אָן קרעכצן און קלאָגן.

עס דערגרייכט צו מיר דאָס רײַסן פֿון האַנט־גראַנאַטן. אויב אונזערע מאַכן אַ קאָנטער־אַטאַקע, בין איך באַפֿרײַט. איך דריק צו דעם קאָפּ צו דער ערד און הער טעמפּע דונערס, ווי ס'וואָלטן אופּגעריסן געוואָרן פֿעלזן – און איך הייב זיך ווײַטער אויף, כּדי צו הערן די גערוישן פֿון אויבן.

די קוילן־וואַרפֿערס שטעפּן. איך ווייס, אַז אונזערע דראָט־פֿאַרצוימונגען זײַנען פֿעסט און כּמעט ניט־באַשעדיקט;— אַ טייל זייערער איז אָנגעלאָדן מיט הויכן עלעקטרישן שטראָם. די ביקסן־שיסערײַ וואַקסט זיך פֿאַנאַנדער. זיי קומען ניט דורך, זיי מוזן אָפּטרעטן צוריק.

איך דריי זיך פֿונדאָסנײַ צוזאַמען, אָנגעשטריינגט ביז גאָר. דאָס בראַזגען און טרעטן דערנעענטערט זיך. צווישן דעם בראַזג הערט זיך אַ דורכדרינגענדיקער יאָמער. מען באַשיסט זיי, די אַטאַקע איז אָפּגעשטויסן.

***

דערווײַל איז שוין אַביסל ליכטיקער געוואָרן. איבער מיך טראָגן זיך האַסטיקע שפּרײַזן. די ערשטע אַוועק. אַנדערע קומען. דאָס קנאַקן פֿון די קוילן־וואַרפֿערס הערט גאָר ניט אויף. איך וויל זיך איבערדרייען, אין דערזעלביקער רגע טוט עפּעס אַ קלאַפּ, און צו מיר אין טרעכטער פֿאַלט אַרײַן אַ קערפּער, קײַקלט זיך אַראָפּ, ליגט אַף מיר — איך טראַכט נישט, איך קלער נישט — איך שטעך ווילד אַרײַן מײַן מעסער און איך פֿיל נאָר, ווי דאָס לײַב טוט זיך אַ צאַפּל, נאָכדעם ווערט עס אָפּגעלאָזן און פֿאַלט צוזאַמען, ווי אַ ליידיקער זאַק. ווען איך קום צו זיך, שפּיר איך, אַז מײַן האַנט איז קלעפּיק און נאַס.

ער כאָרכלט. עס דאַכט מיר אויס, אַז ער ברומט, אַז יעדער אָטעם זײַנער איז אַ ווילדער געשריי, אַ דונער — אָבער דאָס שלאָגן נאָר אַזוי טומלדיק מײַנע אָדערן. מיר ווילט זיך אים צוהאַלטן די מויל, זי פֿאַרשטאָפּן מיט בלאָטע, אים נאָכאַמאָל אַרײַנשטעכן דאָס מעסער, ער זאָל שטיל ווערן, ווײַל ער וועט מיך דאָך אַרויסגעבן; אָבער איך בין שוין אַף אַזוי פֿיל ניכטער און כ'בין פּלוצלונג אַזוי אָפּגעשוואַכט געוואָרן, אַז איך קאָן מער בשום אופֿן ניט אופֿהייבן די האַנט אַף אים.

איך פֿאַרקריך אין דעם ווײַטסטן ווינקל און בלײַב דאָרטן ליגן, מיט די אויגן אומבאַוועגלעך אײַנגעריסן אין אים, דאָס מעסער פֿעסט אײַנגעקלאַמערט, גרייט ווײַטער אים צו שטעכן, ווי נאָר ער וועט זיך אַ ריר טאָן. — אָבער לויט זײַן כאָרכלען הער איך, אַז ער וועט שוין מער גאָרנישט טאָן.

איך זע אים אומקלאָר. איין פֿאַרלאַנג ברענט אין מיר, אַרויסצוקומען פֿון דאַנען. ווען דאָס וועט תּיכּף ניט געשען, וועט שפּעטער ווערן צו ליכטיק; איצט אַפֿילו איז דאָס שוין אויך ניט לײַכט. אָבער ווען איך פּרוּוו אופֿהייבן דעם קאָפּ, זע איך, אַז דאָס איז אוממעגלעך. דאָס פֿײַער פֿון די קוילן־וואַרפֿערס קאָסיעט דעם גאַנצן שטח אַזוי, אַז איידער איך וועל נאָך באַוויזן אַ שפּרונג צו טאָן, וועל איך שוין דורכגעלעכערט ווערן, ווי אַ זיפּ.

איך פּרוּוו אַביסל אַרויסשטעלן מײַן קיווער, כּדי צו זען, ווי הויך איבער דער ערד עס פֿאַלן די שאָסן. אין אַ רגע אַרום ווערט ער מיר דורך אַ קויל אַרויסגעריסן פֿון האַנט. דאָס הייסט, אַז דאָס פֿײַער לייגט זיך נידעריק איבער דער ערד. און איך בין ניט גענוג ווײַט פֿון דעם שׂונאס פּאָזיציע, כּדי ניט געמערקט און ניט אַראָפּגעשאָסן צו ווערן בײַ מײַן ערשטן פּרוּוו צו אַנטלויפֿן.

עס ווערט אַלץ ליכטיקער. איך וואַרט זשעדנע אַף אונזער אַטאַקע. מײַנע הענט זײַנען שוין ווײַס געוואָרן בײַ די קנעכלעך, אַזוי שטאַרק דריק איך זיי צוזאַמען אין מײַן תּפֿילה, אַז דאָס פֿײַער זאָל זיך אָפּשטעלן און מײַנע חבֿרים זאָלן שוין קומען.

אַ רגע נאָך אַ רגע גייט אַוועק. איך פּועל ניט בײַ זיך אַפֿילו נאָך איין קוק צו טאָן אַף דאָס טונקעלע געשטאַלט פֿון מײַן שכן. אין גרויס אָנשטריינגונג קוק איך פֿאַרבײַ אים און כ'וואַרט, כ'וואַרט. די האַרמאַטן זשומען, עס איז אַ מין שטאָלענע נעץ, זיי הערן גאָר ניט אויף.

איך טו אַ קוק אַף מײַן בלוטיקע הענט און כ'דערפֿיל אַ פּלוצלינגדיקן עקל. איך רײַב אײַן די הויט מיט קויט, איצט איז די האַנט בלאָטיק, זעט מען לכל־הפּחות מער ניט דאָס בלוט.

די שיסערײַ שטעלט זיך ניט אָפּ. בײַדע זײַטן גיבן פֿײַער. באַ אונז האַלט מען מיך שוין מסתּמא לאַנג פֿאַר אומגעקומען.

***

ס'אין שוין העלער, גראָער בעגינען. דאָס כאָרכלען דערטראָגט זיך נאָך. איך האַלט זיך צו די אויערן, אָבער כ'מוז באַלד צוריק אַוועקנעמען די פֿינגער, ווײַל אַ ניט קאָן איך אויך די אַנדערע געוויינען ניט הערן.

דאָס אַנטקעגנדיקע געשטאַלט נעמט זיך רירן. איך דערשרעק זיך און קוק ניט ווילנדיק אַהין. איצט קאָן איך שוין מײַנע בליקן מער פֿון אים ניט אָפּרײַסן. דאָ ליגט אַ מענטש מיט קליינע וואָנסעלעך, זײַן קאָפּ איז אַראָפּגעזונקען אַף אַ זײַט, אַן אָרעם איז האַלב געבויגן, איבער אים ליגט אָפּגעחלשט דער קאָפּ. מיט דער אַנדערער האַנט האַלט ער זיך פֿאַר דאָס פֿאַרבלוטיקטע האַרץ.

ער איז טויט, רייד איך צו זיך, ער מוז זײַן טויט, ער פֿילט שוין מער גאָרנישט; נאָר דער קערפּער לעבט נאָך. אָבער ער פּרוּווט נאָך אופֿהייבן דעם קאָפּ, דאָס קרעכצן שטאַרקט זיך אַף אַ רגע, נאָכדעם פֿאַלט דער שטערן ווײַטער אַראָפּ אַפֿן אָרעם. ער גוססט, אָבער טויט איז ער נאָך ניט. איך טו זיך אַ רוק צו אים, בלײַב ליגן, שפּאַר זיך אָן אַף די הענט, פּויזשע ווײַטער, כ'וואַרט אָפּ — ווײַטער, אַ שוידערלעכער, לאַנגער וועג פֿון דרײַ מעטער. צום סוף בין איך שוין לעבן אים.

ער עפֿנט די אויגן. ווי עס שײַנט, האָט ער מיך געהערט צוקריכנדיק, און ער קוקט מיך איצט אָן מיט אַן אויסדרוק פֿון אומבאַשרײַבלעכן גרויל. דער גוף איז אומבאַוועגלעך, אָבער אין די אויגן באַווײַזט זיך אַן אויסטערלישער אימפּעט, און אַף אַ רגע טו איך אַ טראַכט, אַז זיי ווילן פֿאַרמאָגן אַף אַזוי פֿיל כּח, כּדי אַ ריס צו טאָן נאָך זיך דעם גאַנצן גוף אַף אַ מהלך פֿון הונדערטער קילאָמעטערס מיט איין שטופּ. איצט איז ער שטיל, לחלוטין רויִק, זײַן כאָרכלען האָט אופֿגעהערט, אָבער די אויגן שרײַען, ברומען, אין זיי האָט זיך דאָס גאַנצע לעבן צונויפֿגעשמאָלצן אין אַן אומגעוויינטלעכער אָנשטריינגונג צו אַנטלויפֿן. אין אַ געוואַלטיקן חיהשן שרעק פֿאַרן טויט, פֿאַר מיר.

איך טו אַ פֿאַל אַף די עלנבויגנס, און מײַנע געליינקען קנאַקן. "ניין, ניין," שעפּטשע איך.

די אויגן גייען מיר נאָך. כּל־זמן זיי קוקן מיר נאָך, בין איך ניט בכּח זיך אַ ריר צו טאָן.

זײַן האַנט פֿאַלט פּאַמעלעך אַראָפּ פֿון ברוסט. נאָר אַף אַ קליין שטיקעלע פֿאַלט זי אַראָפּ, אָבער די דאָזיקע באַוועגונג שוואַכט דעם אימפּעט פֿון די אויגן. איך בויג זיך צו, שאָקל מיטן קאָפּ און שעפּטשע: "ניין, ניין, ניין," איך הייב אוף אַ האַנט, איך מוז אים ווײַזן, אַז כ'וויל אים נאָר באַהילפֿיק זײַן, און כ'טו אים אַ גלעט איבערן שטערן.

בעת איך הייב אוף מײַן האַנט, קוקן די אויגן זי נאָך, זיי פֿאַרלירן איצט זייער אומבאַוועגלעכקייט, די וויעס לאָזן זיך טיפֿער אַראָפּ, די שפּאַנונג לאָזט אָפּ. איך קנעפּל אים אוף דעם קאָלנער און מאַך צורעכט די אומבאַקוועמע לאַגע פֿון קאָפּ.

די ליפּן זײַנען האַלב־אָפֿן, זיי מיען זיך צו געשטאַלטן ווערטער. די ליפּן זײַנען אויסגעטריקנט. מײַן פֿלעשל איז ניטאָ, איך האָב עס ניט מיטגענומען. אָבער אין דער בלאָטע אונטן אין טרעכטער איז פֿאַראַן וואַסער, איך קריך אַראָפּ, שפּרייט אַרויס מײַן נאָז־טיכל, און שעפּ מיט דער האַנט אין דעם אָן דאָס געלע וואַסער פֿון דאָרטן.

ער זופּט דאָס אויס. איך ברייננג נאָך. נאָכדעם קנעפּל איך אָפּ זײַן מונדיר, כּדי אים צו פֿאַרבאַנדאַזשירן, אויב ס'וועט זיך לאָזן. בכל אופֿן מוז איך דאָס טאָן, כּדי יענע, אויב זיי וועלן מיך כאַפּן, זאָלן זען, אַז איך האָב אים געוואָלט העלפֿן, און זיי זאָלן מיך ניט שיסן. ער פּרוּווט זיך אָפּווערן, אָבער זײַן האַנט איז צו שוואַך דערצו. דאָס העמד איז צוגעקלעפּט צו דער ווונד און לאָזט זיך ניט אָפּרוקן אָן אַ זײַט, ס'איז צוגעקנעפּלט פֿון הינטן. איך מוז דאָס צעשנײַדן.

איך זוך מײַן מעסער און געפֿין עס ווידער. אָבער ווען איך הויב אָן צו שנײַדן דאָס העמד, עפֿענען זיך זײַנע אויגן פֿונדאָסנײַ, און עס באַווײַזט זיך אין זיי ווײַטער דאָס געשריי און דער משוגענער אויסדרוק, אַזוי אַז איך מוז זיי אים צוהאַלטן און איך שעפּטשע: "איך וויל דיר דאָך העלפֿן, קאַמראַד, קאַמראַד, קאַמראַד, קאַמראַד, — " חזר איך מערערע מאָל איבער דאָס וואָרט, כּדי ער זאָל דאָס פֿאַרשטיין.

דרײַ אָפֿענע ווונדן זײַנען אַף דער ברוסט. איך פֿאַרדעק זיי מיט מײַנע באַנדאַזשן, דאָס בלוט שטראָמט אונטער זיי, איך דריק זיי פֿעסטער צו, און ער קרעכצט.

דאָס איז אַלץ, וואָס איך קאָן טאָן. איצט מוזן מיר וואַרטן, וואַרטן.

***

די שרעקלעכע שעהן.— דאָס כאָרכלען הויבט זיך ווײַטער אָן — ווי לאַנגזאַם אַ מענטש שטאַרבט! ווײַל איך ווייס, אַז מען קאָן אים שוין ניט ראַטעווען. איך האָב זיך דאָס אַפֿילו געפּרוּווט אײַנריידן, אָבער שפּעטער איז די האָפֿענונג צערונען געוואָרן אונטער זײַנע גסיסה־קרעכצן. ווען איך וואָלט בעתן קריכן ניט געהאַט פֿאַרלאָרן מײַן רעוואָלווער, וואָלט איך אים דערשאָסן. דערשטעכן אים קאָן איך ניט.

מיטיקצײַט ווערן מײַנע געדאַנקען מטושטש. אַ ווילדער הונגער מאַטערט מיך, איך ווײן זיך שיעור ניט פֿאַנאַנדער, אַזוי שטאַרק וויל איך עסן, אָבער איך קאָן גאָרנישט טאָן. אַסך מאָל שעפּ איך אײַן פֿאַרן גוסס וואַסער און איך טרינק אַליין אויך דערפֿון.

דאָס איז דער ערשטער מענטש, וועמען איך האָב דערהרגעט מיט מײַנע אייגענע הענט, ווײַל איך זע דאָך אײַן, אַז דאָס האָב איך געבראַכט אַף אים דעם טויט. קאַט און קראַפּ, און מילער האָבן שוין ניט איינמאָל געזען, ווי זיי האָבן עמיצן דערשטאָכן, אַלע האָבן דאָס שוין דורכגעמאַכט, באַזונדערש אין געפֿעכט פּנים־אל־פּנים. —

אָבער יעדער זיפֿץ זײַנער צערײַסט מיר מײַן האַרץ. אָט דער גוסס האַלט אין די הענט אַ ניט־געזעענעם מעסער, מיט וועלכן ער קוילעט מיך: די שעהן און מײַנע געדאַנקען.

איך וואָלט דעם טײַערסטן פּרײַז באַצאָלט, כּדי ער זאָל נאָר בלײַבן לעבן. עס איז זייער שווער דאָ צוליגן און זײַן געצוווּנגען אים צו זען און צו הערן.

באַטאָג, אַרום דרײַ אַזייגער, שטאַרבט ער.

איך עטעם אויף. אָבער נאָר אַף אַ קורצער צײַט, עס איז מיר שווער אַריבערצוטראָגן די שטילקייט, שווערער ווי דאָס פֿריערדיקע קרעכצן. איך וואָלט וועלן, אַז דאָס כאָרכלען זאָל גאָר ניט האָבן אויפֿגעהערט, אָט דאָס פֿאַרהעקערטע, הײַזעריקע כאָרכלען, וואָס האָט זיך דערטראָגן אַמאָל פֿײַפֿנדיק שטיל און אַמאָל הייזעריק און הויך.

דאָס ,וואָס איך טו, האָט קיין זין ניט. אָבער איך מוז האָבן עפּעס אַן אַרבעט. איך לייג דעם מת נאָכאַמאָל איבער, כּדי ער זאָל ליגן באַקוועמער, אויב אַפֿילו ער פֿילט שוין מער סײַ ווי נישט. איך מאַך אים צו די אויגן, זיי זײַנען ברוין, דאָס האָר איז שוואַרץ, פֿון די זײַטן אַביסל געקרײַזלט.

די מויל אונטער די וואָנצעס איז פֿול און ווייך; די נאָז איז לײַכט געבויגן, די הויט — ברוינלעך, זי זעט איצט מער ניט אויס אַזוי אַשפֿאַרביק, ווי פֿריער, בעת זײַן לעבן. איין מאָמענט זעט דאָס פּנים אויס כּמעט, ווי געזונט; – אָבער באַלד פֿאַרוואַנדלט זיך דאָס אין איינעם פֿון יענע פֿרעמדע מתים־פּנימער, וואָס כ׳האָב שוין אַזוי פֿיל געזען, און וואָס זײַנען אַלע גלײַך.

זײַן ווײַב טראַכט איצט געוויס וועגן אים; זי ווייס ניט, וואָס ס׳איז געשען. ער זעט אויס ווי אַ מענטש, וואָס האָט אָפֿט געשריבן צו זײַן ווײַב; — זי וועט נאָך איצט אויך באַקומען פֿון אים בריוו — מאָרגן, אין אַ וואָך אַרום, — אפֿשר נאָך אין אַ חודש אַרום אויך אַ פֿאַרבלאָנדזשעטן בריוו. זי וועט אים לייענען, און ער וועט צו איר אָרויסריידן פֿון דעם בריוו.

מיר ווערט אַלץ ערגער, איך קאָן שוין מער ניט אײַנהאַלטן מײַנע געדאַנקען. ווי זעט דען אייגנטלעך אויס אָט די פֿרוי? אַזוי ווי די מאָגערע ברונעטין פֿון יענער זײַט קאַנאַל? האָט זי דען איצט ניט קיין שייכות צו מיר? אפֿשר באַלאַנגט זי מיר איצט צוליב דעם, וואָס ס׳איז געשען! ווען קאַנטאָרעק וואָלט איצט געזעסן לעבן מיר! וואָלט מײַן מאַמע מיך איצט געזען. — ווען איך וואָלט בעסער זיך אַרײַנגעקלאַפּט אין מח, ווי איך זאָל גיין צוריק, וואָלט דער געשטאָרבענער בלי־ספֿק נאָך געקאָנט לעבן אַ דרײַסיק יאָר. ווען ער וואָלט אין פֿאַרבײַלויפֿן זיך פֿאַרנומען צוויי מעטער מער אַף לינקס, וואָלט ער איצט געזעסן אין בלינדאַזש צווישן אייגענע און וואָלט געשריבן אַ נײַען בריוו צו זײַן ווײַב.

ווען איך זאָל אָבער אַזוי טראַכטן, וועל איך ווײַט ניט קומען; ווײַל דאָס איז דאָך דער גורל פֿון אונז אַלעמען; וואָלט קעמעריך געהאַלטן זײַן פֿוס מיט צען סאַנטימעטער מער אַף רעכטס, וואָלט האַיע זיך אַריבערגעבויגן אַף פֿאָרנט מיט פֿינף סאַנטימעטער מער –

***

די שטילקייט וואַקסט זיך פֿאַנאַנדער. איך הויב אָן ריידן, און ריידן מוז איך. ״חבֿר, איך האָב דיך ניט געוואָלט דערהרגענען. ווען דו וואָלסט איצט נאָכאַמאָל אַרײַנשפּרינגען אַהער, וואָלט איך דאָס ניט געטאָן, ווען דו וואָלסט נאָר אויך מיר קיין שלעכטס ניט געוואָלט טאָן. אָבער ביז דעמאָלט ביסטו פֿאַר מיר נאָר

געווען אַ געדאַנק, אַ קאָמבינאַציע, וואָס האָט געלעבט אין מײַן מח און האָט אַרויסגערופֿן אַ באַשלוס; — דערשטאָכן האָב איך אָט די קאָמבינאַציע. איצט זע איך ערשט, אַז דו ביסט אויך אַ מענטש, פּונקט ווי איך. איך האָב נאָר געטראַכט וועגן דײַנע האַנט־גראַנאַטן, וועגן דײַן באַגנעט און דײַן ביקס; — איצט זע איך דײַן ווײַב און דײַן פּנים, און דאָס בשותּפֿותע אין אונז. זײַ מיר מוחל, חבֿר! מיר זעען דאָס שטענדיק אײַן צו שפּעט. פֿאַרוואָס זאָגט מען אונז ניט, וועגן דעם, אַז איר זײַט אויך אַזעלכע אומגליקלעכע, ווי מיר זײַנען, אַז אײַערע מאַמעס ציטערן אויך איבער אײַך, פּונקט אַזוי ווי אונזערע, און אַז מיר האָבן דעמזעלביקן שרעק פֿאַרן טויט און דיזעלביקע גסיסה און דיזעלביקע יסורים. — זײַ מיר מוחל, חבֿר, ווי אַזוי האָסטו געקאָנט זײַן מײַן שונא? ווען מיר ווערלן אַוועקוואַרפֿן אונזערע וואָפֿן און אונזערע מונדירן, וואָלסטו דאָך אויך געקאָנט זײַן מײַנער אַ ברודער, פּונקט אַזוי ווי קאַט און ווי אַלבערט, איך גיב דיר אָפּ צוואַנציק יאָר פֿון מײַן לעבן, חבֿר, נעם זיי און הייב זיך אויף, – נעם נאָך מער, ווײַל איך ווייס דאָך ניט, וואָס איך זאָל בכלל דערמיט טאָן."

ס'איז שטיל, דער פֿראָנט איז רויִק, נאָר די ביקסן טראַסקען. קוילן פֿליען אָן אופֿהער, מען שיסט ניט גלאַט אַזוי אין דער וועלט אַרײַן, נאָר מען צילעוועט זיך שאַרף אין אַלע זײַטן. איך קאָן ניט אַרויס פֿון גראָבן.

"איך וועל שרײַבן צו דײַן ווײַב", זאָג איך האַסטיק צום טויטן, "איך וועל איר שרײַבן, איך וויל, זי זאָל זיך דורך מיר דערוויסן וועגן דעם, איך וועל איר זאָגן אַלץ, וואָס איך זאָג דיר, איך וויל ניט, זי זאָל לײַדן, איך וועל איר העלפֿן, איר, און דײַנע עלטערן, און דײַן קינד —

זײַן מונדיר איז נאָך האַלב אָפּגעשפּיליעט. מען קאָן דאָרטן לײַכט געפֿינען דאָס טענטל־בוך. אָבער איך קווײַנקל זיך דאָס צו עפֿענען. דאָרטן ליגט דאָס ביכל מיט זײַן נאָמען. כּל־זמן איך ווייס ניט, ווי ער האָט געהייסן, קאָן איך אים נאָך אפֿשר פֿאַרגעסן, די צײַט וועט פֿאַרווייען דאָס בילד. זײַן נאָמען אָבער איז אַ טשוואָק, וואָס וועט זיך אײַנבויערן אין מיר און וועט שוין קיינמאָל ניט אַרויס. דער נאָמען וועט בכּח זײַן שטענדיק פֿאַר מיר אַלץ אופֿצולעבן, אַלץ פֿונדאָסנײַ אַרויסצורופֿן אין מיר.

איך האַלט דאָס ביכל אין האַנט און קאָן זיך ניט באַשליסן. מיטאַמאָל פֿאַלט עס אַראָפּ און עפֿנט זיך. עס פֿאַלן אַרויס פֿון דאָרטן עטלעכע בילדער און בריוו. איך קלײַב זיי צוזאַמען און וויל זיי ווײַטער אַוועקלייגן, אָבער איך בין אינגאַנצן פֿאַרצווייפֿלט פֿון דעם דרוק איבער מיך, פֿון דער גאַנצער אומבאַשטימטער לאַגע מײַנער, פֿון הונגער און סכּנה, פֿון די שעהן מיטן מת, איך וויל שוין גיכער מאַכן אַ סוף צו דער אומבאַשטימטקייט און פֿאַרגרעסערן דעם פּײַן, אָט אַזוי ווי מען שטעכט אַרײַן אַ פֿינגער אין אַן אומדערטרעגלעך ווייטוענדיקער ווונד, שוין גאָר ניט טראַכטנדיק וועגן דעם, וואָס ס'וועט זײַן.

די בילדער זײַנען פֿאָטאָגראַפֿיעס פֿון אַ פֿרוי און פֿון אַ קליין מיידעלע, שמאָלינקע ליבהאָבער־פֿאָטאָגראַפֿיעס, אין הינטערגרונט — אַ וואַנט מיט קריך־געוויקסן. דערבײַ ליגן בריוו. איך נעם זיי אַרויס און פּרוּוו זיי לייענען. דאָס רובֿ פֿון זיי פֿאַרשטיי איך ניט, ס'איז זיי שווער צו לייענען, און איך פֿאַרשטיי זייער ווייניק פֿראַנצויזיש. אָבער יעדעס וואָרט, וואָס איך באַגרײַף, דרינגט מיר אַרײַן, ווי אַ קויל אין האַרצן — ווי אַ מעסער אין לײַב —

מײַן מח איז פֿאַרטומלט. אָבער אַזוי פֿיל פֿאַרשטיי איך נאָך, אַז איך טאָר צו די מענטשן ניט שרײַבן, ווי איך האָב פֿריער געטראַכט. ס'איז אוממעגלעך. איך באַטראַכט נאָכאַמאָל די בילדער; דאָס זײַנען געוויס ניט קיין נגידים. ווען איך וועל שפּעטער עפּעס פֿאַרדינען, קאָן איך זיי צושיקן אַביסל געלט, זיי זאָלן ניט וויסן, ווער דאָס האָט געשיקט. אָן דעם געדאַנק כאַפּ איך זיך אָן, דאָס איז, לכל־הפּחות, אויך אַ שטיקל אָנהאַלט. אָט דער מת איז פֿאַרבונדן מיט מײַן לעבן, דעריבער מוז איך טאָן און צוזאָגן אַלץ, כּדי זיך צו ראַטעווען; ניט איבערקלערנדיק גיב איך זיך אַ נדר [néyder], אַז פֿון איצט אָן וויל איך לעבן נאָר פֿון זײַנעטוועגן און פֿון זײַן משפּחהוועגן, — מיט שוים אַף די ליפּן רייד איך צו אים, און גאָר טיף אין מײַן האַרצן איז פֿאַרבאָרגן אַ האָפֿענונג, אַז דערמיט קויף איך זיך אויס, און אַז צוליב דעם וועל איך נאָך אפֿשר אַרויסקומען פֿון דאַנען, אַ שאַלקהאַפֿטיקייט. שפּעטער קאָן מען זיך דאָך נאָך וועגן דעם מישבֿ [meyášev] זײַן. און דעריבער עפֿן איך אויף דאָס ביכל און לייען פּאַמעלעך: זשעראַר דיוואַל, דרוקער.

מיט דעם טויטנס בלײַ־פֿען שרײַב איך אָן זײַן אַדרעס אַף אַ קאָנווערט און לייג אַלץ אַף גיך צוריק אין זײַן רעקל.

איך האָב דערהרגעט דעם דרוקער זשעראַר דיוואַל. איך מוז ווערן אַ דרוקער, פֿלאָנטערן זיך מיר אין קאָפּ צעשויבערטע געדאַנקען, אַ דרוקער ווערן, אַ דרוקער –
***

שפּעטער ווער איך רויִקער. מײַן פּחד האָט קיין יסוד ניט געהאַט. דער נאָמען מאַכט מיך מער ניט משוגע. דער אָנפֿאַל גייט אַריבער. "חבֿר", זאָג איך צו מײַן טויטן שכן, אָבער איצט זאָג איך דאָס מוטיק. "הײַנט דו, מאָרגן איך. אָבער ווען איך וועל אַרויס גאַנץ פֿון דאַנען, חבֿר, דעמאָלט וועל איך קעמפֿן קעגן אָט דאָס, וואָס האָט אונז ביידן צעקלאַפּט: דיר דאָס לעבן — און מיר? — אויך דאָס לעבן. איך זאָג דיר דאָס צו, חבֿר. דאָס טאָר שוין נאָכאַמאָל ניט געשען."

די זון־שטראַלן פֿאַלן שוין באַלכסון. איך בין אָפּגעטעמפּט פֿון מאַטקייט און פֿון הונגער. דער נעכטן איז פֿאַר מיר, ווי אַ נעפּל, איך האָף שוין ניט מער, אַרויסצוקומען פֿון דאַנען. עס רוקט זיך אָן דער בין־השמשות. עס שײַנט מיר, אַז די צײַט גייט גיך. נאָך אַ שעה. וואָלט איצט געווען זומער, וואָלט נאָך געווען דרײַ שעה ביז נאַכט. איצט איז נאָך אַ שעה.

מיטאַמאָל הויב איך אָן צו ציטערן, אַז ס'זאָל עפּעס ווײַטער ניט געשען, וואָס זאָל מיר שטערן. איך טראַכט מער ניט וועגן דעם טויטן, ער איז מיר איצט אינגאַנצן גלײַכגילטיק. עס קומט אין מיר אויף די זשעדנעקייט צום לעבן, און קעגן דעם פֿאַרזינקט אַלץ, וואָס איך האָב זיך פֿריער פֿאָרגענומען, כּדי עס זאָל מיר ווײַטער ניט טרעפֿן קיין צרה, פֿלאַפּל איך מעכאַניש; "איך וועל טאָן אַלץ, אַלץ, וואָס איך האָב דיר צוגעזאָגט" — אָבער איך ווייס שויך אַז כ'וועל דאָס ניט טאָן.

פּלוצלונג פֿאַלט מיר אײַן אַ געדאַנק, אַז מײַנע אייגענע חבֿרים קאָנען אַף מיר שיסן, ווען זיי וועלן מיך זען קריכנדיק; זיי ווייסן דאָך נישט. ווי נאָר עס וועט מעגלעך זײַן, וועל איך שוין אָנהויבן שרײַען, כּדי זיי זאָלן מיך דערקענען. איך וועל בלײַבן ליגן פֿאַר דער אָקאָפּע אַזוי לאַנג, ביז זיי וועלן מיר ענטפֿערן.

דער ערשטער שטערן באַווײַזט זיך. דער פֿראָנט איז שטיל. איך עטעם אויף און רייד פֿון אופּרעקונג מיט זיך אַליין: "איצט טו נאָר ניט אָפּ קיין שטות, פּויל — נאָר רויִק, רויִק, דעמאָלט ביסטו געראַטעוועט, פּויל." עס ווירקט אַף מיר בעת איך רוף זיך אָן באַם נאָמען, איך האָב עפּעס אַ געפֿיל, ווי אַן אַנדערער וואָלט מיר באַפֿוילן.

דער חושך וואַקסט זיך פֿאַנאַנדער. איך באַרויִק זיך ביסלעכווײַז, איך וואַרט פֿאָרזיכטיק אויס, ביז עס הייבן זיך אַרוף די ערשטע ראַקעטעס. דעמאָלט קריך איך אַרויס פֿון דעם טרעכטער. דעם טויטן האָב איך פֿאַרגעסן. פֿאַר מיר ליגט אויסגעשפּרייט די נאַכט און דאָס בלייך־באַלויכטענע פֿעלד. איך געפֿין מיט די אויגן אַ גרוב; אין דער רגע, ווען דאָס ליכט פֿאַרלעשט זיך, שופּ איך אין דעם אַרײַן, איך טאַפּ ווײַטער מײַן וועג, געפֿין נאָך אַ גרוב, בויג זיך, פּויזשע ווײַטער.

איך קום אַלץ נעענטער. באַם ליכט פֿון אַ ראַקעטע דערזע איך, ווי באַ דער דראָט־וואַנט באַוועגט זיך עפּעס, און כ'בלײַב ליגן שטיל. ווען נאָך אַ ראַקעטע שיסט אַרוף, זע איך ווײַטער דאָסזעלביקע, דאָס זײַנען געוויס חבֿרים פֿון אונזער אָקאָפּע. אָבער איך היט זיך ניט אַרויסצוגעבן, ביז איך דערקען אונזערע קיווערס. דעמאָלט טו איך אַ געשריי.

באַלד באַקום איך אַן ענטפֿער. מען רופֿט מיך באַם נאָמען: "פּויל — פּויל" —

איך רוף ווײַטער. דאָס, זײַנען קאַט און אַלבערט, וועלכע זײַנען שוין אַרויס מיך זוכן מיט אַ געצעלט־לײַוונט.

"ביסט פֿאַרוווּנדיקט?"

"ניין, ניין — "

מיר קריכן אַרײַן אין גראָבן. איך בעט עסן און שלינג דאָס אַראָפּ אין איין אָטעם. מילער גיט מיר אַ סיגאַרעטל. איך דערצייל בקיצור, וואָס מיט מיר איז געשען. ס'איז ניט קיין נײַס: אַזוינס פֿאַרלויפֿט זיך זייער אָפֿט. דאָס איינציק נײַע איז נאָר די נאַכט־אַטאַקע. אָבער קאַט איז שוין איינמאָל אָפּגעלעגן הינטערן רוסישן פֿראָנט גאַנצע צוויי מעת־לעת, ביז ער האָט זיך געקאָנט דורכשלאָגן.

וועגן דעם טויטן דרוקער דערצייל איך גאָרנישט.

אַף מאָרגן אָבער האַלט איך זיך שוין מער ניט אײַן. איך מוז דאָס דערציילן קאַטן און אַלבערטן. זיי באַרויִקן מיך. "דו קאָנסט דאָ גאָרנישט מאַכן. וואָס האָסטו דען געוואָלט אופֿטאָן? דערצו אייגנטלעך ביסטו דאָך דאָ!"

איך בין באַרויִקט דורך זייערע דיבורים און געטרייסט דורך זייער נאָענטקייט. וואָס פֿאַר אַ שטותים איך האָב דאָס צוזאַמענגעברייט דאָרטן, אין טרעכטער.

"גיב נאָר אַ קוק אַהין," זאָגט קאַט.

הינטערן וואַל שטייען עטלעכע פֿון אונזערע בעסטע שיסערס. זיי שטייען מיט זייערע ביקסן גרייט, און מיט שפּאַקטיוון קוקן זיי אויס דעם אַנטקעגנליגנדיקן סעקטאָר. פֿון צײַט צו צײַט הערט זיך אַ שאָס.

מיר הערן אויסרופֿן. "געטראָפֿן!" – "האָסט געזען, ווי ער איז אופֿגעשפּרונגען?" סערזשאַנט עלריך קוקט זיך גאווהדיק אַרום און טראָגט אַרײַן צו זיך אין ביכל נאָך אַ פּונקט. ער פֿאַרנעמט הײַנט דעם ערשטן אָרט אין דער רשימה, ווײַל ער האָט דרײַ מאָל שוין געטראָפֿן אין ציל.

"וואָס זאָגסטו דערצו?" פֿרעגט קאַט.

איך שאָקל צו מיטן קאָפּ.

"ווען אים וועט ווײַטער אַזוי אָפּגליקן מיטן שיסן, וועט ער הײַנט אָוונט האָבן אין קנאָפּלאָך מיט אַ בענדל מער," זאָגט קראָפּ.

"אָדער ער וועט ווערן וויצע־פֿעלדפֿעבל," לייגט קאַט צו.

מיר קוקן זיך איבער. "איך וואָלט דאָס ניט געטאָן," זאָג איך.

"עס איז נאָך גוט", זאָגט קאַט, "וואָס דו זעסט דאָס לכל־הפּחות איצט אײַן."

סערזשאַנט ערליך גייט ווײַטער צו צום וואַל. די קאָלבע פֿון זײַן ביקס הויבט זיך אָן דרייען אין אַלע זײַטן.

"איצט זעסטו שוין, אַז קעגן דעם־אָ איז דאָס, וואָס ס'האָט מיט דיר פּאַסירט, גאָרניט ווערט די רייד", זאָגט אַלבערט.

איצט פֿאַרשטיי איך שוין אַליין ניט, וואָס דאָס איז מיט מיר נעכטן געווען.

"דאָס איז געשען צוליב דעם, וואָס איך האָב אַזוי לאַנג געמוזט ליגן מיט אים", זאָג איך. מלחמה בלײַבט מלחמה.

עלריכס ביקס טראַסקעט קורץ און טרוקן.

.10

מיר האָבן באַקומען אַ פֿײַן שטיקל אַרבעט. זאַלבעאַכט מוזן מיר אָפּהיטן אַ דאָרף, וואָס די אײַנוווינער האָבן פֿאַרלאָזן, ווײַל ער איז געבליבן אין דער אמתער פֿײַער־ליניע.

דער עיקר מוזן מיר אופֿפּאַסן דעם פּראָוויאַנט־לאַגער, וועלכער איז נאָך ניט אינגאַנצן אויסגעליידיקט. שפּײַז מוזן מיר זיך אַליין באַזאָרגן פֿון דעם, וואָס דאָ איז פֿאַראַן. די אַרבעט איז פֿאַר אונז, ווי געוווּנטשן, — דאָ איז פֿאַראַן אונזער גאַנצע גרופּע, קאַט, אַלבערט, מילער, טיאַדען, לעער, דעטערינג. האַיע איז טויט. אָבער דאָס איז נאָך אַ גרויס גליק, ווײַל אַלע אַנדערע גרופּעס האָבן געהאַט גרעסערע אַבֿידות.

פֿאַר אַ בלינדאַזש קלײַבן מיר אויס אַ קעלער, אין וועלכן אַ טרעפּ פֿירט אַראָפּ תּיכּף פֿון גאַס. דער אַרײַנגאַנג איז באַשיצט דורך אַ בעטאָן־וואַנט.

מיר האָבן דאָ ווײַטער אַ געלעגנהייט אויסצוּרוען ניט נאָר די ביינער נאָר אויך די נשמה. און אַזעלכע געלעגנהייטן נוצן מיר אויס; ווײַל אונזער מצבֿ איז צו פֿאַרצווייפֿלט, כּדי מיר זאָלן לאַנג בלײַבן סענטימענטאַל. דאָס איז מעגלעך נאָר כּל־זמן עס איז נאָך ניט אינגאַנצן שלעכט. און אונז בלײַבט ניט איבער קיין אַנדער זאַך, ווי נאָר צו קוקן מיט אָפֿענע אויגן. מיר מוזן אַזוי זאַכלעך זײַן, אַז אַנדערעמאָל גרוילט מיך, ווען אין מײַן מוח פֿאַרבלאָנדזשעט אַף אַ רגע נאָר אַ געדאַנק פֿון דער פֿריערדיקער צײַט, פֿון פֿאַר דער מלחמה. ער בלײַבט דאָרטן אָבער ניט לאַנג.

מיר מוזן זיך באַציִען צו אונזער לאַגע לײַכט, ווי ס'איז נאָר מעגלעך. דעריבער נוצן מיר אויס יעדע געלעגנהייט דערצו, און זײַט באַ זײַט מיטן גרויל שטייט די נאַרישקייט, און זיי גייען אַריבער איינס אין דאָס אַנדערע אוממיטלבאַר, גרויזאַם, אָן איבערגאַנגען. מיר קאָנען גאָרניט אַנדערש, מיר וואַרפֿן זיך איז דעם אַרײַן מיט לבֿ־ונפֿש. איצט אַרבעטן מיר אויך מיט גרויס התמדה [**hasmóde**], כּדי צו שאַפֿן אַן אידיליע, פֿאַרשטייט זיך, אַן אידיליע פֿון פֿרעסן און שלאָפֿן.

קודם־כּל בעטן מיר אויס דעם גאַנצן קעלער מיט מאַטראַצן, וואָס מיר שלעפּן צוזאַמען פֿון די פֿאַרלאָזענע הײַזער. אַ זעלנער באַקירט אויך ניט צו זיצן אַף ווייכס. נאָר אינמיטן קעלער בלײַבט אַ

ליידיקער אָרט. נאָכדעם באַזאָרגן מיר פֿאַר זיך קאָלדרעס און פּערינעס, אַלץ פּרעכטיקע ווייכע זאַכן. אין דאָרף איז דאָס אַלץ גענוג פֿאַראַן. איך געפֿין מיט אַלבערטן אַ מאַהאַגאָניע־בעט, וואָס לייגט זיך צוזאַמען, מיט אַ חופּה פֿון בלאָע זײַד איבער דעם, און מיט אַ שפּיצן־פֿאָרהאַנג. באַם אַריבערברייינגען דאָס בעט שוויצן מיר, ווי די ביבערס, אָבער מען קאָן דאָך אַזאַ מין זאַך ניט דורכלאָזן און נאָך איצט ווען עס וועט געוויס אין אַ פּאָר טעג אַרום שוין צעשמעטערט ווערן פֿון די קוילן.

איך מיט קאַטן מאַכן אַ קליינעם שפּאַציר איבער די הײַזער. אין אַ ווײַלע אַרום האָבן מיר שוין אַ טוץ אייער און צוויי פֿונט פֿאַרהעלטענישמעסיק פֿרישע פּוטער. מיטאַמאָל, בעת מיר געפֿינען זיך אין אַ שטוב, טוט עס אַ שטאַרקן זעץ, אַן אײַזערנער איוווון פֿליט מיט שטורעם פֿאַרבײַ אונדז, און ניט ווײַט פֿון אונדז בויערט ער דורך די וואַנט און פֿאַרשווינדט. צוויי לעכער זײַנען געבליבן אין וואַנט. דער איוווון קומט פֿון דעם אַנטקעגנדיקן הויז, ווו ס'האָט אַרײַנגעשלאָגן אַ גראַנאַט. "געהאַט מזל," שמייכלט ביטער קאַט, און מיר נישטערן ווײַטער. מיטאַמאָל שפּיצן מיר אָן די אויערן און נעמען שטעלן גרויסע טריט. מיר בלײַבן שטיין, ווי פֿאַרכישופֿט: אין אַ קליין שטעלכל דרייען זיך אַרום צוויי לעבעדיקע יונגע חזירימלעך. מיר רײַבן זיך די אויגן און טוען ווײַטער אַ קוק אַהין: זיי שטייען נאָך דאָרטן אינדעראמתן. דאָס זײַנען טאַקע אָן שום ספֿק צוויי חזירימלעך.

איצט וועלן מיר זיך שוין צוגרייטן אַ גרויסאַרטיקע וועטשערע: בערך פֿופֿציק טריט פֿון אונזער בלינדאַזש שטייט אַ קליין הײַזעלע, ווו ס'זײַנען אײַנקוואַרטירט געווען אָפֿיצירן. דאָרטן אין קיך איז פֿאַראַן אַ גרויסע פּליט מיט צוויי בראָט־פֿאַנען, מיט טעפּ און מיט קעסלען. אַלץ איז דאָ, עס שטייט אַפֿילו אַ שטעלכל, וואָס איז פֿול אָנגעפּאַקט מיט אָנגעהאַקטן האָלץ — אַן אמת פֿאַרכשופֿטע הײַזל פֿון אַ קינדער־מעשׂהלע.

פֿון אינדערפֿרי אָן שטייען שוין צוויי מאַן אין פֿעלד און זוכן קאַרטאָפֿליעס, בוריקעס און יונגע אַרבעסלעך. מיר האָבן שוין גבֿירישע אַפּעטיטן, מיר לאַכן זיך אויס פֿון די קאָנסערוון פֿונם פּראָוויאַנט־לאַגער, מיר ווילן אַמאָל טועם זײַן אַ פֿרישע זאַך. אין אונזער שפּײַז־קאַמער ליגן שוין צוויי קעפּלעך בלומען־קרויט.

די חזירים זײַנען אָפּגעקוילעט. דאָס האָט קאַט געטאָן. צו דעם געבראָטנס ווילן מיר נאָך מאַכן פּאַמפּעשקעס. מיר געפֿינען ניט קיין טאַרטקע פֿאַר די בולבעס. אָבער דערצו האָבן מיר באַלד אויך אַ מיטל. אין אַ בלעכענעם דעקל קלאַפּן מיר מיט טשוועקעס דורך אַ סך לעכלעך, און מיר שטייען שוין און רײַבן, דרײַ פֿון אונדז טוען אָן גראָבע הענטשקעס, כּדי זיך ניט צו צעדראַפּען די פֿינגער באַם רײַבן, צוויי אַנדערע שיילן די קאַרטאָפֿל, און די אַרבעט גייט זייער גיך.

קאַט גרייט צו דאָס חזיר־פֿלייש, די בוריקעס, אַרבעס און קרויט. צו דעם בלומען־קרויט גרייט ער אַפֿילו צו אַ ווײַסע זופּ. איך באַק פּאַמפּעשקעס, צו פֿיר מיטאַמאָל. אין צען מינוטן אַרום לערן איך זיך אויס אַזוי קונציק אַרומצודרייען די פֿאַן, אַז די פּאַמפּעשקעס, וואָס זײַנען שוין אַף איין זײַט פֿאַרטיק, טוען אַ פֿלי אינדערהויך, דרייען זיך איבער אינדערלופֿטן און פֿאַלן צוריק אַרײַן אין פֿאַן. די חזירימלעך ווערן אָפּגעבראָטן גאַנצערהייט. אַלע שטייען אַרום זיי אין התפּעלות, ווי אַרום אַ מזבח [**mizbéyex**].

דערווײַל זײַנען געקומען געסט, צוויי ראַדיאָ־טעלעגראַפֿיסטן, וועלכע ווערן ברייטהאַרציק אײַנגעלאָדן צום עסן. זיי זיצן אין צימער, ווו עס שטייט אַ קלאַוויר. איינער שפּילט, דער צווייטער זינגט "באַם טײַך וועזער." ער זינגט דאָס מיט געפֿיל, אָבער מיט אַ האַרטער סאַקסישער אויסשפּראַך. פֿונדעסטוועגן רירט אונדז דאָס זייער.

מיר הויבן אָן צו מערקן, אַז עס וועט עפּעס געבן. פֿון די אויסקוק־באַלאָנען האָט מען דערזען דעם רויך, וואָס האָט אַרויס געשלאָגן פֿון אונזער קוימען, און מען הויבט אונדז אָן צו באַמבאַרדירן מיט די קלײנינקע שראַפּנעלן, וועלכע שיטן זיך זייער נידעריק איבער דער ערד און מאַכן אָן אַ חורבן מיט זייערע שפּריצנדיקע שפּליטערס. דאָס פֿײַפֿן ווערט פֿון אַלץ נעענטער, אָבער מיר קאָנען דאָך ניט לאָזן פֿאַלן אונזער עסן. די חבֿרה דערלאַנגט פֿײַער. אַ פּאָר שפּליטערס פֿליען אַרײַן מיט אַ טומל דורכן קיכן־פֿענסטער. מיר זײַנען שוין באַלד פֿאַרטיק מיטן געבראָטנס. אָבער באַקן די פּאַמפּעשקעס ווערט שוין איצט שווערער. עס נעמט אַזוי גערדיכט האָגלען, אַז די שפּליטערס פּאַטשן אָן אָפּהער איבערן וואַנט פֿון הויז און פֿליען אַרײַן דורך די פֿענסטערן. יעדעס מאָל, ווען איך הער אַ שראַפּנעל פֿײַפֿנדיק, טופּע איך זיך אײַן מיט דער פֿאַן פּאַמפּעשקעס אין האַנט. ווען עס הערט אויף, שטעל איך זיך אָוועק און באַק ווײַטער.

אונזערע געסט הערן אויף שפּילן — אין קלאַוויר איז אַרײַנגעפּלויגן אַ שפּליטער. מיר זײַנען שוין איצט כמעט פֿאַרטיק און גרייטן זיך צו מאַכן פּיס. נאָכן קומעדיקן קלאַפּ לויפֿן שוין צוויי פֿון אונז, מיט טעפּ געקעכץ אין די הענט דעם מהלך פֿון די פֿופֿציק מעטער ביזן בלינדאַזש. מיר זעען, ווי זיי פֿאַרשווינדן.

אַ נײַער שאָס. אַלע בויגן זיך אײַן, און נאָכדעם לויפֿן שוין אַרויס נאָך צוויי מאַן מיט גרויסע טעפּ אויסגעצייכנטן קאַווע אין די הענט, און זיי באַווײַזן נאָך צו דער רעכטער צײַט צו דערגרייכן דעם בלינדאַזש.

איצט כאַפּן קאַט און קראָפּ דעם עיקר: די גרויסע פֿאַן מיט די ברוינע אויסגעבראָטענע חזירימלעך. אַ פֿײַפֿערײַ, אַ טופּען זיך, און זיי לויפֿן שוין אויך, ווי משוגע איבער די פֿופֿציק מעטער פֿרײַען שטח.

איך פֿאַרענדיק נאָך באַקן מײַנע לעצטע פֿיר פּאַמפּעשקעס; דערבײַ מוז איך צוויי מאָל זיך לייגן אַף דער ערד — אָבער ס'איז ניט קיין קלייניקייט, מיט פֿיר פּאַמפּעשקעס מער, דאָס איז דאָך מײַן באַליבטער מאכל.

נאָכדעם כאַפּ איך דאָס בלעך מיט דעם באַרג געבעק און פֿאַרלאָז דאָס הײַזל. אַרום זשיפּעט און זשוזשעט און טראַסקעט, און איך לויף אין איין אָטעם, מיטביידע הענט צודריקנדיק, דאָס בלעך צום האַרצן. איך בין שוין כמעט אָנגעקומען, און דאָ וואַקסט זיך דאָס פֿײַפֿן אַלץ פֿאַנאַנדער, איך פֿלי, ווי אַ הירש, די שפּליטערס פּאַטשן איבערן מויער. זוכנדיק אַ באַדעקונג, דריק איך זיך צו דער בעטאָן־וואַנט, נאָכדעם קונץ איך אַראָפּ מיט טײַוולאָנישער געשווינדקייט דעם טרעפּ, מײַנע עלנבויגנס זײַנען צעקלאַפּט ווי אַן עפּל, אָבער פֿונדעסטוועגן האָב איך אַפֿילו קיין איין פּאַמפּעשקע ניט פֿאַרלאָרן.

צוויי אַזייגער זעצן מיר זיך עסן. עס פֿאַרציט זיך ביז זעקס. ביז האַלב זיבן טרינקען מיר קאַווע — אָפֿיצירישע־קאַווע פֿון פּראָוויאַנט־לאַגער — און רויכערן דערבײַ אָפֿיצירישע ציגאַרן און סיגאַרעטן — אַלץ פֿון פּראָוויאַנט־לאַגער. פּונקט האַלב זיבן הויבן מיר אָן עסן וועטשערע. צען אַזייגער וואַרפֿן מיר אַרויס דורך דער טיר די ביינער פֿון די חזירימלעך. דערנאָך טרינקען מיר קאָניאַק און ראָם, אַלץ פֿון דעם געבענטשטן פּראָוויאַנט־לאַגער, און צום סוף רויכערן מיר ווײַטער לאַנגע, גראָבע ציגאַרן מיט פֿאַרשנירטע בייכער. טיאַדען קלאָגט זיך, אַז ס'פֿעלט נאָר איין זאַך: נקבֿות פֿון אָפֿיצירישע בתי־זונות.

שפּעט אינאָוונט דערהערן מיר אַ מיאוקען. באַם אַרײַנגאַנג זיצט אַ קליין, גראָ קעצל. מיר באַקומען זי אַרײַן און קאָרמען איר. צוזעענדיק, ווי דאָס קעצל עסט, באַקומען מיר פֿונדאָסנײַ אַפּעטיט. מיר לייגן זיך שלאָפֿן קײַענדיק.

אַ נאַכט האָבן מיר ניט קיין גוטע. מיר האָבן אַרײַנגעפּאַקט אין זיך צופֿיל פֿעטע אכילות. פֿלייש פֿון אַ יונג געבראָטן הזירל ווירקט שלעכט אַפֿן מאָגן. אין בלינדאַזש הערשט אַ גרויסע באַוועגונג: לויטער מען גייט און מען קומט, איך אַליין בין נײַן מאָל אַפֿן וועג. אַרום פֿיר אַזייגער באַטאָג שלאָגן מיר דעם רעקאָרד: אַלע עלף מאַן, באַלעבאַטים און געסט, זיצן שוין אין דרויסן.

ברענעדיקע הײַזער שטייען אינדערנאַכט ווי פֿאַקלען. גראַנאַטן פֿײַפֿן און שלאָגן אײַן. איבערן וועג פֿליען מוניציע־אָבאָזן. דער פּראָוויאַנט־לאַגער איז פֿון איין זײַט אויפֿגעריסן. צולהכעיס די שפּליטערס, קלײַבן זיך דאָרטן די אָבאָז־סאָלדאַטן אַרום, פּונקט ווי אַ מחנה בינען, און זיי שלעפּן דאָס ברויט. מיר לאָזן זיי. וואָלטן מיר געפּרוווט זיך אַנטקעגנשטעלן, וואָלטן מיר זיכער געכאַפּט אין די ציין. דעריבער טוען מיר אַנדערש. מיר דערקלערן זיי, אַז מיר זײַנען דער פּאַטרול, און אַזוי ווי מיר ווייסן, וואָס דאָרטן טוט זיך, ברענגען מיר זיי די קאָנסערוון און בײַטן דאָס אויס אַף יענע זאַכן, וואָס פֿעלן אונז. וואָס פֿאַר אַ באַטרעף דאָס האָט שוין — הײַנט־מאָרגן וועט דאָך דאָס סײַ־ווי אַלץ אַוועק מיטן רויך. מיר אַליין עסן גאַנצע טאָוולען שאָקאָלאַד פֿון דעפּאָ. קאַט זאָגט, אַז דאָס איז אַ גוט מיטל צו אַ לייזן מאָגן.—

בערך צוויי וואָכן גייען אַזוי אַוועק אין עסן, טרינקען און לײדיקגיין. דאָס דאַרף ווערט בהדרגה פֿאַרטיליקט אונטער די גראַנאַטעס, און מיר פֿירן אַ גליקלעך לעבן. כּל־זמן עס איז נאָך פֿאַראַן אַ טייל פֿון פּראָוויאַנט־לאַגער, איז אונדז אַלץ גלײַך, און אונזער איינציקער ווונטש איז, דאָ זיך צו דערוואַרטן אַפֿן סוף פֿון קריג.

טיאַדען איז איצט געוואָרן אַזוי גרויסאַרטיק, אַז די ציגאַרן רויכערט ער שוין אויס נאָר ביז צום העלפֿט, ער דערציילט מיט גאווה, אַז אַזוי איז ער פֿון שטענדיק אײַנגעוווינט. קאַט איז אויך שטאַרק האָפֿערדיק, ווי נאָר ער באַווײַזט זיך אינדערפֿרי אויפֿצוכאַפּן, שרײַט ער שויך, "עמיל, ברענגט אַהער קאַוויאַר און קאַווע."

בכלל זײַנען מיר געוואָרן שטאַרק אַריסטאָקראַטיש, יעטווידער האַלט דעם אַנדערן פֿאַר זײַן בורש, רעדט צו אים מיטן לשון "איר" און גיט אים אַרבעט, "קראָפּ, עפּעס בײַסט מיר אונטערן פֿוס, כאַפּט אָקאָרשט די כּנה", מיט די ווערטער ציט ער צו אים אויס די פֿוס, ווי אַ באַלערינע, און אַלבערט כאַפּט אָן די פֿוס און

שלעפּט אים אַרוף די טרעפּ. "טיאַדען!" — "וואָס?" — שטעלט זיך, ווי געהעריק, טיאַדען, און מען זאָגט ניט: "וואָס", נאָר "צום באַפֿעל" — פֿאַרשטאַנען?"

אין אַכטאָג אַרום באַקומען מיר אַ באַפֿעל אַוועקצוגיין. אויס מיטן גן־עדן. מיר פֿאָרן אָפּ אין צוויי גרויסע משׂא־אויטאָמאָבילן, וועלכע זײַנען פֿול אָנגעפּאַקט מיט ברעטער. און אַף דעם פּאַק איך מיט אַלבערטן נאָך אַרוף אונזער הימל־בעט מיט דער זיידענער חופּה, מיט די מאַטראַצן און מיט די שפּיצן־פֿאָרהאַנגלעך. צוקאָפּנס פֿון בעט לייגן מיר אַוועק זעקלעך מיטן בעסטן פּראָוויאַנט. פֿון צײַט צו צײַט רירן מיר אָן די זעקלעך און מיר קוועלן אָן פֿון שׂמחה, בעת מיר דערפֿילן די אַלע טיי־ווורשטן די שאַכטלען מיט די לעבער־ווורשט, די קאָנסערוון, די ציגאַרן־קעסטלעך. יעדער איינער האָט באַ זיך אַזאַ מין אָנגעפּאַקטן זאַק.

איך און קראָפּ האָבן נאָך אַחוץ דעם אַרויסגראַטעוועט צוויי רויטע פּלישענע לען־שטולן. די שטולן שטייען אין בעט, און מיר זיצן אין זיי און הוסטן אונטער חשובֿדיק, אַזוי ווי אין אַ טעאַטער־לאָזשע. אָט אַזוי קוקן מיר אַראָפּ אַף דער געגנט, זיצנדיק אינדערהויך.

אַף אונזער אויטאָ שטייט אויך אַ פּאַפּוגײַ־שטײַג, ווו מיר האָבן אײַנפֿלאַצירט די קאַץ. מיר האָבן זי מיטגענומען און זי ליגט פֿאַר איר פֿלייש־שאָלעכץ און מרוקעט הנאהדיק.

פּאַמעלעך ציען זיך די אויטאָס איבערן שליאַך. מיר זינגען. הינטער אונז ווערט אונטער די שראַפּנעלן חרובֿ דאָס פֿאַרלאָזענע דערפֿל.

199

***

אין עטלעכע טעג אַרום שיקט מען אונז ווײַטער אָפּצוראַמען אַ שטעטל. אַפֿן וועג אַהין טרעפֿן מיר די אַנטלויפֿנדיקע אײַנוווינער, וועלכע מען האָט פֿון דאָרטן אַרויסגעשיקט. זיי שלעפּן מיט זיך זייער האָב־און־גוטס, אַנדערע אַף פֿורלעך, אַנדערע אַף קינדער־וועגלעך, און אַנדערע — אַפֿן רוקן. זייערע געשטאַלטן זײַנען געבויגן, זייערע פּנימער — פֿול צער, פֿאַרצווייפֿלונג, פֿאַריאָגטקייט און הכנעה. די מאַמעס טראָגן זייערע קינדער אַף די הענט, אָפּטמאָל פֿירט אָן עלטערע מיידעלע די קלענערע קינדער, וועלכע שלעפּן זיך פֿאַרמאַטערט און קוקן זיך כּסדר אום. אַנדערע קינדערלעך טראָגן מיט זיך ליאַלקעס. זיי גייען אונז פֿאַרבײַ שטיל, ניט אַרויסלאָזנדיק קיין זילב.

מיר גייען אין אַ פֿולער קאָלאָנע, ווײַל מיר זײַנען זיכער, אַז די פֿראַנצויזן וועלן דאָך ניט שיסן אין אַ דאָרף, ווו עס זײַנען נאָך פֿאַראַן זייערע אייגענע פּויערים. אָבער שוין אין אַ פּאָר מינוטן אַרום הויבט די לופֿט אָן צו וואָיען, די ערד נעמט ציטערן, עס דערטראָגן זיך קולות — אין די לעצטע רייען האָט אײַנגעשלאָגן אַ גראַנאַט. מיר לויפֿן זיך פֿאַנאַנדער און לייגן זיך אויס אַף דער ערד, אָבער אין דער רגע דערפֿיל איך, ווי יענע שפּאַנונג, וועלכע ווײַזט מיר שטענדיק אינסטינקטיוו אָן בעת אַ סכּנה, וואָס מען דאַרף טאָן, לאָזט מיך אָפּ, מיט אַ ווערגנדיקן, מאַוימדיקן פּחד קומט אין מיר אויף אַ געדאַנק "דו ביסט אַ פֿאַרפֿאַלענער" — און אין דעם צווייטן מאָמענט טוט מיר שוין אַ זעץ איבערן לינקן פֿוס אַ פֿײַערדיקע בײַטש. איך הער, ווי אַלבערט שרײַט, ער ליגט לעבן מיר.

"לויפֿן, אַלבערט, לויפֿן!" שרײַ איך ניט מיט מײַן קול, ווײַל איך זע, ווי מיר ליגן ניט־באַשיצט אין פֿרײַען פֿעלד.

ער הייבט זיך וואַקלדיק אויף און לויפֿט. איך לויף נאָך אים; מיר מוזן אַריבערשפּרינגען אַ צוזאַמענגעפֿלאָכטענעם פּלויט פֿון קוסטעס, וואָס איז העכער פֿון אונדז. קראָפּ כאַפּט זיך אָן פֿאַר די צווײַגן, איך נעם אים אָן פֿאַרן פֿוס, ער טוט אַ געשריי, כּדי זיך אופֿצומונטערן, איך שטופּ אים אונטער, ער פֿליט אַריבער. מיט איין שפּרונג בין איך שוין הינטער אים און איך פֿאַל אַרײַן אין אַ טײַך, וואָס געפֿינט זיך הינטערן פּלויט.

אונזערע פּנימער ווערן אינגאַנצן פֿאַרוויקלט מיט וואַסער־געוויקסן און פֿאַרקויטיקט מיט זומפּ, אָבער דער שוץ איז אַ גוטער, דעריבער לאָזן מיר זיך אַראָפּ אין וואַסער ביזן האַלדז צו. ווען אַ גראַנאַט טוט אַ פֿײַף, טונקען מיר זיך אָפּ מיטן קאָפּ אונטערן וואַסער.

נאָכדעם, ווי מיר האָבן זיך שוין אַראָפּגעלאָזן און אַרופֿגעהייבן אַמאָל צוועלף, האָב איך שוין מער קיין כּח ניט. אַלבערט קרעכצעט אויך: "לאָמיר אַוועק פֿון דאַנען, אַניט וועל איך זיך מער ניט קאָנען האַלטן."

"אין וואָס פֿאַר אַן אָרט האָט מען דיר אַרײַנגעשאָסן" פֿרעג איך.

"דאַכט זיך, אַז באַם קני."

"קאָנסטו נאָך לויפֿן?"
"מיר שײַנט, אַז יאָ — "
"אויב אַזוי לאָמיר לויפֿן."
מיר לויפֿן געבויגן לײַנג־אויס דעם גראָבן פֿאַזשע וועג. דאָס פֿײַער יאָגט אונז נאָך. דער וועג פֿירט צו דעם מוניציע־לאַגער. ווען זיי וועט זיך נאָר אײַנגעבן אופֿצורײַסן דעם לאַגער, דעמאָלט וועט שוין פֿון אונז אויך קיין געדעכעניש ניט בלײַבן. דעריבער בײַטן מיר אום אונזער פּלאַן און מיר לויפֿן באַלכסון איבערן פֿעלד.
אַלבערט הויבט זיך אָן פֿאַמעלעכער באַוועגן. "דו לויף, איך וועל דיך אָניאָגן," זאָגט ער און לייגט זיך.
איך כאַפּ אים אָן פֿאַרן אָרעם און טרייסל אים אויף. "הייב זיך אויף, אַלבערט, ווען דו לייגסט זיך איצט אַוועק, וועסט שוין מער ניט קאָנען זיך אופֿהייבן. קום, איך וועל דיך אונטערהאַלטן." מיר דערשלעפּן זיך צו אַ קליינעם בלינדאַזש. קראָפּ לייגט זיך אַנידער, און איך פֿאַרבאַנדאַזשיר אים. די קויל זיצט אַביסל העכער איבערן קני. נאָכדעם באַטראַכט איך מײַן אייגענע צרה. מײַנע הויזן זײַנען פֿאַרבלוטיקט, אויך דער אָרעם איז אין בלוט. אַלבערט פֿאַרבאַנדאַזשירט מײַנע ווונדן. ער קאָן שוין מער ניט רירן זײַן פֿוס, און מיר ווונדערן זיך, ווי האָבן מיר זיך דערשלעפּט אַהער. דאָס האָט אונז דער פּחד געטריבן, אויב מען וואָלט אונז אַפֿילו אַראָפּגעשאָסן די פֿיס, וואָלטן מיר אויך געלאָפֿן — אַף די קלומפּעס.
איך האָב נאָך אַביסל כּח צו פֿויזשען, און איך רוף צו אַ פֿאַרבײַפֿאָרנדיקע פֿור, וועלכע נעמט אונז מיט. די פֿור איז פֿול מיט פֿאַרווונדיקטע. דאָרטן זיצט אויך אַ סאַניטאַר, וועלכער מאַכט אונז אַן אײַנשפּריצונג קעגן פֿאַרקראַמפּט ווערן.
אין פֿעלד־לאַזאַרעט באַקומען מיר אויך די מעגלעכקייט צו ליגן אין נאָענטער שכנות. מען גיט אונז דאָרטן אַ שיטערע געקעכץ, וואָס מיר זופּן אויס זשעדנע, אָבער מיט ביטול, ווײַל מיר האָבן דאָך שוין געזען בעסערע צײַטן. מיר עסן דאָס נאָר, ווײַל מיר זײַנען שטאַרק הונגעריק.
"נו, אַלבערט, איצט קומען מיר אַהיים," זאָג איך.
"לאָמיר האָפֿן," ענטפֿערט ער. "איך וואָלט נאָר געוואָלט וויסן, וואָס מיר איז."
די ווייטיקן שטאַרקן זיך. די באַנדאַזשן ברענען ווי פֿײַער מיר זופּן אָן אופֿהער איין גלאָז וואַסער נאָך דער אַנדערער.
"ווי הויך איבער מײַן קני גרייכט דער שאָס?" פֿרעגט קראָפּ.
"לכל־הפּחות אַ צען סאַנטימעטער, אַלבערט", ענטפֿער איך. אינדערעמתן איז דאָס ניט מער, ווי דרײַ.
"דאָס האָב איך זיך שוין פֿאָרגענומען", זאָגט ער אין אַ ווײַלע אַרום, "אַז קוים שנײַדן זיי מיר אַרויס אַ בײַן, נעם איך זיך דאָס לעבן. איך וויל ניט בלײַבן לעבן קיין קאַליקע."
אַזוי ליגן מיר מיט אונזערע מחשבֿות און וואַרטן.
***
אינאָוונט טראָגט מען אונז צום שעכט־ביינקל. איך דערשרעק זיך און באַקלער אַף גיך, וואָס איך זאָל טאָן; ווײַל ס'איז דאָך אַ באַוווּסטע זאַך, אַז די דאָקטוירים אין די פֿעלד־לאַזאַרעטן שנײַדן מיט אַ לײַכט האַרץ. באַ דעם גרויסן אָנשוווּם פֿון פֿאַרווונדיקטע איז דאָך אַראָפּשנײַדן אַסך פּשוטער, ווי דאָס קאָמפּליצירטע היילן און פֿאַרלאַטען. איך דערמאָן זיך אָן קעמעריך. איך וועל זיך בשום אופֿן ניט לאָזן באַטויבן, און ווען ס'וועט מיר אַפֿילו אויסקומען זיי צו שפּאַלטן די מוחות.
עס גייט גוט. דער דאָקטאָר זאָנדירט אין ווונד אַזוי לאַנג, אַז מיר ווערט פֿינסטער אין די אויגן. "מאַכט נאָר ניט קיין אָנשטעל", שרײַט ער אָן אַף מיר און קריכט ווײַטער אין ווונד. די אינסטרומענטן בליאַשטשען אין דאָס בלענדנדיקע ליכט, ווי חיות־רעות. די יסורים זײַנען ניט צו דערטראָגן. צוויי לאַזאַרעט־זעלנער האַלטן מיך פֿעסט באַ די אָרעמס, אָבער מיר גיט זיך דאָך אײַן אַרויסצורײַסן איין האַנט, און איך וויל שוין מיט איר אַרײַנפֿאָרן דעם דאָקטאָר אין די שפּאַקולן, אָבער ער דערזעט דאָס און שפּרינגט אָפּ. "כלאָראָפֿאָרמירט דעם חבֿרה־מאַן!" שרײַט ער, שטאַרק אין כּעס.
איך באַרויִק זיך. "זײַט מיר מוחל, הער דאָקטאָר, איך וועל קיין פּיפּס ניט געבן, אָבער איך בעט אײַך, כלאָראָפֿאָרמירט מיך ניט."
"יאָ, יאָ", וואָרטשעט ער און נעמט זיך ווײַטער צו זײַנע כּלים. ער איז אַ בלאָנדער יונגערמאַן, אַרום דרײַסיק, מיט עקלדיקע גאָלדענע שפּאַקולן און מיט אַ פּנים, וואָס איז פֿול מיט צייכנס פֿון דועלן. איך מערק,

אַז ער איזדיעקעוועט זיך איצט איבער מיך, ער ריעט זיך גלאַט אַזוי אין מײַן ווונד און כאַפּט אַ גנבֿישן קוק אַף מיך איבער זײַנע שפּאַקולן. איך האַלט זיך פֿעסט, איך וועל גיכער פּגרן, איידער ער וועט דערהערן אַ מוק פֿון מיר.

ער האָט אַרויסגענומען פֿון מײַן ווונד אַ שפּליטער און ווײַזט מיר דאָס. ווי עס שײַנט, איז ער צופֿרידן פֿון מײַן האַלטן זיך, ער קוקט מיך אָן און זאָגט: "מאָרגן וועט איר שוין אָפּפֿאָרן אַהיים." נאָכדעם ווער איך אײַנגעגיפּסט. ווען איך בין שוין ווײַטער צוזאַמען מיט קראָפּן דערצייל איך אים, אַז מסתּמא וועט מאָרגן אָנקומען אַ לאַזאַרעט־צוג.

"מיר מוזן בעטן דעם סאַניטאַר־פֿעלדפֿעבל, ער זאָל אונז אײַנפּלאַצירן צוזאַמען.

203

עס גיט זיך מיר אײַן מכבד צו זײַן דעם פֿעלדפֿעבל מיט אַ פּאָר פֿון מײַנע ציגאַרן. ער באַשמעקט זיי און פֿרעגט: "האָסטו נאָך אַזעלכע פֿון דעם מין?"

"ס'זײַנען נאָך פֿאַראַן אַפֿולע" זאָג איך, "און מײַן חבֿר", איך ווײַז אָן אַף קראָפּ ,"האָט נאָך אויך אַסך. מיר וואָלטן אײַך דאָס וועלן צוזאַמען מאָרגן דערלאַנגען פֿונם פֿענסטערל פֿון דעם לאַזאַרעט־צוג."

ער פֿאַרשטייט אַן עסק, טוט נאָך אַ צי מיט די נאָזלעכער און זאָגט: "ס'איז געמאַכט."

באַנאַכט קאָנען מיר אַף קיין איין מינוט ניט אײַנשלאָפֿן. אין אונזער פּאַלאַטע שטאַרבן זיבן מאַן. איינער זינגט מיט אַ קול פֿון אַ באַק אַ גאַנצע שעה צײַט קלויסטער־געזאַנגען, ביז ער הויבט אָן כאָרכלען. אַ צווייטער איז פֿאַר דער גסיסה אַרויס פֿון בעט און צוגעפּויזשעט צום פֿענסטער. ער ליגט פֿאַרן פֿענסטער, אַזוי ווי ער וואָלט געוואָלט צום לעצטן מאָל אַרויסקוקן אַף דער וועלט —

***

אונזערע טראָג־בעטלעך שטייען אַפֿן וואָקזאַל. מיר וואַרטן אַפֿן צוג. ס'רעגנט, און איבערן וואָקזאַל איז ניטאָ קיין דאַך. צוגעדעקט זײַנען מיר מיט דינע קאָלדרעס. מיר וואַרטן שוין צוויי שעה.

דער פֿעלדפֿעבל פּאַסט אונז אויף, ווי אַ געטרײַע מאַמע. איך פֿיל זיך אַפֿילו זייער ניט גוט, אָבער פֿון אונזער פּלאַן זאָג איך זיך דאָך ניט אָפּ. כּלאַחר־יד [**kilaxer-yad**] לאָז איך אים זען די פּעקלעך, און איך דערלאַנג אים אַ ציגאַר, אַן אַדערויף. דערפֿאַר דעקט אונז דער פֿעלדפֿעבל אַריבער מיט אַ געצעלט־לײַוונט.

"אַלבערט", דערמאָן איך זיך, "אונזער הימל־בעט און די קאַץ —"

"און די ווייכע לען־שטולן", לייגט ער צו.

יאָ, די לען־שטולן פֿון רויטן פּליש. אין די אָוונטן זײַנען מיר אין זיי געזעסן, ווי די מאַגנאַטן, און האָבן אַפֿילו געמאַכט אַ פּלאַן, זיי צו פֿאַרדינגען אַף שעהן. אַ סיגאַרעט אַ שעה. ס'וואָלט געווען אַ גוט געשעפֿט און מיר וואָלטן געמאַכט אַ לעבן.

"אַלבערט", דערמאָן איך זיך ווײַטער, "און אונזערע זעקלעך אַכילה"?

עס ווערט אונז אומעטיק. מיר וואָלטן דאָס איצט גאַנץ גוט געקאָנט געברויכן, ווען דער צוג וואָלט אָפּגעגאַנגען מיט אַ טאָג שפּעטער, וואָלט אונז קאָט בלי־ספֿק אויסגעפֿונען און געבראַכט די פּעקלעך."

ווי פֿאַרשאָלטן מיר זײַנען. אין אונזער מאָגן פּליאַשקעט זיך אַרום אַ שיטער מעל־געקעכץ, אין דער צײַט, וואָס אין אונזערע זעקלעך ליגט געבראָטענע חזיר־פֿלייש. אָבער מיר זײַנען אַזוי אָפּגעשוואַכט, אַז מיר קאָנען זיך אַפֿילו ניט מאַכן צוליב דעם קיין צו גרויסע שבֿרי־לבֿ.

ווען צום סוף קומט שוין אָן דער צוג, זײַנען די טראָג־בעטלעך אינגאַנצן דורכגענעצט. דער פֿעלדפֿעבל אָרדנט אײַן אַזוי, אַז מיר זאָלן אַרײַנפֿאַלן אין דעמזעלביקן וואַגאָן. אין צוג איז פֿאַראַן אַ גאַנצע מחנה באַרימהאַרציקע שוועסטערן. קראָפּן לייגט מען אַוועק אין אַן אונטערשטן בעטל, מיך הייבט מען אַרויף אַפֿן בעטל איבער אים.

"וואָס טוט איר דען?" רײַסט זיך פּלוצלונג אַראָפּ פֿון מײַנע ליפּן.

"וואָס איז? " פֿרעגט די שוועסטער.

איך וואַרף נאָך אַ קוק אַפֿן בעט. עס איז אויסגעבעט מיט שניי־ווײַסע לײַוונטענע לײַלעכער. מײַן העמד אָבער איז שוין זעקס וואָכן ניט געוואַשן.

"קאָנט איר דען ניט אַרופֿקריכן?" פֿרעגט די שוועסטער מיט אַ פֿאַרזאָרגטן קול.

"איך קאָן", זאָג איך, און שווייס גיסט זיך פֿון מיר, "אָבער נעמט דאָך פֿריער אַוועק דאָס בעטצײַג."

"פֿאַרוואָס?"

איך קום זיך אַליין פֿאָר, ווי אַ דבֿר־אַחר [dover-áxer]. און דאָ זאָל איך מיך לייגן? — "עס וועט דאָך —" איך קווייַנקל זיך.

205

"אַ קאַפּעלע שמוציק ווערן." מונטערט זי מיך אויף. "דאָס מאַכט ניט אויס, וועלן מיר דאָס נאָכדעם ווײַטער אויסוואַשן."

"ניין, ניט דאָס —", זאָג איך אין גרויס אופֿרעקונג. מײַנע כּחות זײַנען צו שוואַך אויסצוהאַלטן אָט די קולטור־אַטאַקע.

"דערפֿאַר, וואָס איר זײַט געלעגן אין די אָקאָפּעס, מעגן מיר נאָך אויסוואַשן אײַער לײַלעך", זאָגט זי ווײַטער.

איך קוק זי אָן, זי איז יונג און יאָדערדיק, און פֿריש אויסגעצוואָגן. זי שײַנט, ווי שוין אַלץ אַרום, עס ווילט זיך פּשוט ניט גלויבן, אַז דאָס איז אייגנטלעך ניט נאָר פֿאַר אָפֿיצירן, מען פֿילט זיך עפּעס ניט געמיטלעך און מען שרעקט זיך אַפֿילו אַ קאַפּעלע.

די שוועסטער פּײַניקט מיך אָבער, ווי אַ תּליון, זי שטייט צו, איך זאָל אַלץ זאָגן. "איך מיין דאָס" — איך דערררייד ניט, זי מוז דאָך פֿאַרשטיין, וואָס איך מיין. "וואָס מיינט איר?"

"איך מיין די לײַז", שרײַ איך פֿאַרצווייפֿלט אַרויס.

זי לאַכט. "זיי דאַרפֿן דאָך אויך אַמאָל לעבן אַ גוטן טאָג."

איצט איז מיר שוין אַלץ איינס. איך קריך אַרײַן אין בעט און דעק מיך צו.

עמיצנס פֿינגער שאַרן איבער דער קאָלדרע. דער פֿעלדפֿעבל. ער כאַפּט די ציגאַרן און ציט אָפּ.

אין אַ שעה אַרום פֿאָרן מיר אָפּ.

***

באַנאַכט כאַפּ איך זיך אויף. קראָפּ רירט זיך אויך. דער צוג גליטשט זיך שטיל איבער די שינעס. עפּעס לאָזט זיך דאָס גאָרניט באַנעמען מיטן שׂכל: אַ בעט, אַ צוג, מען פֿאָרט אַהיים. איך שעפּטשע: "אַלבערט!"

"יאָ —"

"ווייסטו, ווו דאָ איז דער אָפּטריט?"

"מיר דאַכט, די אַנטקעגנדיקע טיר רעכטס."

206

"איכ'ל זען." ס'איז פֿינסטער, איך טאַפּ דעם ראַנד פֿון בעט און איך בין בדעה פֿאָרזיכטיק זיך אַראָפּצולאָזן. אָבער מײַן פֿוס געפֿינט ניט קיין אָנשפּאַר, איך גליטש זיך ווײַטער, און מיט רעש [ráeš] פֿאַל איך אַראָפּ אַף דער פּאָדלאָגע.

"אײַנגעזונקען!" — זידל איך זיך אויס.

"האָסט זיך צעמזיקט?" פֿרעגט קראָפּ.

"האָסט דאָס גאַנץ גוט געהערט דאַכט זיך", וואָרטשע איך אין כּעס, "מײַן קאָפּ — "

אַ טירל אין הינטערשטן וואַנט פֿון וואַגאָן עפֿנט זיך. עס קומט אַרײַן די שוועסטער מיט אַ ליכט אין דער האַנט און דערזעט מיך.

"ער איז אַראָפּגעפֿאַלן פֿון בעט — "

זי נעמט אָן מײַן פּולס און באַטאַפּט מיר דעם שטערן.

"איר האָט אָבער ניט קיין היץ."

"ניין —", בין איך מסכּים.

"האָט זיך אײַך עפּעס געחלומט?", פֿרעגט זי.

"לערך אַזוי", מײד איך אויס אַ גראָדן ענטפֿער. איצט הויבט זי ווײַטער אָן צו שטעלן קשיות. זי קוקט מיך אָן מיט אירע גלישטשעדיקע אויגן, זי איז אַזוי ריין און ווונדערלעך, און איך קאָן איר ניט זאָגן, וואָס איך וויל.

מען הייבט מיך ווײַטער אַרויף. אַ שיינע געשיכטע. ווי נאָר זי וועט אַוועקגיין, מוז איך תּיכּף פֿונדאָסנײַ פּרוּוון אַראָפּקריכן. וואָלט זי געווען אַן עלטערע פֿרוי, וואָלט איך איר שוין געזאָגט, אָבער זי איז דאָך אַזוי יונג, העכסטנס פֿינף־און־צוואַנציק, ס'איז נישט צו מאַכן, איך קאָן דאָס איר ניט זאָגן.

דאָ קומט מיר אָבער אַלבערט צוהילף, ער שעמט זיך ניט, און סוף־כּל־סוף איז ער דאָך אויך ניט דער באַטראָפֿענער. ער טוט איר אַ רוף. זי קערט זיך אום. "שוועסטער, ער האָט געוואָלט" — אָבער אַלבערט ווייס שוין אויך ניט מער, ווי מען דאַרף זיך אויסדריקן לײַטיש. צווישן זיך ריידן מיר וועגן דעם גאָר פּשוט, מיט איין וואָרט, אָבער דאָ, צו אַזאַ דאַמע — —

מיטאַממאָל דערמאָנט ער זיך אַף דער שול־צײַט, און ער פֿאַרענדיקט אַף גיך: "ער וויל אַרויסגיין, שוועסטער."

"אַזוי," זאָגט די שוועסטער, "דערצו אָבער דאַרף ער דאָך ניט קריכן פֿון בעט מיט אַ פֿאַרגיפּסטער פֿוס. וואָס ווילט איר דען?" ווענדט זי זיך צו מיר.

איך בין דערשראָקן אַף טויט: ווײַל איך האָב קיין ידיעה ניט אין דעם, ווי מען רופֿט אָן אָט די זאַכן. די שוועסטער קומט מיר צוהילף:

"קליין אָדער גרויס?"

איך האָב זיך ניט, ווו צו באַגראָבן פֿון חרפּה. איך שוויץ שטאַרק און זאָג פֿאַרשעמט: "נו, נאָר קליין—" נאָך געהאַט, לכּל־הפּחות, אַביסל מזל.

איך באַקום אַ פֿלעשל. אין עטלעכע שעה אַרום בין איך שוין מער ניט דער איינציקער, און אינדערפֿרי זײַנען מיר שוין דערמיט אויך אײַנגעוווינט און מיר זאָגן אָן בושה אַלץ, וואָס מיר ווילן.

דער צוג פֿאָרט פּאַמעלעך. אַנדערעמאָל שטעלט ער זיך אָפּ, און די געשטאָרבענע ווערן אַרויסגעטראָגן. ער בלײַבט אָפּט שטיין.

***

אַלבערט האָט היץ. מיר גייט עס נישקשהדיק, איך האָב אַפֿילו אַביסל ווייטיקן, אָבער דאָס ערגסטע איז, וואָס אונטער מײַן גיפּס־באַנדאַזש זײַנען נאָך פֿאַראַן לײַז. עס בײַסט מוראדיק, און אויסקראַצן קאָן איך זיך ניט.

גאַנצע טעג לעבן מיר אין דרעמלען. פֿאַר די פֿענסטערן ציט זיך שטיל פֿאַרבײַ די לאַנדשאַפֿט. אַף דער דריטער נאַכט קומען מיר אָן אין אַן אָרט, וואָס הייסט הערבעסטאַל. איך דערוויס זיך פֿון דער שוועסטער, אַז אַלבערטן וועט מען צוליב זײַן, כּסדר זיך פֿאַרגרעסערנדיקער היץ, צופֿירן ביז דער נאָענטסטער סטאַנציע און אים דאָרטן לאָזן אין שפּיטאָל. "ווי ווײַט פֿאָרט דער צוג?" פֿרעג איך.

"ביז קעלן."

208

"אַלבערט," זאָג איך, "וועסט זען, אַז מיר וועלן בלײַבן צוזאַמען."

בעת די שוועסטער גייט פֿונראַסנײַ צו אונדז צו, האַלט איך מיט אַלע כּחות אײַן מײַן אָטעם און צי אים צוריק אין זיך, אין קאָפּ. מײַן פּנים ווערט אױפֿגעבלאָזן און רויט. די שוועסטער שטעלט זיך אָפּ . "האָט איר יסורים?"

"יאָ", קרעכץ איך, "מיטאַמאָל באַקומען."

זי דערלאַנגט מיר אַ טערמאָמעטער און זי גייט ווײַטער. איך האָב אָבער געהאַט אַ גוטן רבין — קאַטן, און איך ווייס זייער גוט, וואָס מען דאַרף טאָן. די דאָזיקע זעלנערשע טערמאָמעטערס זײַנען ניט פֿאַר אונדז, געניטע סאָלדאַטן. ס'איז דאָך גאָר פֿון די לײַכטע זאַכן אַרופֿצוטרײַבן דאָס קוועקזילבער, און דאָס נאָכדעם אײַנצוהאַלטן אין דעם רערל, ס'זאָל ניט אַראָפּפֿאַלן צוריק.

איך לייג אַרונטער דעם טערמאָמעטער אונטערן אָרעם, מיטן קעפּל אַראָפּ, און איך שנעל אַף אים מיטן פֿינגער. נאָכדעם דריי איך אים אַריבער נאָך אויבן. אַזוי אַרום דערגרייך איך 37,9. דאָס איז נאָך אָבער ווייניק. איך וואַרעם דעם קוועקזילבער אָן מיט אַ שוועבעלע, אַף אַזאַ אופֿן דערגרייט ער ביז 38,7.

ווען די שוועסטער קומט צוריק, הויב איך אָן פּרײַכן און שווער עטעמען, גלאָץ אַף איר מיט די אויגן, דריי זיך אומרויִק אַרום און שעפּטשע: "מער קאָן איך שוין ניט אויסהאַלטן —"

זי שרײַבט מיך אײַן אין אַ רשימה.

צוזאַמען מיט אַלבערטן טראָגט מען מיך אויך אַרויס פֿון וואַגאָן.

***

מיר ליגן אין אַ קאַטוילישן שפּיטאָל, אין איין צימער. מיר האָבן געהאַט אַ באַזונדערן מזל, ווײַל די קאַטוילישע שפּיטאָלן האָבן אַ שם מיט דער גוטער באַהאַנדלונג און גוטן קעסט. דער שפּיטאָל איז אינגאַנצן

פֿאַרנומען מיט קראַנקע פֿון אונזער צוג, אַ סך פֿאַלן זײַנען זייער ערנסטע. הײַנט באַקוקט מען אונז נאָך ניט, ווײַל עס פֿעלן דאָקטוירים. דורכן קאָרידאָר פֿירט מען אָן אופֿהער די פּלאַטשיקע ווענלעך — אַף די גומיע־רעדער, און שטענדיק ליגט דאָרטן עמיץ.

די נאַכט איז זייער אַן אומרויִקע. קיינער קען ניט שלאָפֿן. באַגינען דרעמלען מיר אַביסל אײַן. איך כאַפּ זיך אוף, ווען ס'איז שוין ליכטיק. די טיר איז אָפֿן, און פֿון קאָרידאָר הער איך שטימען. די אַנדערע וואַכן אויך אוף. איינער, וואָס ליגט דאָ שוין זינט עטלעכע טעג, דערקלערט אונז, וואָס דער מער איז: "איבער אונז אין קאָרידאָר דאַוונען די שוועסטער יעדן פֿרימאָרגן. דאָס איז זייער פֿרימאָרגן־תּפֿילה. זיי עפֿענען די טיר אַהער, כּדי מיר זאָלן באַקומען אונזער חלק."

געמיינט איז דאָס געוויס גוט, אָבער אונז ברעכן די ביינער, און די קעפּ טוען וויי.

"אַזאַ מין חזירסטווע," זאָג איך, "גראָד איצט, ווען מען האָט קוים מיט צרות אײַנגעדרעמלט."

"דאָרטן אויבן ליגן געוויינטלעך די לײַכטערע קראַנקע, און דעריבער מאַכן דאָס די שוועסטער אַף אַזאַ אופֿן," דערקלערט מיר יענער.

אַלבערט קרעכצט. איך ווער אופֿגערעגט און טו אַ געשריי: "רויִק זײַט, איר דאָרטן!"

אין אַ מינוט אַרום קומט אַרײַן אַ שוועסטער. אין אירע ווײַס־שוואַרצע בגדים זעט זי אויס, ווי אַ קאַווע־היטעלע. "פֿאַרמאַכט דאָך די טיר, שוועסטער," זאָגט עמיץ.

"דאָרטן דאַוונט מען, דעריבער איז די טיר אָפֿן", ענטפֿערט זי.

"מיר ווילן נאָך אָבער שלאָפֿן —"

"דאַוונען איז בעסער, ווי שלאָפֿן." זי שמייכלט אומשולדיק.

"עס איז שוין זיבן אַזייגער."

אַלבערט קרעכצט ווײַטער. "מאַכט צו די טיר!" גיי איך אַרויס פֿון די כּלים.

זי איז צעטומלט, זי קאָן גאָר אַזאַ מין עקשנות ניט פֿאַרשטיין. "דאָרטן דאַוונט מען דאָך פֿאַר אײַך אויך."

"אַלץ איינס! פֿאַרמאַכט די טיר!"

זי גייט אַרויס און לאָזט די טיר אָפֿן. דאָס געזאַנג דערטראָגט זיך ווײַטער. איך ווער אינגאַנצן אויסער זיך און שרײַ: "איך צייל ביז דרײַ. אויב ס'וועט ביז דעמאָלט ניט אופֿהערן, וואַרף איך, וואָס כ'וועל נאָר כאַפּן."

"איך אויך," מאַכט נאָך עטיץ.

איך צייל אָפּ ביז פֿינף. נאָכדעם כאַפּ איך אַ פֿלאַש, צילעווע זיך אָן און טו זי אַ שלײַדער דודכן טיר אין קאָרידאָר אַרויס. די פֿלאַש צעפּליט זיך אין טויזנט שערבלעך. די תּפֿילה ווערט איבערגעריסן. עס לויפֿט אַרײַן אַ גאַנצע מחנה שוועסטער און — אַלע זידלען זיך, אַף וואָס די וועלט שטייט.

"די טיר מאַכט צו!" שרײַען מיר.

זיי טראָגן זיך אָפּ. די פֿריערדיקע שוועסטער גייט אַרויס די לעצטע. "אפּיקורסים," שיפּעט זי, אָבער די טיר פֿאַרמאַכט זי דאָך.

אונזער נצחון.

***

מיטיק־צײַט קומט דער לאַזאַרעט־אינספּעקטאָר און מאַכט אַ סקאַנדאַל. ער שרעקט אונז מיט טורמע און מיט אַנדערע ווילטיקן. אָבער אַ לאַזאַרעט־אינספּעקטאָר איז דאָך, ניט געקוקט אַף זײַן לאַנגן שווערד און אַף זײַנע פּאָגאָנעס, ניט מער, ווי אַ באַאַמטער, פּונקט אַזוי ווי אַ פּראָוויאַנט־אינספּעקטאָר, און פֿאַר אונז, זעלנער, איז ער אַ קנאַפּער מאַכער. דעריבער לאָזן מיר אים זיך אויסריידן. וואָס קאָן ער שוין אונז טאָן —

"ווער האָט געוואָרפֿן די פֿלאַש?" פֿרעגט ער.

נאָך איידער איך האָב צײַט זיך צו באַטראַכטן, אויב איך זאָל זיך מודה זײַן, זאָגט שוין עמיץ "איך!"

211

עס הייבט זיך אוף אַ קראַנקער מיט אַ פֿאַרקאָלטנטער באָרד. אַלע ווילן שוין וויסן, פֿאַרוואָס ער האָט זיך אַרויסגערופֿן.

"איר?"

"יאָ. איך בין אין כּעס געוואָרן, וואָס מען האָט אונז אומנישט אופֿגעוועקט, און כ'האָב פֿאַרלאָרן דעם שׂכל. איך האָב ניט געוווּסט, וואָס כ'האָב געטאָן." ער לייענט דאָס אַלץ אָפּ, ווי פֿון אַ בוך.

"ווי הייסט איר?"

"דערגאַנצונג־רעזערוויסט יאָזעף האַמאַכער."
דער אינספּעקטאָר גייט אַוועק.
אַלע זײַנען נײַגעריק. "פּאַרוואָס האָסטו זיך עפּעס אַרויסגערופֿן דו האָסט דאָך דאָס ניט געוואָרפֿן!"
ער שמייכלט ביטער. "דאָס מאַכט ניט אויס. איך האָב אַ לגאָטע־פּאַפּיר."
מיר פֿאַרשטייען. ווער עס האָט אַ לגאָטע־פּאַפּיר, דער מעג שוין טאָן, וואָס ער וויל.
"יאָ," דערציילט ער, "איך האָב געכאַפּט אַ שאָס אין קאָפּ, און מען האָט מיר געגעבן אַן אַטעסטאַט, אַז פֿון צײַט צו צײַט בין איך צומישט און איך ווייס אַליין ניט, וואָס איך טו .זינט דעמאָלט קאָן מען מיט מיר גאָרנישט מאַכן. מען טאָר מיך ניט רייצן. דער אינספּעקטאָר וועט שוין טאַנצן. און אַרויסגערופֿן האָב איך זיך צוליב דעם, ווײַל כ'האָב געהאַט הנאה פֿון דער מעשׂה מיטן וואַרפֿן. ווען זיי עפֿענען מאָרגן ווידער די טיר, וועלן מיר ווײַטער וואַרפֿן."
איצט גייען מיר שוין אַף זיכער. וויבאַלד יאָזעף האַמאַכער איז צווישן אונז, קאָנען מיר זיך דרייסטן אַף אַלץ.
עס קומען שוין אָן די שטילע, פּלאַטשיקע וועגלעך, כּדי אונז אָפּצופֿירן.
212
די באַנדאַזשן זײַנען אָנגעקלעפּט צו דער הויט. מיר שרײַען, ווי די ווילדע אָקסן.
***
אין אונזער אָפּטייל ליגן אַכט מאַן. די האַרבסטע פֿאַרוווּנדונג איז בײַ פּעטערן,— אַ יונגנמאַן מיט שוואַרצע געגרײַזלטע האָר — ער האָט אַ שווערן שאָס אין די לונגען. פֿראַנץ וועכטער, וואָס ליגט לעבן אים, האָט אַ צעשאָסענעם אָרעם, וועלכער זעט אין אָנהויב גאָר ניט שטאַרק שלעכט אויס. אָבער אַף דער דריטער נאַכט הויבט ער אָן שרײַען, מיר זאָלן גיכער אַרײַנרופֿן עמיצן, ווײַל אים דאַכט זיך, אַז ער לויפֿט אָפּ מיט בלוט.
איך דערלאַנג אַ שטאַרקן קלונג. די נאַכט־שוועסטער קומט ניט. פֿאַרנאַכט האָט זי געהאַט מיט אונז אַסך האָרעוואַניע, ווײַל מען האָט אונז אַלעמען איבערגעבונדן, און מיר האָבן צוליב דעם געהאַט גרויסע ווייטיקן. איינער האָט געוואָלט, זי זאָל אים איבערלייגן זײַן פֿוס דווקא אַזוי, דער צווייטער — אַנדערש, דער דריטער האָט גע פֿאָדערט וואַסער, דער פֿערטער האָט גע מאָנט זי זאָל אים איבערטרייסלען זײַן קישן; — די באַלײַבטע אַלטעטשקע האָט שוין צום סוף געבורטשעט אומגעדולדיק וואָרטשן און אַרויסגייענדיק, האָט זי אַ זעץ געטאָן מיט דער טיר. איצט קלערט זי מסתּמא, אַז ס'זײַנען ווײַטער אונזערע משוגעתן, און דעריבער קומט זי ניט.
מיר וואַרטן אָפּ. איך אַ ווײַלע אַרום זאָגט פֿראַנץ: "קלינג ווײַטער."
איך קלינג נאָכאַמאָל. זי לאָזט זיך נאָך אַלץ ניט זען. באַנאַכט איז אַף אונזער גאַנצן פֿליגל פֿאַראַן נאָר איין שוועסטער, אפֿשר איז זי פֿאַרנומען אין אַנדערע צימערן. "ביסטו זיכער, פֿראַנץ, אַז דו בלוטיקסט טאַקע?" פֿרעג איך. "אַניט וועלן מיר ווײַטער כאַפּן אַ פּאָרציע."
"ס'איז נאַס. קאָן קיינער פֿון אײַך ניט מאַכן קיין ליכט?"
213
דאָס קאָן מען אויך ניט. דאָס קנעפּל איז בײַ דער טיר, און קיינער קאָן זיך ניט אויפֿהייבן. איך האַלט דעם פֿינגער אַזוי לאַנג אַפֿן גלעקל, ביז ער הערט אינגאַנצן אויף צו קלינגען. מעגלעך, אַז די שוועסטער איז אײַנגעשלאָפֿן. זיי האָבן אַזוי פֿיל אַרבעט, און פֿאַרן טאָג האָרעווען זיי זיך איבער. דערצו נאָך די שטענדיקע תּפֿילות.
"זאָלן מיר ווײַטער וואַרפֿן פֿלאַשן?" פֿרעגט יאָזעף האַמאַכער מיטן לגאָטנעם פּאַפּיר.
"דאָס וועט זי דערהערן נאָך וויניקער, ווי דאָס גלעקל."
צום סוף עפֿנט זיך די טיר. די אַלטע לאָזט זיך אַרײַן, קײַענדיק אַף ביידע באַקן. בעת זי זעט די געשיכטע מיט פֿראַנצן, ווערט זי אומרויִק און זאָגט: "פֿאַרוואָס האָט קיינער גאָרנישט געזאָגט?"
"מיר האָבן צעריסן דעם גלאָק. גיין קאָן דאָך קיינער ניט."
ער האָט שטאַרק געבלוטיקט און מען בינדט אים איבער. אינדערפֿרי זעען מיר זײַן פּנים, עס איז געוואָרן שפּיציקער און געלער. נעכטן אָוונט האָט ער נאָך אויסגעזען כּמעט, ווי געזונט. איצט קומט שוין צו אונז עפּטער אַרײַן אַ שוועסטער.

***

צו פֿראַנץ וועכטער קערן זיך שוין מער ניט אום זײַנע פֿריערדיקע כּחות. אין איינעם אַ טאָג פֿירט מען אים גאָר פֿון אונז אַוועק און ער קומט מער ניט צוריק צו אונז. יאָזעף האַמאַכער ווייס וואָס דאָס באַטײַט. ״מיר וועלן אים שוין מער ניט באַקומען צו זען. זיי האָבן אים אָפּגעפֿירט אין שטאַרב־צימער.״ ״וואָס איז דאָס אַזוינס?״ פֿרעגט קראָפּ. ״דאָס איז דאָס קליינע צימערל אין עק פֿליגל. ווען עמיץ האַלט שוין נאָענט באַם סוף, טראָגט מען אים אַריבער אַהין. דאָרטן שטייען נאָר צוויי בעטן. אומעטום רופֿט מען דאָס שטאַרב־צימער.״

״אָבער פֿאַרוואָס טוען זיי דאָס?״

״דעמאָלט האָבן זיי נאָכדעם ניט אַזוי פֿיל אַרבעט. עס איז באַקוועמער, ווײַל עס ליגט אַפּן וועג צום טויטן־צימער. אפֿשר טוען זיי דאָס אויך צוליב דעם, כּדי אין די פּאַלאַטעס זאָל מען ניט זען, ווי עמיץ שטאַרבט. בעת עטיץ ליגט אַליין, קאָן מען אים אויך בעסער אופּפּאַסן.״

״אָבער ער גופֿא?״

יאָזעף קוועטשט מיט די פּלייצעס. ״נו, דאָס רובֿ מערקט ער דאָס שוין אַליין גאָרניט.״

״און יעדער איינער ווייס וועגן דעם?״

״געוויס, ווער ס׳איז דאָ שוין אַ לייגערע צײַט, דער ווייס דאָס.״

***

נאָכמיטיק ווערט פֿראַנץ וועכטערס בעטל פֿאַרנומען דורך אַ נײַ־אָנגעקומענעם. אין אַ פּאָר טעג אַרום נעמט מען שוין אויך דעם נײַעם אַרויס פֿון דער פּאַלאַטע. יאָזעף טוט אַ מאַך מיט דער האַנט. עס קומען און גייען נאָך עטלעכע.

אַנדערעמאָל קומען צו די קראַנקע זייערע קרובֿים, זיי זיצן אַף די בעטלעך און וויינען, אָדער זייריידן שטיל און עפּעס ווי פֿאַרשעמט. איינע אַן אַלטעטשקע וויל בשום אופֿן ניט אַוועקגיין, אָבער זי קאָן דאָך ניט בלײַבן נעכטיקן. אַף מאָרגן פֿעדערט זי זיך שוין גאָר פֿרי צוקומען, אָבער פֿונדעסטוועגן פֿאַרזאַמט זי, ווײַל בעת זי גייט צו צום בעטל, ליגט שוין דאָרטן אַן אַנדערער. זי מוז איצט גיין אין טויטן־צימער. די עפּל, וואָס זי האָט מיט זיך געבראַכט, גיט זי אונז אָפּ.

דער קליינער פּעטער ווערט אויך אַלץ ערגער און ערגער. זײַן טעמפּעראַטור־צעטל צוקאָפּנס איז פֿאַרשריבן מיט אומעטיקע ציפֿערן, און איין טאָג פֿאָרט צו זײַן בעט צו דאָס פּלאַטשיקע וועגעלע. ״וווּהין?״, פֿרעגט ער.

״אין פֿאַרבינד־צימער.״

מען הייבט אים אַרויף אַפֿן וועגל. אָבער די שוועסטער טוט אַ גרויסן פֿאַרזען: כּדי צו פֿאַרשפּאַרן נאָך אַ גאַנג, נעמט זי אַראָפּ פֿון העקל זײַן ראָק און לייגט אים אויך אַרויף אַפֿן וועגל. פּעטער פֿאַרשטייט תּיכּף, וואָס דאָס באַטײַט, און ער וויל זיך צוריק אַראָפּקײַקלען. ״איך בלײַב דאָ!״

זיי האַלטן אים פֿעסט צו. ער שרײַט הײַזעריק פֿון צעשאָסענע לונגען אַרויס: ״איך וויל ניט גיין אין שטאַרב־צימער.״

״מיר גייען אָבער אינם פֿאַרבינד־צימער.״

״טאָ צוּוואָס דאַרפֿט איר מײַן רעקל?״ מער קאָן ער שוין ניט ריידן. ער שעפּטשעט נאָר הײַזעריק, אין גרויס אופֿרעקונג: כ׳וויל בלײַבן דאָ!״

זיי ענטפֿערן נישט און פֿירן אים אַרויס. פֿאַרן טיר פּרווּוט ער זיך אַ הייב טאָן. זײַן שוואַרצער, גרײַזלדיקער קאָפּ ציטערט, די אויגן זײַנען פֿול מיט טרערן. ״איך קום נאָך צוריק, איך קום נאָך צוריק!״, שרײַט ער צו אונז.

די טיר פֿאַרמאַכט זיך. מיר זײַנען אַלע שטאַרק געריירט; אָבער מיר שווײַגן. צום סוף זאָגט יאָזעף: ״אַפֿולע האָבן דאָס שוין געזאָגט. אַז מען פֿאַלט שוין דאָרטן אַרײַן, קומט מען מער ניט אַרויס.״

***

מען אָפּערירט מיך, און נאָכדעם האַלט איך צוויי טעג כּסדר אין איין ברעכן. דער שרײַבער באַם דאָקטאָר זאָגט, אַז מײַנע ביינער וואַקסן זיך ניט צוזאַמען. בײַ נאָך עמיצן זײַנען זיי יאָ צונויפֿגעוואַקסן. אָבער ניט, ווי נויטיק איז; עס קומט אויס נאָכאַמאָל צו ברעכן. ווילדע יסורים!

צווישן די ניי־געקומענע זײַנען פֿאַראַן צוויי סאָלדאַטן מיט פּלאַטשיקע פֿיס. בעתן באַקוקן די קראַנקע, שטעלט זיך דער עלטסטער דאָקטאָר באַ זיי אָפּ מיט אַ באַזונדערער הנאה. "דאָס וועלן מיר שוין אויסהיילן" זאָגט ער, "מיר'ן מאַכן אַ קליינע אָפּעראַציעלע, און איר וועט אַוועק פֿון דאַנען מיט געזונטע פֿיס. פֿאַרשרײַבט זיי, שוועסטער".
216
נאָך זײַן אַוועקגיין וואָרנט זיי דער אַלץ־וויסנדיקער יאָזעף: "לאָזט זיך ניט שנײַדן! דאָס איז דעם אַלטנס משוגעת. ער איז גליקלעך, בעת ער כאַפּט עמיצן צו אָפּערירן. ער וועט אײַך שנײַדן אײַערע פּלאַטשיקע פֿיס, און איר וועט טאַקע באמת לויז ווערן פֿון זיי; דערפֿאַר אָבער וועט איר באַקומען אַזעלכע פֿיס, אַז איר וועט שוין אײַער גאַנצן לעבן מוזן גיין אַף קוליעס."
"וואָס זאָלן מיר אָבער טאָן?" פֿרעגט איינער.
"איר מוזט זאָגן, אַז איר ווילט ניט: איר ליגט דאָ, כּדי זיך אויסצוהיילן פֿון אײַערע ווונדן, אָבער ניט פֿון אײַערע פּלאַטשיקע פֿיס: איצט גייט איר אַרום, אָבער ווען איר וועט שוין ליגן אונטערן אַלטנס מעסער, זײַט איר קאַליקעס אַף אייביק, ער דאַרף האָבן קראַליקעס פֿאַר זײַנע פּרווון, די מלחמה איז פֿאַר אים ווי געוווּנטשן, ווי שוין פֿאַר אַלע דאָקטוירים. אַף דער סטאַנציע וואַלגערט זיך שוין אַ גאַנצער טוץ מענטשן, וואָס ער האָט מיט זײַן אָפּערירן געמאַכט פֿאַר קאַליקעס. אַנדערע ליגן דאָ שוין צו עטלעכע יאָר, פֿון דעם פֿערצענטן און דעם פֿופֿצענטן יאָר. עטלעכע מאָל אין יאָר כאַפּט ער זיי פֿונדאָסנײַ, שנײַדט זיי ווײַטער, און דעמאָלט איז ער שוין זיכער, אַז ס'וועט זיך אײַנגעבן. היט זיך דעריבער, ווען איר ווילט ניט, טאָר ער אײַך ניט שנײַדן."
"מענטש איינער," זאָגט איין פּלאַטשיק־פֿיסיקער מיט אַ מידן קול, "שוין בעסער פֿאַרלירן די פֿיס, איידער דעם שאַרבן. ווער ווייס, וואָס עס וואַרט, בעת מען גייט ווײַטער אַרויס אַפֿן פֿראָנט? זאָלן זיי מיט מיר טאָן, וואָס זיי ווילן, אַבי איך זאָל נאָר צוריקקומען אַהיים. שוין בעסער אַ קאַליקע, איידער גאָר אַ מת."
דער צווייטער, אַ יונגערמאַן אין אונזער עלטער, וויל דאָס אָבער ניט. אַף מאָרגן לאָזט דער אַלטער ביידן אַראָפּפֿירן און ער רעדט צו זיי מיט גוטן און מיט בייזן אַזוי לאַנג, ביז זיי גייען אײַן אַף דער אָפּעראַציע. וואָס זאָלן זיי דען טאָן. — זיי זײַנען דאָך נאָר פּשוטע זעלנער, און ער איז אַ גרויסער אָדון. ווען מען ברענגט זיי צוריק אַרײַן, זײַנען זיי פֿאַרגיפּסט און כלאָראָפֿאָרמירט.
217
***
אַלבערטן ווערט ערגער. מען פֿירט אים אָפּ און מען אַמפּוטירט אים. די גאַנצע פֿוס ביז אויבן אַרויף ווערט אים אַראָפּגענומען. איצט רעדט ער כמעט מער נישט. איינמאָל זאָגט ער נאָר, אַז ווען ער וועט צוריק באַקומען זײַן רעוואָלווער, וועט ער זיך דערשיסן.
עס קומט אָן אַ נײַער טראַנספּאָרט פֿאַרוווּנדיקטע. אין אונזער צימער ווערן אײַנפּלאַצירט צוויי בלינדע. איינער פֿון זיי איז נאָך גאָר אַ יונגינקער מוזיקער. בעת די שוועסטערן ברענגען אים עסן, האַלטן זיי באַ זיך קיינמאָל ניט קיין מעסער; ער האָט שוין איינמאָל באַ אַ שוועסטער אַרויסגעריסן אַ מעסער. אָבער ניט געקוקט אַף דער גאַנצער פֿאָרזיכטיקייט, געשעט דאָך עפּעס. באַם אָוונט־עסן רופֿט מען די שוועסטער אַף אַ רגע אַוועק פֿון זײַן בעט, און זי לאָזט דערווײַל אַף זײַן טיש דעם טעלער מיטן גאָפּל. ער דערטאַפּט דעם גאָפּל, כאַפּט אים און שטעכט אים מיט זײַן גאַנצן כּח אַרײַן אין האַרצן צו זיך, נאָכדעם כאַפּט ער אַ שוך און קלאַפּט דערמיט אָפּן שטיל, כּדי די שפּיצן זאָלן וואָס טיפֿער אַרײַן. מיר שרײַען געוואַלד, און דרײַ מאַן מוזן זיך מיט אים ראַנגלען, כּדי אָפּצונעמען באַ אים דעם גאָפּל. די טעמפּע צײַנדלעך זײַנען שוין געווען טיף אַרײַנגעדרונגען. די גאַנצע נאַכט זידלט ער אונז און שילט, און קיינער קאָן ניט אײַנשלאָפֿן. אינדערפֿרי באַקומט ער ספּאַזמעס.
עס ווערן באַפֿרײַט עטלעכע בעטן. עס גייען אַוועק אַסך טעג אין ווייטיק און אין פּחד, אין קרעכצן און אין כאָרכלען. די שטאַרב־צימערן נוצן אויך נישט מער, זיי סטײַען ניט, און אין די נעכט שטאַרבן שוין מענטשן אַף אונזערע אויגן. דער טויט קומט נאָך גיכער, ווי די שוועסטערן באַווײַזן די קראַנקע אַריבערצוטראָגן.
אין איינעם אַ טאָג ווערט די טיר אױפֿגעפּראַלט, עס קײַקלט זיך אַרײַן דאָס פּלאַטשיקע וועגל, און אַף אים זיצט מיט זײַן צעשויבערטן געגרײַזלטן קאָפּ, דער שוואַרצער פּעטער. ער איז בלאַס, אויסגעדאַרט, אָבער

מלא־שׂמחה. אַ שוועסטער פֿירט אים מיט אַ שטראַלנדיק פּנים צו זײַן פֿריערדיק בעטל. ער האָט זיך צוריק אַרויסגעדראַפּעט פֿון שטאַרב־צימער, מיר האָבן געמיינט, אַז ער איז שוין לאַנג טויט.

ער קוקט זיך אַרום: "נו, וואָס זאָגט איר איצטער?"

און אַפֿילו יאָזעף מוז צוגעבן, אַז ער זעט דאָס צום ערשטן מאָל.

***

עטלעכע פֿון אונז דערלויבט מען זיך אופֿצוהייבן. איך באַקום אויך קוליעס אַף אַרומצוהינקען. אָבער איך באַנוץ זיך ווייניק דערמיט; איך קאָן ניט אַריבערטראָגן אַלבערטס בליק, בעת איך הינק איבערן צימער. ער קוקט מיר נאָך מיט אַזעלכע מאָדנע אויגן. דעריבער גנבֿע איך זיך אָפֿטמאָל אַרויס אין קאָרידאָר — דאָרטן קאָן איך זיך באַוועגן פֿרײַער.

מיט אַ שטאָק נידעריקער ליגן מענטשן מיט שאָסן אין בויך, אין רוקן און אין קאָפּ, און מיט אַראָפּגעשניטענע איברים. אין רעכטן פֿליגל ליגן ווידער געביס־שאָסן, פֿאַרסמטע מיט גאַזן, שאָסן אין נאָז, אין די אויערן, אין האַלז. אין לינקן פֿליגל — בלינדע און מיט דורכגעשאָסענע לונגען, שאָסן אין געזעס, אין די געליינקען, אין די נירן, אין מאָגן, אין די געשלעכטס־טיילן. דאָ דערוויסט מען זיך ערשט, אין וואָס פֿאַר אַ גרויסער צאָל ערטער פֿון מענטשלעכן קערפּער עס קאָן אָנטרעפֿן די קויל.

צוויי מאַן שטאַרבן פֿון מאַרך־ליימונג. די הויט ווערט אַש־פֿאַרביק, די גלידער ווערן שטײַף, נאָר די אויגן לעבן נאָך אַ לאַנגע צײַט. אַנדערע ליגן אין שטײַפֿע באַנדאַזשן, און פֿון דער זײַט בעט הײנגען אַראָפּ שווערע געוויכטער. איך זע געדערים־ווונדן, וועלכע זײַנען שטענדיק פֿאַרמיסטיקט. דער שרײַבער פֿון דעם דאָקטאָר ווײַזט מיר רענטגען־אופֿנאַמען פֿון צעשמעטערטע היפּטן־ביינער, קניען און פּלייצעס.

219

מען קאָן דאָס גאָר ניט באַגרײַפֿן, ווי אַזוי איבער אָט די אַלע צעריסענע גופֿים באַוועגן זיך נאָך מענטשלעכע פּנימער, אין וועלכע דאָס לעבן גייט זיך ווײַטער זײַן אַלטעגלעכן גאַנג. און דאָס איז דאָך נאָר ניט מער, ווי איין־איינציקער לאַזאַרעט, נאָר איין איינציקע סטאַנציע. — עס זײַנען דאָך פֿאַראַן הונדערטער טויזנטער אַזעלכע אין דײַטשלאַנד, הונדערטער טויזנטער אין פֿראַנקרײַך, הונדערטער טויזנטער אין רוסלאַנד. אויב אַזוינס איז נאָך מעגלעך, איז דאָך נאַריש און פּוסט אַלץ, וואָס ס'איז געשריבן געוואָרן, וואָס ס'איז געטאָן און גערעדט געוואָרן! ס'איז דאָך אַלץ שקר־וכּזבֿ [**šeker-vekozev**], אַלץ איז דאָך אַזוי ניט וויכטיק, וויבאַלד די טויזנטער־יאָריקע קולטור האָט ניט געקאָנט אָפּהאַלטן, אַז די אַלע שטראָמען בלוט זאָלן ניט פֿאַרגאָסן ווערן, אַז די אַלע הונדערטער טויזנטער גיהנומס פֿון פּײַן זאָלן אופֿהערן עקזיסטירן. אין לאַזאַרעט דערזעט מען ערשט, וואָס דאָס הייסט מלחמה.

איך בין יונג, איך בין צוואַנציק יאָר אַלט; אָבער פֿון לעבן ווייס איך נישט מער, ווי נאָר יאוש [**yíeš**], טויט, פּחד און צונויפֿקייטלונג פֿון זינלאָזער אויבערפֿלאַכקייט מיט אַ תּהום פֿון ליידן. איך זע, ווי פֿעלקער ווערן אופֿגעהעצט איינס אַף דאָס אַנדערע, און זיי ממיתן [**meymesn**] זיך איינס דאָס אַנדערע שווײַגנדיק, ניט־פֿאַרשטייענדיק, נאַריש, געהאָרכזאַם, אומשולדיק. איך זע, אַז די קליגסטע קעפּ, פֿון דער וועלט געפֿינען אויס אַלץ נײַע וואָפֿן און נײַע ווערטער כּדי דאָס אַלץ נאָך ראַפֿינירטער צו מאַכן און נאָך לײנגער אויסצוציען. און צוזאַמען מיט מיר, זעען דאָס אײַן אַלע יונגעלײַט פֿון מײַן עלטער פֿון דער זײַט, און פֿון יענער זײַט, אין דער גאַנצער וועלט, צוזאַמען מיט מיר לעבט דאָס אַריבער מײַן דור. וואָס וועלן טאָן אונזערע טאַטעס, ווען מיר וועלן זיך אַמאָל אופֿהייבן און פֿאָדערן פֿון זיי דין־וחשבון? וואָס דערוואַרטן זיי פֿון אונז, ווען ס'וועט אָנקומען אַ צײַט, בעת קיין מלחמה וועט שוין מער ניט זײַן? דורך גאַנצע יאָרן איז אונזער איינציקע אַרבעט געווען אונזער וויכטיקסטע שליחות — דאָס איז געווען נאָר צו טויטן אין לעבן. אונזער קענטשאַפֿט מיטן לעבן באַגרענעצט זיך נאָר מיטן טויט. וואָס וועט דען נאָך געשען? און וואָס וועט ווערן פֿון אונז?

220

***

דער עלטסטער אין אונזער פּאַלאַטע איז לעוואַנדאָווסקי. ער איז שוין אַלט אַ יאָר פֿערציק, און ער ליגט אין שפּיטאָל צען חדשים צײַט מיט אַ געפֿערלעכן שאָס אין בויך. ערשט פֿאַר די לעצטע וואָכן איז ער שוין אַזוי ווײַט געקומען, אַז ער קאָן שוין אַביסל אַרומהינקען, אײַנגעהאָרבעט אין דרײַען.

זינט עטלעכע טעג איז ער שטאַרק אופּגערעקט. זײַן ווײַב וועלכע וווינט אין אַ קליין שטעטעלע אין פּוילן, האָט אים געשריבן, אַז זי האָט שוין צוזאַמענגעקראַצט געלט אַף דער נסיעה, און אַז זי וועט קומען צו אים צו פֿאָרן.

זי איז שוין אונטערוועגס און יעדן טאָג קאָן זי קומען. לעוואַנדאָווסקי קאָן שוין גאָר מער ניט עסן, אַפֿילו אַזאַ מאכל, ווי וווּרשטלעך מיט קרויט גיט ער אונז אויך אָפּ נאָכדעם, ווי ער פֿאַרזוכט פֿריער אַ פּאָר ביסנס. ער הינקט כּסדר אַרום איבערן צימער מיטן בריוו אין האַנט, יעדער פֿון אונז קאָן שוין דעם בריוו אויסווייניק, ער איז שוין פֿאַרפֿלעקט פֿון די סך פֿינגער, וואָס האָבן זיך צו אים צוגערירט, און מען קאָן אים שוין כּמעט מער ניט דורכלייענען. צום סוף קומט אָן דאָס, וואָס עס מוז קומען: לעוואַנדאָווסקי באַקומט היץ און מוז זיך ווײַטער לייגן אין בעט.

ער האָט שוין זײַן ווײַב גאַנצע צוויי יאָר ניט געזען. פֿאַר דער צײַט האָט זי געבאָרן אַ קינד, און זי פֿירט דאָס עופֿהלע מיט זיך. אָבער לעוואַנדאָווסקין פֿאַרנעמט גאָר אַן אַנדער געדאַנק. ער האָט געהאָפֿט צו באַקומען אַ דערלויבעניש זיך אויסצוגיין מיט זײַן אַלטער, ווײַל ס'איז דאָך קלאָר; זען זיך איז טאַקע אַ גוטע זאַך, אָבער בעת מען טרעפֿט זיך, נאָך אַזאַ לאַנגער צײַט, ווײַטער צוזאַמען מיט דער ווײַב ,וויל מען דאָך נאָך עפּעס אויך, אויב עס לאָזט זיך נאָר.

שעהנלאַנג האָט לעוואַנדאָווסקי דאָס אַלץ אַרומגערעדט מיט אונז, ווײַל זעלנער צווישן זיך מאַכן דערפֿון ניט קיין סוד. קיין איינער זעט אויך אין דעם ניט אײַן קיין שום בייז. די יעניקע פֿון אונז, וואָס מען לאָזט זיי שוין אַרויסגיין, האָבן אים אַפֿילו אויסגערעכנט אַלע אויסגעצייכנטע פֿאַרוואָרפֿענע ווינקעלעך אין סקווערן און אַלייען, ווו קיינער וואָלט אים ניט געשטערט. איינער האָט אַפֿילו געוווּסט וועגן אַ קליין צימערל.

אָבער דערפֿון וועט, ווי עס שײַנט, גאָרנישט אַרויסקומען. לעוואַנדאָווסקי ליגט אין בעט און ברעכט זיך דעם מח. דאָס לעבן זײַנס וועט אים מער ניט אײַנגיין, אויב ער וועט איצט מוזן דורכלאָזן די געלעגנהייט. מיר טרייסטן אים און זאָגן אים צו, אַז מיר וועלן זיך שוין מיען דעם ענין ווי עס איז אײַנצואָרדענען.

אין אַ טאָג אַרום באַווײַזט זיך זײַן ווײַב, אַ קליין, מיאוס באַשעפֿענישל מיט אומרויִקע אויגלעך, ווי בײַ אַ צעשראָקן פֿויגעלע, אָנגעטאָן אין אַ מין שוואַרצער מאַנטיליע מיט שפּיצן און בענדער, איין גאָט ווייס, ווו זי האָט אָפּגעירשנט אַזאַ מין שײַנדל.

זי פּרעפּלט עפּעס שטיל און שטעלט זיך אין טיר. זי דערשרעקט זיך, בעת זי דערזעט זעקס מאַנסביל.

"נו, מערע", זאָגט לעוואַנדאָווסקי, און זײַן גאָרגל גייט אין גרויס אופֿרעקונג אַרוף און אַראָפּ, "קאָנסט אַרײַנגיין, זיי וועלן דיר קיין בייז ניט טאָן."

זי גייט אַרײַן און גיט יעדערן פֿון אונז די האַנט. נאָכדעם באַווײַזט זי דאָס קינד, וואָס האָט בינו־לבינו אָנגעמאַכט אין די ווינדלעך. פֿון איר גרויסן, מיט פּערל אויסגענייטן טעשל נעמט זי אַרויס אַ ריין ווינדל, כּדי פֿונדאָסנײַ צו פֿאַרוויקלען דאָס קינד. איצט איז שוין די ערשטע פֿאַרלאָרנקייט פֿאַרבײַ, און מאַן און ווײַב הייבן אָן זיך דורכצושמועסן.

לעוואַנדאָווסקי איז זייער נערוויוז, ער קוקט כּסדר אַריבער צו אונז מיט אומגליקלעכע בליקן.

די צײַט איז גראָד צוגעפּאַסט, דער דאָקטאָר איז שוין דאָ געווען, העכסטנס קאָן אַמאָל אַ שוועסטער אַרײַנקוקן אין אונזער צימער. איינער פֿון אונז גייט נאָך אַרויס אַ קוק טאָן, וואָס עס הערט זיך. ער קומט אַרײַן צוריק און שאָקלט מיטן קאָפּ צו לעוואַנדאָווסקין. "קיין לעבעדיק נפֿש איז ניט צו זען. זאָג איר דאָס, יאָהאַן, און טו, וואָס דו דאַרפֿסט."

זיי שמועסן צווישן זיך אַף זייער לשון. די פּרוי רויטלט זיך און איז פֿאַרשעמט. מיר שמייכלען גוטמוטיק און מאַכן ביטולדיק מיט די הענט, ווי איינער זאָגט; כ'ווייס, ס'איז פֿאַראַן, וועגן וואָס צו ריידן! זיי מעגן גיין צום טײַוול, אַלע פֿאָראורטיילן, זיי זײַנען צוגעטראַכט געוואָרן פֿאַר אַנדערע צײַטן, אָט ליגט דאָ דער סטאָליער יאָהאַן לעוואַנדאָווסקי, אַ צעקאַליעטשעטער זעלנער, און אָט איז זײַן ווײַב, ווער ווייס, ווען ער וועט זי ווידער זען, ער וויל זיך מיט איר באַהעפֿטן, זאָל ער דאָס טאָן, מילא.

צוויי מאַן שטעלן זיך אַוועק באַם טיר, כּדי אָפּצוהאַלטן די שוועסטערן, ווען זיי וועלן פֿאַרבײַגיין, און זיי פֿאַרנעמען מיט עפּעס אַנדערש. זיי דאַרפֿן דאָ שטיין בערך אַ פֿערטל שעה.

לעוואַנדאָווסקי קאָן נאָר ליגן אַף אַ זײַט, דעריבער שפּאַרט אים עמיץ אונטערן רוקן אונטער נאָך אַ פּאָר קישנס, אַלבערט באַקומט צו האַלטן דאָס קינד, נאָכדעם קערן מיר זיך אַביסל אָפּ, די שוואַרצע מאַנטיליע קריכט אַראָפּ אונטער דער קאָלדרע, און מיר נעמען זיך שפּילן סקאַט מיט טומל און מיט רעש.

דאָס שפּיל גייט גוט. מיר פֿאַרגעסן אינגאַנצן לעוואַנדאָווסקן. אין אַ ווײַלע אַרום הויבט דאָס קינד אָן געוואַלדעווען. אַלבערט פּרוּווט אים אײַנשטילן, וויגט אים אַף די הענט. נאָכדעם שורשעט עפּעס, און ווען מיר גיבן אַ קוק, דערזעען מיר שוין, ווי דאָס קינד ליגט ווײַטער בײַ דער מאַמען און האַלט דאָס פֿלעשל אין מויל. אַלץ איז אַראָפּ כּשורה.

מיר פֿילן זיך איצט ווי איין גרויסע משפּחה, די פֿרוי איז אױפֿגעמונטערט געוואָרן, און לעוואַנדאָווסקי ליגט מיט אַ פֿאַרשוויצטן און שטראַלנדיקן פּנים.

ער עפֿנט דעם אויסגענייטן רידיקיול, און נעמט אַרויס אַ פּאָר גוטע וווּרשטלעך. לעוואַנדאָווסקי נעמט אין האַנט דאָס מעסער אַזוי ווי מען נעמט אַ בוקעט בלומען, און ער צעשנײַדט די וווּרשט אַף שטיקער. ער באַווײַזט אַף אונדז – און דאָס קליינינקע ווײַבעלע גייט פֿון איינעם צום אַנדערן, לאַכט צו אונדז און פֿאַרטיילט די וווּרשט, איצט איז זי גאָר שענער געוואָרן. מיר רופֿן זי אָן מאַמעשי, און זי פֿרייט זיך און קלאַפּט אוף אונזערע קישנס.

***

אין עטלעכע וואָכן אַרום הויבט מען מיך אָן יעדן טאָג פֿירן אינם אָרטאָפּעדישן אָפּטייל. דאָרטן ווערט מײַן פֿוס פֿעסט אײַנגעשנירט און באַוועגט. דער אָרעם איז שוין אויסגעהיילט.

פֿון שלאַכט־פֿעלד קומען אָן אַלץ נײַע טראַנספּאָרטן. די באַנדאַזשן, וואָס מען מאַכט אונדז, זײַנען שוין מער ניט פֿון שטאָף, איצט זײַנען זיי פֿון ווײַסן קרעפּ־פּאַפּיר. עס פֿעלט אויס שטאָף.

דער אָרט, ווו אַלבערטס פֿוס איז געווען. פֿאַרהיילט זיך. די ווונד איז כּמעט פֿאַרוואַקסן. אין עטלעכע וואָכן אַרום וועט מען אים שוין אָפּשיקן אין אַ פּראָטעזן־סטאַנציע. ער רעדט נאָך אַלץ ווייניק און ער איז אַסך ערנסטער, ווי פֿריער. אָפֿטמאָל שלאָגט ער זיך איבער אין מיטן ריידן און קוקט פֿאַר זיך מיט פֿאַרגלייזטע אויגן. ווען ער וואָלט ניט געווען צוזאַמען מיט אונדז, מיט נאָך חבֿרים, וואָלט ער שוין לאַנג געמאַכט אַ סוף צו זײַן לעבן. איצט אָבער האָט ער שוין אַריבערגעלעבט די ערגסטע צײַט. אַנדערעמאָל קוקט ער זיך אָפֿילו צו צו אונזער סקאַט־שפּיל.

מען לאָזט מיך אָפּ אַהיים אַף צו דערהוילן זיך.

די מאַמע וויל מיך מער ניט אָפּלאָזן. זי איז אַזוי שוואַך. עס איז איר נאָך ערגער, ווי דאָס לעצטע מאָל.

נאָכדעם רופֿט מיך אַרויס מײַן פּאָלק און איך פֿאָר ווײַטער אָפּ אַפֿן פֿראָנט.

דאָס געזעגענען זיך מיט מײַן פֿרײַנט אַלבערט קראָפּ פֿאַלט מיר זייער שווער. אָבער אַ זעלנער געוווינט זיך צו אַלץ.

.11

מיר האָבן שוין פֿאַרלאָרן דעם חשבון פֿון די וואָכן. געקומען אַהער בין איך אין ווינטער, און די גרודעס אײַנגעפֿראָרענע ערד זײַנען דעטאָלט געווען פּונקט אַזוי געפֿערלעך, ווי די שראַפּנעלן. איצט זײַנען שוין די בוימער ווידער גרין. אונזער לעבן פֿאַרלויפֿט זיך צווישן פֿראָנט און באַראַקעס. מיר האָבן זיך שוין טיילווײַז צוגעוווינט צום געדאַנק, אַז דער קריג איז אויך אַ סיבה פֿון טויט, פּונקט אַזוי ווי קרעפּס און טובערקוליאָז, ווי גריפּ און דעזינטעריע. די אופֿנים פֿון טויט זײַנען נאָר פֿאַרשיידנאַרטיקער און גרויזאַמער, און עס זײַנען אָפֿטער די פֿאַלן.

אונזערע געדאַנקען זײַנען ווי ליים, וואָס ס'ווערט געקנאָטן דורך דעם אויסטויש פֿון די טעג — זיי זײַנען גוט, בעת מיר האָבן אָפּרו, און זיי זײַנען טויט, ווען מיר ליגן אין פֿײַער. צעשאָסענע פֿעלדער אַרום אונדז און אין אונדז.

מיר האָבן געשאַפֿן אַ גרויסע פֿאַרברידערונג, וועלכע פֿאַראייניקט אין זיך אַן אָפּגלאַנץ פֿון דער חבֿרשאַפֿט־אידייע, די פֿאָלקס־לידער באַזינגען זי, פֿון דעם סאָלידאַריטעט־געפֿיל פֿון אַרעסטאַנטן און פֿון דעם אַחדות [**áxdes**] פֿון צום טויט פֿאַרמשפּטע. דאָס אַלץ האָבן מיר צונויפֿגעשמאָלצן צו אַזאַ מין לעבנס־מדרגה, וועלכע טיילט זיך אויס אָפּן פֿון דער הינטערגרונט פֿון דער גרויסער סכּנה, פֿון דער אָנגעשטריינגטקייט און פֿאַרלאָזנקייט מיט דעם, וואָס יעדע געוווּנענע רגע ווערט לײַכט־זיניק און אויבערפֿלאַכיק דורך אונדז אויסגענוצט. ווען מען זאָל דאָס וועלן שאַצן, איז דאָס העלדיש און באַנאַל צוגלײַך — אָבער ווער וויל דען דאָס טאָן?

דאָס ליגט אין דעם, **למשל**, וואָס טיאַדען זופּט געשווינד אויס פֿאַר דעם **שׂונאָס** אַטאַקע זײַן אַרבעס־געקעכץ, ווײַל ווער ווייס, אויב ער וועט נאָך לעבן אין אַ **שעה** אַרום? מיר האָבן אַ צײַט וועגן דעם זיך געאַמפּערט, אויב דאָס איז טאַקע ריכטיק. קאַט מיינט אַז ס'איז ניט ריכטיק, ווײַל מען מוז זיך דאָך רעכענען דערמיט, וואָס **אפֿשר** וועט מען כאַפּן אַ שאָס אין בויך, און דעמאָלט, **בעת** דער מאָגן איז פֿול, איז אַזאַ שאָס **אַסך** געפֿערלעכער.

***

אָט איז די נאַרישע **מעשׂה** מיט דעטערינג.

זײַן אומגליק איז געווען, וואָס ער האָט אין איינעם אַ גאָרטן דערזען אַ קאַרשן־בוים. מיר זײַנען גראָד געקומען פֿון פֿראָנט, און דער קאַרשן־בוים איז געשטאַנען אין נאָענטער **שכנות** פֿון אונזער נײַער קוואַרטיר, אַף אַ קרייצוועג, און אין אַ פֿאַרטאָג האָבן מיר אים פּלוצלונג דערזען. ער האָט ניט געהאַט קיין בלעטער, ער איז אינגאַנצן אָפּגעשאָטן געווען מיט בליטן.

פֿאַרנאַכט איז דעטערינג פֿאַרפֿאַלן געוואָרן. ענדלעך איז ער געקומען און האָט מיטגעבראַכט אַ פּאָר צווײַגלעך מיט קאַרשן־בליטן. מיר האָבן זיך געוויצלט און געפֿרעגט אויב ער קלײַבט זיך ניט גיין אויסזוכן אַ **כּלה**. גאָרנישט ענטפֿערנדיק, האָט ער זיך געלייגט אין זײַן בעט. באַנאַכט האָב איך אים געהערט זיך פּאָרנדיק, מיר האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז ער פּאַקט זיך. איך האָב דערפֿילט, אַז דאָ איז עפּעס ניט גלאַטיק, און בין צו צו אים. ער האָט זיך אָנגעשטעלט ווי ער וואָלט ליגן רויִק, און איך האָב אים געזאָגט: "מאַך ניט קיין נאַרישקייטן, דעטערינג."

"גאָר אַ נײַס — **פּשוט**, עס שלאָפֿט זיך מיר ניט –"

"וואָס עפּעס האָסטו געבראַכט די קאַרשן־צווײַגן?"

"איך וועל מוזן אָפּרײַסן נאָך קאַרשן־צווײַגן", ענטפֿערט ער און פֿאַרהעקערט זיך — און אין אַ ווײַלע אַרום: "אינדערהיים האָב איך אַ גרויסן סאָד מיט קאַרשן. **בעת** מען קוקט אַף זיי אַראָפּ פֿון הייבלאַק ווען זיי בליען, זעען זיי אויס, ווי איין גרויסער לײַלעך, אַזוי ווײַס זײַנען זיי. איצט איז די צײַט."

"**אפֿשר** וועלן מיר באַלד באַקומען אורלויב. עס קאָן זײַן, אַז מען וועט דיך ספּעציעל אָפּלאָזן, ווײַל דו ביסט דאָך אַ לאַנדווירט."

ער שטימט צו, אָבער איך פֿיל, אַז זײַנע געדאַנקען זײַנען גאָר אַנדערשוווּ. **בעת** אַ פּויער ווערט פֿון עפּעס אויפֿגעטרייסלט, באַקומט ער אַזאַ מערקווירדיקן אויסדרוק, אַ **מין** געמיש פֿון אַ קאַלב און אַ פֿאַרביינקטן גאָט, אידיאָטיש און טראַגיש צוגלײַך. **כּדי** אים אָפּצורײַסן פֿון זײַנע געדאַנקען, בעט איך בײַ אים אַ שטיקל ברויט. ער דערלאַנגט מיר **תּיכּף**. דאָס איז **חשודיק**, ווײַל געוויינטלעך איז ער זייער קאַרג. צוליב דעם שלאָף איך ניט אײַן. איך בלײַב אויף, אָבער עס פּאַסירט ניט קיין זאַך, אינדערפֿרי איז ער ווי שטענדיק.

**מסתּמא** האָט ער באַמערקט, אַז איך היט אים. — אין אַ טאָג אַרום איז ער דאָך אַנטלאָפֿן. איך זע דאָס באַלד, אָבער איך זאָג קיינעם ניט וועגן דעם, **כּדי** אים צו לאָזן צײַט, **אפֿשר** וועט אים דאָס **מזל** צושפּילן. מערערע זײַנען שוין אַזוי אַנטלאָפֿן, איבער האָלאַנד.

באַם אויסרוף ווערט אָבער זײַן פֿעלן **חשודיק**. אין אַ וואָך אַרום דערוויסן מיר זיך, אַז די פֿעלד־זשאַנדאַרן, די דאָזיקע **מיאוסע** זעלנער־פּאָליציסטן, האָבן אים געפּאַקט. ער איז געגאַנגען מיטן וועג קיין דײַטשלאַנד — דאָס איז, פֿאַרשטייט זיך, געווען אַ גרויסע נאַרישקייט — ער האָט די גאַנצע זאַך אָפּגעטאָן זייער נאַריש. יעדער האָט געקאָנט אײַנזען, אַז זײַן אַנטלויפֿן איז אַרויסגערופֿן געוואָרן דורך בייענקעניש אַהיים און פֿון אויגנבליקלעכער ניט־באַרעכנטקייט. אָבער וואָס פֿאַרשטייען דען קריגס־ריכטער, וואָס זיצן הונדערט קילאָמעטער ווײַט פֿון פֿראָנט? – מער האָבן מיר וועגן דעטערינג גאָרנישט געהערט.

***

אונזערע אָקאָפּעס זײַנען שוין פֿון לאַנג **חרובֿ**, מיר קאָנען אייגנטלעך קיין ריכטיקע פּאָזיציע־**מלחמה** מער ניט פֿירן, און אונזער פֿראָנט איז איצט באַוועגלעך. נאָך דער אַטאַקע און אונזער קאָנטער־אַטאַקע, בלײַבט איבער אַ דורכגעריסענע ליניע און אַ פֿאַרביטערט געפֿעכט פֿון טרעכטער צו טרעכטער. די פֿאָדערשטע ליניע איז דורכגעבראָכן, און אומעטום אין די טרעכטערס האָבן זיך אײַנפֿלאַצירט גרופּעס.

מיר זיצן אין אַ טרעכטער, פֿון דער זײַט זײַנען ענגלענדער, זיי קלײַבן זיך אַרײַן אין פֿלאַנג און ווילן אונז אָפּשנײַדן. מיר זײַנען אַרומגערינגלט. זיך אונטערצוגעבן איז ניט לײַכט, אַרום אונז הייבן זיך וואָלקנס נעפּל און רויך, קיינער וועט גאָרניט דערזען, אַז מיר ווילן זיך אונטערגעבן, אפֿשער ווילן מיר דאָס טאַקע ניט טאָן,

אין אַזעלכע מאָמענטן ווייס מען דאָס אַליין אויך ניט גוט. מיר הערן, ווי די אופּרײַסן פֿון די האַנט־גראַנאַטעס דערנענטערן זיך. אונזער קוילן־וואַרפֿער באַשיסט דעם פֿאָדערשטן האַלב־קרײַז. דאָס אָפּקיל־וואַסער אין דעם קוילנוואַרפֿער ווערט אויסגעדאַמפּט, מיר דערלאַנגען זיך איינער דעם אַנדערן די קאַסטנס, יעדער איז אין דעם משתּין [maštn], און אַף אַזאַ אופֿן האָבן מיר ווײַטער וואַסער און מיר קאָנען ווײַטער שיסן. אָבער הינטער אונז פּלאַצן די גראַנאַטעס אַלץ נעענטער. אין עטלעכע מינוטן אַרום זײַנען מיר שוין פֿאַרלאָרן.

מיטאַמאָל הויבט אָן אַף אַ קליינעם מהלך פֿון אונז צו שטעפּן אַ צווייטער קוילן־וואַרפֿער. דער קוילן־וואַרפֿער שטייט אין שכונתדיקן טרעכטער, בערגער האָט אים געבראַכט צושלעפּן, און איצט הויבט זיך הינטער אונז אָן די קאָנטער־אַטאַקע, מיר ווערן באַפֿרײַט און מיר פֿאַרבינדן זיך ווײַטער מיט דער הינטערשטע ליניע.

אין אַ ווײַלע אַרום, בעת מיר ליגן שוין מער אָדער ווייניקער גוט געשיצט, דערציילט איינער פֿון אונזערע עסן־טרעגערס, אַז מיט אַ פּאָר הונדערט טריט ווײַטער ליגט אַ פֿאַרווונדיקטער מיליטער־הונט.

"ווו?" פֿרעגט בערגער.

יענער באַשרײַבט אים דעם אָרט. בערגער וויל גיין, כּדי דעם הונט צו ברענגען, אָדער צו דערשיסן. פֿריער וואָלט ער זיך ניט געריסן דעם פּעלץ צוליב אַזאַ מין זאַך, ער וואָלט געוויס געווען קליגער. מיר פּרוּוון אים אָפּהאַלטן. אָבער ווען ער רײַסט זיך אַרויס פֿון אונז, לאָזן מיר אים לויפֿן און מיר זאָגן צו זיך: "משוגע געוואָרן!" אָט די אָנפֿאַלן פֿון פֿראָנט־ווילדקייט קאָנען ווערן געפֿערלעך, ווען מען טוט דעם זעלנער ניט באַלד אַ וואָרף אָן דער ערד און מען האַלט אים ניט פֿעסט צו. און בערגער האַלט אַ מעטער מיט אַכציק, ער איז דער גרעסטער און שטאַרקסטער אין אונזער ראָטע.

ער איז אינדעראמתן משוגע, ווײַל כּדי צוצוקומען צום הונט, מוז ער דורכלויפֿן די פֿײַער־ליניע; — אָבער אין אים האָט אײַנגעשלאָגן אַ בליץ, יענער בליץ, וועלכער לאָקערט איבער אונזערע אַלעמענס קעפּ. באַ אַנדערן דריקט זיך דאָס אויס אין דעם, וואָס זיי הויבן אָן בושעווען, וואָס זיי אַנטלויפֿן, איינער איז געווען באַ אונז, וואָס האָט זיך כּסדר געגראָבן אין דער ערד מיט הענט און פֿיס און מיט די ציין.

מען סימולירט אויך זייער אָפֿט מיט די זאַכן, אָבער בעת מען סימולירט, איז דאָס שוין אייגנטלעך אויך אַ סימן, אַז ס׳וועט באַלד אָנכאַפּן. אין אַ ווײַלע אַרום נעמט מען בערגערן אַראָפּ פֿון דער ליניע מיט אַ צעשמעטערטן געזעס, און איינער פֿון די יעניקע, וועלכע טראָגן אים אַראָפּ, באַקומט דערבײַ אַ קויל אין ליטקע.

***

מילער איז טויט. מען האָט אים פֿון גאָר נאָענט אַרײַנגעשאָסן אַ קויל אין בויך. ער האָט נאָך אַ האַלב שעה געלעבט, איז געווען באַם פֿולן שׂכל און האָט געהאַט מוראדיקע ווייטיקן. פֿאַרן טויט האָט ער מיר איבערגעגעבן זײַן טענטל־בוך און האָט מיר איבערגעלאָזט זײַנע שיך, דיזעלביקע שיך, וואָס ער האָט בשעתו אָפּגעירשנט באַ קעמעריך. איך טראָג זיי, ווײַל זיי זײַנען מיר ריכטיק אין מאָס. נאָך מיר וועט זיי באַקומען טיאַדען, איך האָב אים שוין צוגעזאָגט.

מיר האָבן מילערן באַגראָבן, אָבער לאַנג וועט אים ניט אויסקומען רויִק צו ליגן אין קבֿר. אונזערע ליניעס ווערן כּסדר אָפּגעוואָרפֿן צוריק. אַף יענער זײַט זײַנען פֿאַראַן צופֿיל פֿרישע ענגלישע און אַמעריקאַנער פּאָלקן. דאָרטן איז פֿאַראַן צופֿיל פֿלייש און ווײַסע ווייצנמעל. און צופֿיל נײַע האַרמאַטן. צופֿיל אַעראָפּלאַנעס.

מיר אָבער זײַנען אויסגעדאַרט און אויסגעהונגערט. אונזער עסן איז אַזוי שלעכט און איז אַזוי פֿיל אויסגעמישט מיט כּלערליי סורראָגאַטן, אַז מיר ווערן דערפֿון קראַנק. די פֿאַבריקאַנטן אין דײַטשלאַנד זײַנען רײַך געוואָרן — אונז צערײַסט די דעזינטעריע די געדערים. די אָפּטריטן זײַנען כּסדר געדיכט געפּאַקט, ס׳וואָלט געווען כּדאַי צו באַווײַזן יענע לײַט אין הינטערלאַנד אָט די גראָע, געלע, עלנטע, הכנעהדיקע פּנימער, די אויסגעקרימטע געשטאַלטן, באַ וועמען די בויך־ספּאַזמעס קוועטשן אַרויס דאָס גאַנצע בלוט פֿון לײַב, און וועלכע שמייכלען ביטער איינער צום אַנדערן מיט פֿאַרקרימטע, נאָך פֿון ווייטיק ציטערנדיקע ליפּן: "עס לוינט זיך גאָרניט ווײַטער אַרופֿצוציען די הויזן — "

אונזער אַרטילעריע האָט זיך שוין אינגאַנצן אויסגעשאָסן – זי האָט צו ווייניק מוניציע געהאַט – און האַרמאַטן־ראָרן זײַנען אַזוי אָפּגענוצט, אַז זיי אַרבעטן ניט ריכטיק, און זיי שיסן אין אונז גופֿא. מיר האָבן צו ווייניק פֿערד. אונזערע פֿרישע חילות באַשטייען פֿון בלוט־אָרימע, אָפּגעשוואַכטע אינגלעך, וועלכע קאָנען

אַפֿילו נים טראָגן די שווערע רענצלעך, נאָר איין זאַך קאָנען זיי: שטאַרבן. אין די טויזנטער. זיי פֿאַרשטייען לחלוטין גאָרנישט פֿון מלחמה, זיי גייען נאָר פֿאָרויס און לאָזן זיך אַראָפּשיסן. באַלד, ווי זיי זײַנען אַראָפּ פֿון צוג, האָט איין איינציקער פֿליער אַראָפּגעשאָסן גאַנצע צוויי ראָטעס זייערע, נאָך איידער זיי האָבן זיך געכאַפּט, אַז מען דאַרף זוכן ערגעץ באַדעקונג.

"דײַטשלאַנד מוז שוין באַלד אויסגעליידיקט ווערן", זאָגט קאַט.

מיר האָבן גאָר קיין האָפֿענונג ניט, אַז עס וועט אַמאָל נעמען אַ סוף. בכלל טראַכטן מיר ניט אַזוי ווײַט אַוועק. מען קאָן כאַפּן אַ קויל און פֿאַלן טויט; מען קאָן פֿאַרוווּנדיקט ווערן און דעמאָלט איז דאָס לאַזאַרעט דער נאָענטסטער פּונקט. און ווען מען שנײַדט די פֿוס ניט אַראָפּ אינגאַנצן, פֿאַלט מען פֿריער אָדער שפּעטער אַרײַן צו איינעם פֿון די שטאַב־דאָקטוירים, וועלכע טראָגן אין קנאָפּלאָך אַ קריגס־מעדאַל. "ניין", זאָגט אַזאַ מין דאָקטאָר, "אָט די פֿוס איז אַביסל קירצער, איז קיין חסרון ניט. אויב איר זײַט נאָר אַ דרייסטער יונג, דאַרפֿט איר דאָך דאָרטן קיין פֿיס ניט האָבן, איר וועט דאָך פֿון פֿראָנט ניט לויפֿן. איר טויגט זיך. מאַרש!"

קאַט דערציילט איינע פֿון די מעשׂות, וועלכע גייען אַרים דעם גאַנצן פֿראָנט, פֿון פֿלאַנדערן ביז צו די וואָגעזן — די מעשׂה וועגן דעם שטאַב־דאָקטאָר, וועלכער רופֿט אויס בעתן מושטירן נעמען, און ווען דער אַרויסגערופֿענער שטעלט זיך פֿאַר אים, קוקט ער אים גאָר ניט אָן און זאָגט: "איר טויגט. אַפֿן פֿראָנט דאַרפֿן מיר סאָלדאַטן." פֿאַר אים שטעלט זיך אַוועק איינער מיט אַ הילצערנער פֿוס. דער דאָקטאָר זאָגט, ווי געוויינטלעך: "טויג." – "און דאָ", קאַט הייבט אויף זײַן שטים, "זאָגט יענער צו אים: אַ הילצערנע פֿוס האָב איך שוין; אָבער ווען איכ׳ל איצט גיין אַפֿן פֿראָנט און מען וועט מיר דאָרטן אַראָפּשיסן דעם קאָפּ, וועל איך זיך לאָזן צומאַכן אַ הילצערנעם קאָפּ און ווערן אַ שטאַב־דאָקטאָר.״ — מיר זײַנען אַלע שטאַרק צופֿרידן מיט דעם ענטפֿער.

די טאַנקעס, פֿון וועלכע מען האָט פֿריער הוזק געמאַכט, זײַנען איצט געוואָרן אַ געפֿערלעך כּלי־זין [**klezayen**]. זיי קײַקלען זיך אין לאַנגע געפּאַנצערטע שורות, און זיי פֿאַרקערפּערן אין זיך דאָס גאַנצע גרויל פֿון דער מלחמה.

די האַרמאַטן, וועלכע פֿײַערן אין אונז, זעען מיר בכלל ניט; די אַטאַקירנדיקע ליניעס וײדער, באַשטייען פֿון מענטשן, אַזוי ווי מיר, — אָבער אָט די טאַנקעס זײַנען נאָר מאַשינעס, זייערע קייטן־סטיינגעס קײַקלען זיך אָן אויפֿהער, אַזוי ווי דער קריג אַליין, זיי זײַנען די פֿאַרטיליקונג אַליין, גאָרנישט פֿילנדיק קריכן זיי אַרײַן אין די טרעכטערס, זיי דראַפּען זיך פֿון דאָרטן אַרויס, אָן אָפּהאַלט, אַ פֿלאָט פֿון ברומעדיקע, רויך־שפּײַעדיקע פּאַנצערס, שטאָלענע חיות, וואָס צעקוועטשן טויטע און פֿאַרוווּנדיקטע און ווערן אַליין קיינמאָל ניט פֿאַרוווּנדיקט — פֿאַר זיי קאָרטשן מיר זיך צונויף אין אונזער אויסגעדאַרטער הויט, פֿאַר זייער אויסטערלישן כּח ווערן אונזערע אָרעמס פֿאַרוואַנדלט אין שטרויעלעך און אונזערע האַנט־גראַנאַטן אין שוועבעלעך.

גראַנאַטן, גאַז־קנוילן און טאַנק־פֿלאָטיליעס — צעקוועטשן, אויספֿרעסן, טויט.

דעזינטעריע, גריפּ, טיפֿוס — דערווערגן, פֿאַרברענען, טויט.

אָקאָפּע, לאַזאַרעט, מאַסן־קבֿר — מער טויטן זײַנען דאָך שוין בכלל ניט פֿאַראַן.

231

***

בעת איין אַטאַקע פֿאַלט אונזער לייטענאַנט בערטינק. ער איז געווען איינער פֿון יענע אויסגעצייכנטע פֿראָנט־אָפֿיצירן, וואָס גייען שטענדיק בראָש פֿון זייער ראָטע אין אַלע שווערע סיטואַציעס. צוויי יאָר צײַט איז ער שוין צוזאַמען מיט אונז, פֿאַר דער צײַט איז ער נאָך קיינמאָל ניט געווען פֿאַרוווּנדיקט, עפּעס האָט שוין געמוזט פּאַסירן.

מיר זיצן אין אַ טרעכטער און זײַנען אַרומגערינגלט. צוזאַמען מיט די קנוילן פּולווער דערטראָגט זיך צו אונז דער עיפּוש פֿון אייל און קעראָסין. מיר דערזעען, ווי עס גייען צוויי מאַן מיט אַ פֿלאַם־וואַרפֿער, איינער טראָגט אַפֿן רוקן דעם קאַסטן, דער צווייטער האַלט אין די הענט דעם שפּריץ, פֿון וועלכן דאָס פֿײַער קומט. ווען זיי וועלן שוין דערגיין אַזוי נאָענט, אַז זייער פֿײַער וועט דערגרייכן צו אונז, זײַנען מיר פֿאַרטיק, ווײַל צוריק אָפּטרעטן קאָנען מיר ניט איצט.

מיר נעמען שיסן אין זיי. אָבער זיי קומען דאָך אַלץ נעענטער, און עס האַלט שוין שמאָל. בערטינק ליגט אויך מיט אונז צוזאַמען. ווען ער זעט, אַז מיר טרעפֿן ניט צוליב דעם, ווײַל מיר מוזן זיך צופֿיל אויסבאַהאַלטן אונטער דאָס פֿײַער, כאַפּט ער אַ ביקס, קריכט אַרויס פֿון טרעכטער און נעמט זיך צילעווען. ער שיסט אויס – און אין דערזעלביקער רגע טרעפֿט אים אַ קויל. אָבער ער בלײַבט ליגן און צילעוועט זיך ווײַטער — ער שיסט נאָכאַמאָל אויס; און ווען דער שאָס הילכט אָפּ, לאָזט בערטינק אַרויס דעם ביקס, זאָגט: "גוט", און קײַקלט זיך אַראָפּ פֿון אויסווייניקסטן קאַנט פֿון טרעכטער. איינער פֿון די צוויי מיטן פֿלאַם-וואַרפֿער איז פֿאַרווונדיקט, ער פֿאַלט, דער שפּריץ פֿאַלט אַרויס פֿון דעם אַנדערנס האַנט, דאָס פֿײַער צעשפּריצט זיך אין אַלע זײַטן, און דער זעלנער ווערט פֿאַרברענט.

בערטינק האָט באַקומען אַ שאָס אין האַרצן. אין אַ ווײַלע אַרום רײַסט אים אַ שפּליטער אַראָפּ זײַן מויל־ביין. און דערזעלביקער שפּליטער האָט נאָך כּח צו צעשמעטערן באַ לעערן די היפֿט. לעער קרעכצט און שפּאַרט זיך אָן אָן די הענט, ער לויפֿט אינגאַנצן אָפּ מיט בלוט, קיינער קאָן אים ניט העלפֿן, און אין אַ פּאָר מינוטן אַרום פֿאַלט ער צוזאַמען, ווי אַן אויסגעליידיקטער לאָגל. וואָס נוצט אים דען איצט, וואָס ער איז אין שול געווען אַזאַ גוטער מאַטעמאַטיקער?

***

די הדשים גייען. דער זומער פֿון יאָר 1918 איז דער בלוטיקסטער און דער שווערסטער. די טעג דערהייבן זיך אַזוי ווי גאָלדיק־בלאָע מלאכים, אומדערגרייכבאַר איבערן קרײַז פֿון פֿאַרטיליקונג. יעדער איינער ווייס, אַז מיר וועלן דעם קריג פֿאַרשפּילן. מען רעדט ניט קיין סך וועגן דעם, מיר טרעטן אָפּ צוריק, נאָך אָט דעם גרויסן אָנגריף וועלן מיר שוין מער ניט קאָנען גיין אין אַטאַקעס, מיר האָבן מער ניט קיין מענטשן און ניט קיין מוניציע.

אָבער די שלאַכטן ציען זיך ווײַטער – די הריגהס [haríges] ציען זיך ווײַטער.

זומער 1918 – קיינמאָל נאָך האָבן מיר זיך ניט אַזוי שטאַרק געריסן צום לעבן אין זײַן נעבעכדיק געשטאַלט, ווי איצט; די רויטע מאָן־בלומען אַף די לאָנקעס אַרום אונז, די גלאַטינקע זשוקעלעך אַף די שטרויעלעך, די וואַרימע אָוונטן אין די האַלב־טונקעלע, קילע צימערן, די שוואַרצע, סודותדיקע בוימער אינם בין־השמשות־ליכט, די שטערנס און דאָס פֿליסן פֿונם וואַסער, די חלומות און דער לאַנגער, זיסער שלאָף — אָ, לעבן, לעבן, לעבן!

זומער 1918 — קיינמאָל איז נאָך ניט מער אַריבערגעלעבט געוואָרן, ווי אין דער רגע בעתן אַרויסגיין אַפֿן פֿראָנט. עס זײַנען אופֿגעקומען ווילדע און אומהעצנדיקע קלאַנגען וועגן וואָפֿן־שטיל־שטאַנד און שלום, זיי צעטומלען אינגאַנצן די מחות און מאַכן דעם אַרויסגאַנג נאָך שווערער, ווי שטענדיק!

זומער 1918 – קיינמאָל איז דאָס לעבן אַפֿן פֿראָנט פֿאַר אונז ניט אַזוי ביטער און גרויליק, ווי אין די שעהן פֿון קרייץ־פֿײַער, בעת אונזערע בלייכע פּנימער גראָבן זיך אין דער ערד, און די הענט זײַנען פֿאַרקראַמפּט צו איין איינציקן ווילדן: ניט! ניט! נאָך ניט איצט! נאָך ניט איצט, אין דער לעצטער רגע!

זומער 1918 – דאָס ווינטל פֿון האָפֿענונג, וואָס ווייעט איבער די פֿאַרשׂרפֿעטע פֿעלדער, ווילדער ברען פֿון אומגעדולד, פֿון אַנטוישונג, ווייטיקדיקער ציטער פֿונם טויט, ברענענדיקע שאלה: פֿאַרוואָס? פֿאַרוואָס מאַכט מען נאָך ניט קיין סוף? און פֿאַרוואָס קומען זיי אויף, אָט די קלאַנגען וועגן סוף?

***

דאָ זײַנען פֿאַראַן אַזוי פֿיל פֿליערס, און זיי פֿילן זיך אַלע אַזוי זיכער, אַז זיי מאַכן געיעגן אַף איינצעלנע מענטשן, פּונקט ווי אַף האָזן. אַף איין דײַטשן אַעראָפּלאַן קומט אויס לכל־הפּחות פֿינף ענגלישע און אַמעריקאַנער. אַף איין אויסגעהונגערטן, אויסגעמאַטערטן דײַטשן סאָלדאַט קומט אויס פֿינף געזונטע, פֿרישע זעלנער פֿונם קעגנער. אַף איין דײַטש ברויטל קומט אויס אַף יענער זײַט פֿופֿציק פּושקעס פֿלייש־קאָנסערוון. מען האָט אונז ניט צעשלאָגן, — מיר זײַנען בעסערע און געניטערע זעלנער; מיר זײַנען פּשוט צעקוועטשט און אָוועקגעשטופּט געוואָרן דורך דעם פֿיל גרעסערן כּח.

שוין עטלעכע וואָכן, ווי עס רעגנט – דער הימל איז גראָ, די ערד איז גראָ און צעשוווּמען, דער טויט איז גראָ. ווי נאָר מיר פֿאָרן אַרויס, עסט זיך שוין די נאַסקייט אײַן אין אונז דורך די מאַנטלען און בגדים, — און אַזוי גייט עס אויך די גאַנצע צײַט אַף דער פֿאָדערשטער ליניע. מיר טריקענען זיך גאָר קיינמאָל ניט אויס. ווער עס האָט נאָך שטיוול, וויקלט זיי אַרום מיט זעקלעך זאַמד, כּדי דאָס ליימיקע וואַסער זאָל ניט אַרײַנדרינגען. די ביקסן זשאַווערן, די בגדים ווערן פֿאַרהאַרטעוועט, אַלץ איז דורכגעווייקט, פֿון אַלץ טריפֿט

אַ פֿײַכטע, געדיכטע ערד־מאַסע, אין די געלע זומפּיקע גריבער לויפֿן פֿאַרקרייץ און פֿאַרקווער רויטע בלוט־ריטשקעלעך, און די טויטע און די פֿאַרוווּנדיקטע פֿאַרזינקען אין זיי פּאַמעלעך.
234
איבער אונדז רײַסט דער שטורעם, פֿון דעם געמיש פֿון גראָ און געל רײַסט דער שפּליטער־האָגל אַרויס די שפּיציקע קינדישע יללות [yelóles] פֿון די געטראָפֿענע, און אין די נעכט קרעכצן צעריסענע לעבנס זיך מיט מאַטערנישן אויס זייער וועג צו דער אייביקער שטילקייט.
אונדזערע הענט זײַנען שטיקער ערד, אונדזערע גופֿים זײַנען ליים און אונדזערע אויגן — רעגן־זומפּן. מיר ווייסן שוין גאָרניט, אויב מיר לעבן נאָך.
נאָכדעם פֿאַלט אַרײַן אַ דושנעקייט אין אונדזערע טרעכטערס, אַזוי ווי אַ פֿײַכטע, גליטשיקע שופֿן־חיה, און אין איינעם פֿון אָט די זומער־טעג פֿאַלט אויך קאַט, בעת ער נעמט אָפּ זײַן עסן. מיר זײַנען ביידע אַליין, איך פֿאַרבינד זײַן וווּנד; זײַן קני־ביין איז צעבראָכן. די קויל איז אים אַרײַן אין ביין, און קאַט קרעכצט אין פֿאַרצווייפֿלונג: און גראָד איצט – גראָד איצט האָט דאָס געדאַרפֿט געשען.
איך טרייסט אים. ״ווער ווייס ווי לאַנג עס וועט זיך נאָך ציען אָט דאָס אומגליק: דערווײַל ביסטו געראַטעוועט — ״
די וווּנד לויפֿט אָפּ מיט בלוט. איך קאָן קאַטן ניט לאָזן אַליין, כּדי צו לויפֿן ברענגען אַ טראָג־בעטל. איך ווייס אויך ניט ווו עס געפֿינט זיך אַ נאָענטער סאַניטאַר־פּונקט.
קאַט איז ניט קיין שטאַרק שווערער, דעריבער פּאַק איך אים אַרוף צו זיך אַפֿן רוקן און טראָג אים אַזוי צום פֿאַרבאַנד־פּונקט.
צוויי מאָל רוען מיר זיך אָפּ אין וועג. ער האָט שטאַרקע ווייטיקן. מיר ריידן ניט קיין סך. איך האָב אָפּגעקנעפּלט דעם קאָלנער פֿון מײַן רעקל און כ׳אָטעם העפֿטיק, איך שוויץ, און מײַן פּנים איז אויפֿגעשוואָלן פֿון אָנשטריינגונג. פֿונדעסטוועגן שטיי איך צו, מיר זאָלן ווײַטער גיין, ווײַל דער אָרט איז אַ געפֿערלעכער.
״גייען מיר ווײַטער קאַט?״
״מען מוז דאָך, פּויל.״
״נו, גייען מיר.״
235
איך הייב אים אוף, ער שטייט אַף זײַן געזונטער פֿוס און שפּאַרט זיך אָן אָן אַ בוים, נאָכדעם נעם איך אָן פֿאָרזיכטיק די פֿאַרוווּנדיקטע פֿוס, ער טוט זיך אַ רוק, און איך כאַפּ אַרום אויך דאָס קני פֿון געזונטן פֿוס.
אונדזער וועג ווערט אַלץ שווערער. אַנדערעמאָל הערט זיך נאָר נאָענט דער פֿײַף פֿון אַ גראַנאַט. איך שטעל טריט גיך, ווי איך קאָן נאָר, ווײַל דאָס בלוט פֿון קאַטס וווּנד טריפֿט שוין אַראָפּ אַף דער ערד.
כּדי אַריבערצוּוואַרטן די שיסערײַ, וועלכע ווערט אַלץ שטאַרקער, לייגן מיר זיך אין אַ קליינעם טרעכטער. איך גיב קאַטן צו טרינקען טיי פֿון מײַן זעלנער־פֿלאַש. מיר רויכערן ביידע איין סיגאַרעט. ״זעסטו קאַט,״ זאָג איך אומעטיק, ״איצט וועלן מיר דאָך צעשיידט ווערן.״
ער קוקט מיך שווײַגעדיק אָן.
״געדיינקסט נאָך, קאַט, ווי מיר האָבן רעקווירירט די גאַנדזן און ווי דו האָסט מיך אַרויסגעטראָגן פֿון פֿײַער, בעת איך בין נאָך געווען אַ יונג רעקרוטל און כ׳בין צום ערשטן מאָל פֿאַרוווּנדיקט געוואָרן? דעמאָלט האָב איך נאָך געוויינט, קאַט, דאָס איז שוין געווען מיט דרײַ יאָר צוריק.״
ער שאָקלט צו מיטן קאָפּ.
עס קומט אין מיר אוף אַ פּחד צו בלײַבן אַליין. ווען קאַט וועט אָפּגעשיקט ווערן, האָב איך דאָ שוין מער קיין איין פֿרײַנט ניט.
״קאַט, מיר מוזן זיך דאָך בכל־אופֿן זען, אויב אַפֿילו ס׳וועט ווערן שלום איידער דו וועסט נאָך קומען אַהער צוריק.״
״מיינסטו, אַז איכ׳ל מיט מײַן אַראָפּגעשאָסענעם פֿוס נאָך ווײַטער קומען אַהער?״ פֿרעגט ער ביטער.
״דו וועסט געזונט ווערן. דאָס געליינק איז דאָך גאַנץ.״
״גיב מיר נאָך אַ סיגאַרעט,״ זאָגט ער.
״אפֿשר וועלן מיר שפּעטער זיך קאָנען צוזאַמען נעמען צו עפּעס, קאַט.״ — איך בין זייער אומעטיק, עס איז פּשוט אוממעגלעך, אַז קאַט, – קאַט, מײַן פֿרײַנט, קאַט מיט די משופּעדיקע פּלייצעס און מיט די

שיטערע, ווײַסע וואָנסן, קאַט, ווען איך קען נאָר אַף אַן אַנדער אופֿן, ווי ווען ניט איז אַנדערן אַף דער גאָרער וועלט, קאַט, מיט וועמען איך האָב פֿאַרבראַכט די אַלע יאָרן — עס איז אוממעגלעך, אַז איך זאָל קאַטן מער שוין ניט זען.

„גיב מיר דײַן אַדרעס פֿונדערהיים, וואָס עס זאָל ניט געשען. און אָט פֿאַרשרײַב איך דיר מײַן אַדרעס".

דעם צעטל לייג איך אַרײַן אין מײַן בוזים־קעשענע. ווי פֿאַרלאָזן איך בין שוין איצט, כאָטש ער זיצט נאָך בײַ מיר. זאָל איך זיך ניט אַמאָל אויך אַרײַנשיסן אין פּוס, כּדי צו קאָנען בלײַבן צוזאַמען מיט אים?

קאַט הויבט מיטאַמאָל אָן צו כאָרכלען, און ער ווערט גרין און געל. „לאָמיר גיין ווײַטער," שטאַמלט ער אַרויס.

איך שפּרינג אויף, מיטן ברענענדיקן פֿאַרלאַנג אים צו העלפֿן, איך כאַפּ אים אַרויף און נעם מיט אים לויפֿן, אָבער פֿאָרזיכטיק לויפֿן, כּדי זײַן פּוס זאָל זיך צופֿיל ניט טרייסלען.

ווען איך קום שוין, צום סוף, זיך שטרויכלענדיק און פֿאַרביסן, אין סאַניטאַר־פּונקט, איז מיר אין האַלז אויסגעטריקנט. פֿאַר די אויגן טאַנצן רויטע און שוואַרצע פֿליאַמעס.

באַם אַרײַנגיין טו איך אַ פֿאַל אַף די קניען, אָבער איך האָב נאָך אַזוי פֿיל כּח אין זיך, צו פֿאַלן צו דער זײַט, ווו קאַטס געזונטע פּוס איז. אין עטלעכע מינוטן אַרום הייב איך זיך פּאַמעלעך ווידער אויף. מײַנע הענט און פּיס ציטערן אומרחמנותדיק, איך מאַטער זיך שטאַרק, בעת איך וויל געפֿינען די פֿלאַש מײַנע, כּדי אַ זופּ צו טאָן. דערבײַ ציטערן מיר די ליפּן. אָבער איך שמייכל — קאַט איז אַף אַן אָרט.

אין אַ ווײַלע אַרום דערטראָגט זיך אַ טומלדיקע כוואַליע רייד, און עסט זיך מיר אײַן אין געהער.

„די אַרבעט האָסטו זיך געוויס געקאָנט פֿאַרשפּאָרן," זאָגט אַ סאַניטאַר.

איך פֿאַרשטיי ניט, וואָס ער מיינט.

ער ווײַזט אַף קאַטן. „ער איז דאָך טויט."

237

איך פֿאַרשטיי אים אַלץ ניט. „ער האָט אַ דורכגעשאָסענעם קני־ביין." זאָג איך.

דער סאַניטאַר קוקט זיך אײַן. „יאָ, דאָס אויך— "

איך קער זיך אום. מײַנע אויגן זײַנען אַלץ פֿאַרנעפּלט, דער שווייס איז מיר אופֿגעקומען פֿונדאָסנײַ, זײַנע טראָפּנס לויפֿן מיר איבער די וויעס. איך וויש דעם שווייס און טו אַ קוק אַף קאַטן. „געחלשט" זאָג איך אַף גיך.

דער סאַניטאַר טוט אַ שטילן פֿײַף: „איך ווייס עס בעסער. ער איז טויט. מיר קאָנען גיין אין געוועט."

איך שאָקל מיטן קאָפּ: „אויסגעשלאָסן! מיט צען מינוטן צוריק האָב איך מיט אים גערעדט. ער איז נאָר געחלשט."

קאַטס הענט זײַנען וואַרים, איך כאַפּ אים אָן באַ די פּלייצעס, כּדי אים אָפּצורײַבן מיט טיי. איך דערפֿיל, ווי מײַנע פֿינגער ווערן נאַס. ווען איך נעם זיי אַוועק פֿון זײַן קאָפּ, זײַנען זיי בלוטיק. דער סאַניטאַר פֿײַפֿט פֿון צווישן די ציין:

„זעסט— "

איך האָב דאָס גאָרניט געמערקט, ווי אַפֿן וועג האָט קאַט באַקומען אין קאָפּ אַ שפּליטער. דאָרטן איז נאָר אַ קליין לעכעלע, מסתּמא איז דאָס געווען אַ פּיטשינקער, פֿאַרבלאָנדזשעטער שפּליטער. אָבער ס'איז גענוג געווען.

קאַט איז טויט.

איך הייב זיך לאַנגזאַם אויף.

„ווילסטו מיטנעמען זײַן זעלנער־ביכל און זײַנע זאַכן?" פֿרעגט מיך דער יעפֿרייטער.

איך שאָקל מיטן קאָפּ, און ער גיט דאָס מיר אָפּ.

דער סאַניטאַר איז פֿאַרחידושט. „איר זײַט דאָך ניט קיין קרובֿים?"

ניין, מיר זײַנען ניט קיין קרובֿים. ניין, מיר זײַנען ניט קיין קרובֿים.

גיי איך דען? האָב איך נאָך טאַקע פּיס? איך הייב אויף די אויגן, איך קוק זיך מיט זיי אַרום, איך דריי זיך מיט מײַנע פּיס אין אַ קרײַז, אין אַ קרײַז, ביז איך בלײַב שטיין. אַלץ איז, ווי געווען, נאָר דער זעלנער סטאַניסלאַוו קאַטשינסקי איז געשטאָרבן.

נאָכדעם ווייס איך שוין מער גאָרנישט.

.12

ס'איז האַרבסט. פֿון די אַלטע זעלנער זײַנען שוין ניט פֿיל געבליבן. איך בין דאָ דער לעצטער פֿון די זיבן מאַן פֿון אונזער קלאַס.

יעטווידער רעדט וועגן פֿרידן און וואָפֿן־שטילשטאַנד. אַלע וואַרטן. ווען ס'וועט זיך ווײַטער גאָרנישט אויסלאָזן, וועלן זיי שוין מער ניט אויסהאַלטן, די האָפֿענונגען זײַנען צו גרויס, זיי לאָזן זיך שוין מער ניט אָפּפּטרן, ניט אופֿרײַסנדיק. ווען ס'וועט קיין שלום ניט זײַן, וועט זײַן אַ רעוואָליוציע.

איך האָב באַקומען פֿערצן טעג אָפּרו, ווײַל איך האָב אַרײַנגעזופּט אַביסל גאַז. איך זיץ גאַנצע טעג אין זון אין אַ קליין גערטעלע. באַלד קומט דער וואָפֿן־שטילשטאַנד, איצט גלויב איך שוין אויך. דעמאָלט וועלן מיר פֿאָרן אַהיים.

דאָ שטעלן זיך מײַנע געדאַנקען אָפּ און איך קאָן זיי ווײַטער ניט דערפֿירן. געפֿילן באַמעכטיקן מיך מיט אַ גוואַלטיקן כּח. דאָס זײַנען געפֿילן פֿון לעבנסלוסט, דאָס איז דאָס היים־געפֿיל, דאָס איז דאָס בלוט, דאָס איז די שיכּרות פֿון ראַטעוועון זיך, אָבער קיין צילן זײַנען דאָס ניט.

וואָלטן מיר געקומען אַהיים אין 1916, וואָלטן מיר אין אַ ווילדן שטורעם פֿאַרוואַנדלט דעם ווייטיק און די קראַפֿט פֿון אונזערע איבערלעבענישן. אַז מיר קערן זיך אָבער איצט אום, זײַנען מיר מיד, צעקראָכן, אויסגעשׂרפֿט, אָן וואָרצלען און אָן האָפֿענונגען. מיר וועלן שוין ניט קאָנען געפֿינען דעם ריכטיקן אָרט.

אָבער אפֿשר איז אָט דאָס אַלץ, וואָס איך טראַכט איצט, נאָר אַן אומעט, וואָס וועט פֿאַרבײַגיין, ווי נאָר איך וועל ווײַטער שטיין אונטער די טאָפּאָליעס און איך וועל זיך צוהערן צום רוישן פֿון זייערע בלעטער. עס קאָן דאָך ניט זײַן, אַז דאָס זאָל אינגאַנצן פֿאַרשווונדן זײַן, די טויזנטער פּנימער פֿון דער צוקונפֿט, די מעלאָדיע פֿון חלומות און ביכער, דאָס געררויש און דאָס פֿאָרגעפֿיל פֿון דער פֿרוי, עס קאָן ניט זײַן, אַז דאָס אַלץ זאָל אונטערגעגאַנגען זײַן אינם קרייץ־פֿײַער, פֿאַרצווייפֿלונג און זעלנערשע בתּי־זונות.

איך הייב זיך אויף.

איך בין זייער רויִק. די חדשים און יאָרן מעגן זיך קומען, זיי וועלן שוין פֿון מיר מער קיין זאַך ניט אָפּנעמען, זיי קאָנען שוין מיר גאָרנישט אָפּנעמען, איך בין אַזוי איינזאַם און איך וואַרט שוין מער אַף גאָרנישט, אַז איך קאָן זיי גראָד קוקן אַנטקעגן אָן פּחד. דאָס לעבן, וואָס האָט מיך דורכגעטראָגן דורך די אַלע יאָרן, שלאָגט נאָך אין מײַנע הענט און קוקט נאָך פֿון מײַנע אויגן אַרויס. אויב איך האָב דאָס באַוועלטיקט, ווייס איך ניט. אָבער כּל־זמן עס איז דאָ, וועט עס זיך זוכן זײַן אייגענעם וועג, ניט געקוקט אַף דעם, אויב דער ״איך״ אין מיר וועט דאָס וועלן, אָדער ניט.

***

געפֿאַלן איז ער אין אָקטאָבער 1918 אין אַ טאָג, ווען אַפֿן גאַנצן פֿראָנט איז געווען שוין רויִק און שטיל, און דער מלחמה־באַריכט האָט זיך געמעגט פֿאַרגינען צו באַגרענעצן מיט דער מעלדונג, אַז אַפֿן מערבֿ־פֿראָנט איז ניטאָ קיין נײַס.

ער איז געלעגן מיטן פּנים אַראָפּ און ס'האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט זיך האָבן צוגעלייגט שלאָפֿן. ווען מען האָט אים איבערגעלייגט, האָט מען געזען אַז ער האָט זיך לאַנג ניט געקאָנט מאַטערן — דער אויסדרוק פֿון זײַן פּנים איז געווען אַנטשלאָסן, און ס'האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט כּמעט צופֿרידן זײַן דערמיט, אַז ס'איז דווקא געשען אַזוי, און ניט אַנדערש.

240